# JUBILEE BOOK OF BRANCH 611
# WORKMENS CIRCLE



Published by
BRANCH 611 WORKMENS CIRCLE
New York

Printed by
GRENICH PRINTING CORPORATION
151 West 25th Street
New York, N. Y.



# אינהאַלט:

זייט

# יובל־בוך

פון

ברענטש 611 א.ר.

אַרויסגעגעבן פֿון ברענטש 611 אַרבעטער־רינג

ניו־יאָרק — 1951

## רעדאַקציאָנס־קאָלעגיום פון 25־יאָריקן יובל־בוך פון ברענטש 611 אַרב.־רינג

| | | |
|---|---|---|
| שלום הערץ | בנימין טייטעלבוים | דזשעק קעי |
| ברוך שעפנער | לאַזאַר קלינג | משה שיינבערג |
| שמואל ווייס | הענעך געלערנט | מאיר דוד אַלטער |

---

## די באַאַמטע פון ברענטש אין יאָר 1951

| | |
|---|---|
| **מ. ד. אַלטער,**<br>פינאַנס־סעקרעטאַר | **דזש. ווייס,**<br>האָספיטאַלער |
| **לאַזאַר קלינג,**<br>פאָרזיצער | **לואי סימען,**<br>קאַסירער |
| **איזידאָר סטיין,**<br>פראָטאָקאָל סעקרעטאַר | **לעווין שוואַרץ,**<br>לאָאָן־פאָנד סעקרעטאַר |

עקזעקוטיוו־קאָמיטעט

**ה. געלערנט, ס. קעפקע, מ. פאָזנער, מ. ראָזענטאַל, מ. שיינבערג.**

---

## די באַאַמטע פון ברענטש אין משך פון די 25 יאָר

**פינאַנץ־סעקרעטאַרן:**

מאָריס קויאַווסקי, לואי סימען, מאיר דוד אַלטער.

**פראָטאָקאָל־סעקרעטאַרן**

מאַקס קוירש, א. בערלאַנד, י. גאָלדמאַן, לואי סימען, י. גרינפאַס, יעקב דזשעראָמסאָן, לעווין שוואַרץ, מאַקס ראָזענטאַל, זלמן פודלאָווסקי, הענעך געלערנט, איזידאָר סטיין.

**האָספיטאַלערס**

טשאַרלס שולמאַן, סעם קעפקע, נייטען קוירש, יעקב דזשעראָמסאָן, דזש. ווייס און אב. קליין.

**ק אַ ס י ר ע ר ס**

אָשר אַלטער, סעמועל שניידער, מאַקס ראָזענטאַל, לואי סימען.

**לייַ־קאַסע סעקרעטאַר**

לעווין שוואַרץ.



סעם יאַנאָוויץ

גרינדער פון בראַנטש



מאָריס קעי (קויאַווסקי)

גרינדער פון בראַנטש און ערשטער סעקרעטאַר



די גרינדער פון בראַנטש 611 אַרבעטער־רינג.

(ערשטע רייע פון רעכטס צו לינקס): איזידאָר סטיין, מאָריס יאַנאָוויץ, סאַמועל קאַופמאַן, דזשעק קעי (קויאַווסקי) און אברהם קליין.

(צווייטע רייע): סעם קאַפקאַ, עליאַש אַש, דזשעק אַש, סאָלאָמאָן אַש און דזשאָרדזש אַש.



מיטגלידער פון ברענטש 611 אַרבעטער־רינג, פאַרזאַמלט ביי אַן אונטערנעמונג לטובת דעם יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט.

# הקדמה

דאָס דאָזיקע בוך וואָס דערשיינט צום פינף און צוואַנציק יעריקן יובל פון ברענטש 611, אַרבעטער רינג, האָט פאַר זיך אַ טאָפּלטן ציל: אונטערציען אַ סך־הכל פון דער טעטיקייט פון ברענטש פאַר די לעצטע פינף און צוואַנציק יאָר און פאַראייביקן כּאָטשבֿי אין אַ בוך דאָס בלי־ענדע, פולסירנדיק יידיש געזעלשאַפטלעך לעבן פון די שטעט קרושנעוויץ, און וולאָצלאַוועק, וועלכע די היטלער־בעסטיעס האָבן פאַרניכטעט און אַלע יידן פון די דאָזיקע שטעט אומגעבראַכט.

די גרעסטע מערהייט מיטגלידער פון ברענטש 611 אַרבעטער־רינג, זיינען שוין מער ווי אַ פערטל יאָרהונדערט אין אַמעריקע, אָבער אין דער קלענערער ערשטער העלפט פון זייער לעבן, זייער קינדהייט, זייער ערשטע באַוואוסטזיניקע יאָרן, זייער רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט איז געווען אין דער אַלטער היים. אַזעלכע זאַכן קאָנען נישט אויסגעמעקט ווערן, ווי־פיל מען זאָל נישט זיין פאַרוואָרצלט אין דעם לעבן פון אַ נייער ערד.

עס זיינען דאָ אין אַמעריקע סאָציאַליסטן־אימיגראַנטן, וואָס האָבן זיך איינגעלעבט אינגאַנצן מיטן לעבן פון דער נייער ערד אין וועלכע זיי זיינען אַריבערגעפּלאַנצט געוואָרן. זיי האָבן אָנגעוואוירן יעדן דירעקטן קאָנטאַקט מיט דער אַמאָליקער היים, פון וועלכע דאָס לעבן האָט זיי אויס־געוואָרצלט, אָבער די מיטגלידער פון ברענטש 611, געהערן נישט צו אָט דער קאַטעגאָריע, און הגם אַ גרויסע צאָל מיטגלידער פון ברענטש זיינען טעטיק אין דער אַמעריקאַנער יידישער אַרבעטער באַוועגונג, אין די היגע יידישע קולטור־אינסטיטוציעס. דאָך האָבן זיי אָנגעהאַלטן אַ שטענדיקן קאָנטאַקט מיט דער אַלטער היים, וואו זיי האָבן פאַרבראַכט זייער יוגנט און האָבן גענומען אַזאַ גרויסן אָנטייל אין דעם דאָרטיקן

יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן בכלל, און אין דער יידישער אַרבעטער באַוועגונג בפרט.

מיר האָבן געפונען פאַר נויטיק, אַז אין דעם דאָזיקן בוך זאָל אויך אַרומגערעדט ווערן וועגן דעם יידישן אַרבעטער־לעבן אינם היגן לאַנד.

:: :: ::

אין די לעצטע פינף און צוואַנציק יאָר האָבן זיך דורכגעטראָגן איבער אונז די בלוטיקסטע אין דער געשיכטע שטורעמס; עס זיינען אונטערגעגאַנגען וועלטן; עס איז פאַרניכטעט געוואָרן דער שעפערישסטער טייל פון יידישן פאָלק — דאָס פוילישע יידנטום. אויב אין אַזעלכע קאַטאַסטראָפעס און אָפגרונטן און די שוידערלעכסטע איבערלעבונגען און פיינונגען, וואָס די יידן האָבן דורכגעמאַכט אין די געטאָס, האָבן זיך געפונען יידישע סאָציאַליסטן, בונדיסטן, וואָס האָבן מיט גרויס מסירות נפש גע־פירט אַ געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט צווישן די יידן אין די געטאָס, ווי עס דערציילן די מיט ניסים אַרויסגעראַטעוועטע, באַווייזט דאָס נאָך קלאָרער וואָס פאַר אַ פאַרבנרייכע און נאָבעלע געשטאַלטן וואָס אונזער אַלטע היים האָט אַרויסגעגעבן.

זאָל דאָס דאָזיקע בוך זיין אַ מאָנומענט פאַר די אומגעקומענע יידן אין די שטעט פון קרושנעוויץ, וולאָצלאַוועק און ליפּנאָ.

מיר האַלטן פאַר אַ חוב אַ אויסצודרוקן דאָ אונזער וואַרעמען דאַנק צו אַלע שרייבער, און צו דער גרופּע אַקטיווע מיטגלידער פון ברענטש וועלכע האָבן אַזוי פיל מי און צייט אַוועקגעגעבן אַז דאָס בוך זאָל קאָנען דערשיינען.

רעדאַקציע

מ. ד. אַלטער

# פינף און צוואַנציק יאָר

## דער אָנהויב

מיט אַ פערטל יאָרהונדערט צוריק האָבן אַ גרופּע יינגע לייט, מיטגלידער פון אַ „קרושנעוויצער סאָסייעטי", איינגעזעצן, אַז כדי זיך אויסלעבן געזעלשאַפטלעך, קולטורעל און גייסטיק — איז אַזאַ מין „סאָ־סייעטי" ווייט נישט צוגעפּאַסט פאַר זיי. האָבן זיי דעריבער באַשלאָסן אַרויסצוטרעטן פון דער „סאָסייעטי" און גרינדן אַן אַרבעטער־רינג־ברענטש; און אַזוי ווי אַלע זיינען זיי געווען קרושנעוויצער לאַנדסלייט, איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז דער ברענטש זאָל טראָגן דעם נאָמען „קרוש־נעוויצער פּראָגרעסיווער ברענטש 611 אַרבעטער־רינג".

ווי געוויינטלעך איז דער אָנהויב געווען אַ שווערער, די צאָל מיטגלי־דער קליין. און הויפּטזעכלעך מיט ווייניק דערפאַרונג אין אַמעריקאַנער יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן. אָבער דער ענטוזיאַזם פון יינגע מענטשן האָט בייגעקומען אַלע שטערונגען, און איצט נאָך 25 יאָר, הגם דער ברענטש ציילט נישט מער ווי קרוב הונדערט מיטגלידער, האָט ער אָבער הינטער זיך אַ וואונדערבאַרע געשיכטע פון געזעלשאַפטלעכער, קולטו־רעלער און פּאָליטישער אַרבעט, — פון אַ גרויסער הילפס־טעטיקייט סיי פאַר יחידים, סיי פאַר פאַרשיידענע פּאָליטישע קולטורעלע און הילפס־אָרגאַניזאַציעס.

דער ערשטער פינאַנס־סעקרעטאַר פון ברענטש מאָריס קויאַווסקי, צוזאַמען מיט די באַאַמטע און עקזעקוטיוו־מיטגלידער, האָבן מיט גרויס ליבשאַפט און איבערגעגעבנקייט, געפירט די אַרבעט פון ברענטש, דורכ־געפירט דיסקוסיעס, לעקציעס און פאַרוויילונגס־אָוונטן.

דער ברענטש האָט אָבער געוואָלט זיך מער אויסברייטערן. איז באַשטימט געוואָרן, אַז דער קרושנעוויץ־„פּאַטריאָטיזם" זאָל פאַרבויגן

ווערן, און ס׳זאָלן אַריינגענומען ווערן מיטגלידער פון פאַרשיידענע אַנדערע שטעט פון פוילן, וואָס געפינען זיך אין אַמעריקע. נאָך די קרושנעוויצער האָבן אָנגעהויבן אַריינצוקומען אויך וולאָצלאַוועקער און — אין קלענערע צאָלן — פון פאַרשיידענע אַנדערע שטעט. דעריבער איז שוין געשטאַנען די פראַגע צו ענדערן דעם נאָמען פון ברענטש. דאָס איז נישט אַזוי לייכט אָנגעקומען: „פאַטריאָטיזם״ און „טראַדיציע״ האָבן אַ סך געווירקט, ביז ערשט אין יאָר 1930 איז באַשלאָסן געוואָרן דער נאָמען פון ברענטש זאָל זיין — „ברענטש 611 אַרבעטער־רינג״.

סוף יאָר 1927 איז געוויילט געוואָרן אַ נייער פינאַנץ־סעקרעטאַר מ. ד. אַלטער. פּאָליטיש האָט דער ברענטש פּאַקטיש געהאַט אַן אַזוי גערופענע „לינקע״ ליניע. די צייט איז געווען אַן אַנדערע; מ׳איז זייער נישט געווען צופרידן מיט דער אַזוי גערופענער „רעכטער״ באַוועגונג; די קאָמוניסטן האָבן נאָך אין יענע יאָרן נישט אַזוי אָפן אַרויסגעוויזן זייער דיקטאַטאָרישן כאַראַקטער — די לינקע סאָציאַליסטישע באַוועגונג איז נאָך אַ קליין ביסל טאָלערירט געוואָרן. האָבן דעריבער אַזעלכע ברענ־טשעס ווי אונזערער, וואו אַ גרויסע צאָל מיטגלידער זיינען נאָך געווען פאַרבונדן מיטן „בונד״ אין פוילן און געהערט צום בונדישן קלוב אין ניו־יאָרק — איז געווען זייער לינק געשטימט. אָבער דאָס „לינקייט״ האָט קיינמאָל נישט געטאָרט גיין קעגן „בונד״; יעטווידער ווענדונג פון „בונד״, סיי פון פוילן, סיי פון ניו־יאָרק, איז כסדר אונטערשטיצט און אָנגענומען געוואָרן.

## רעכטס און לינקס

די „לינקע״ ליניע האָט אַזוי אָנגעהאַלטן ביזן יאָר 1928. אין מיטן מאַי 1928 איז ביי אַ מיטינג פון ברענטש געלייענט געוואָרן אַ בריוו פון אַ גרופּע ברענטשעס, וואָס האָבן געפאָדערט, אַז דער ברענטש זאָל שיקן אַ דעלעגאַט צו אַ קאָנפערענץ וועגן שיקן אַ דעלעגאַציע קיין סאָוועט־רוסלאַנד.

ס׳האָבן שוין אָנגעהויבן צו ווערן מער שטורמישע מיטינגען, די

„לינקע״ האָבן דורכאויס זיך באַמיט אַז דער ברענטש זאָל שיקן אַ דע־לעגאַט; אָבער — כלומרשט צוליב פינאַנציעלע טעמים (ווייל יעדער ברענטש האָט זיך געדאַרפט באַטייליקן אויף אויסצוהאַלטן די דעלעגאַציע) איז באַשטימט געוואָרן — נישט צו באַטייליקן זיך אין דער קאָנפערענץ.

די הויפּט־סיבה וואָס האָט געבראַכט די ענדערונג פון אידייאישן כאַראַקטער פון ברענטש, איז פאָרגעקומען אין נאָוו. 1929. דעמאָלט איז גע־ווען די ליניע פון די „לינקע״ ברענטשעס—שפּאַלטן דעם אַרבעטער־רינג; און זיי האָבן אויפגעפּאָדערט די „לינקע״ עלעמענטן און די סימפּאַטיקערס צו פאַרלאָזן דעם אַרבעטער־רינג. ס׳איז פאָרגעקומען אַ שטורמישער ברענטש־מיטינג און ס׳איז אָנגענומען געוואָרן פאָלגנדע רעזאָלוציע:

„מיר וואַרפן אָפּ די ווענדונג פון די „לינקע״ צו פאַרלאָזן דעם אַרבעטער־רינג. כאָטש מיר זיינען נישט אויף אַלע הונדערט פּראָצענט מסכים מיט די פירונגען פון אַרבעטער־רינג, — האָבן מיר אָבער די רעכט ווי אַ דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציע צו קריטיקירן, פריי אַגיטירן, און אַרויסזאָגן מיינונגען פאַר אונזערע פּרינציפּן און אידעאַלן. בכלל, זיינען די „לינקע״ נישט געגוג פעאיק צו פאַרוואַלטן מיט געזעלשאַפטלעכע אָרגאַ־ניזאַציעס; זיי זיינען אויסן נאָר זייערע פּאַרטייאישע אינטערעסן.

מיר וועלן דעריבער נישט לאָזן זיך קאָנטראָלירן פון די קאָמוניסטן. אָדער פון זייער „דריטן אינטערנאַציאָנאַל״, מיר וועלן נישט אַרויס פון אַרבעטער־רינג, ווייל דאָ, איז דער פּלאַץ פאַר אַלע ריכטונגען און שאַ־טירונגען״.

באַלד נאָך דעם מיטינג איז נאָר אַ קליינע גרופּע קאָמוניסטיש־גע־שטימטע מיטגלידער אַרויס פון ברענטש. בכלל האָט אונזער ברענטש זייער ווייניק געליטן פון דער שפּאַלטונג וואָס איז פאָרגעקומען אין אַרבעטער־רינג.

## קולטור־אַרבעט. — הילף פאַר אייראָפּע און הילף אין לאַנד

וועגן דער קולטור־אַרבעט, וואָס דער ברענטש האָט פאַר דער גאַנצער צייט געפירט, זאָגן עדות די נעמען פון די לעקטאָרן, וואָס דער ברענטש

האָט איינגעלאַדן. דאָס זיינען געווען: קלמן מרמר, אָלגין, גינא מעדעם, א. ליטוואַק, קאַנטאַראָוויטש, י. פאַט, זיבערט, וויקטאָר אַלטער, שלמה מענדעלסאָן, דינה מיכאַלעוויטש, בערנאַרד גאָלדשטיין, ב. אייסוראָוויטש, ב. טייטעלבוים, לאַזאַר עפּשטיין, עמנואל נאָוואָגרודסקי, אַרטור זיגעלבוים, שלום הערץ, ברוך שעפנער, שמואל ווייס, הערשל הימעלפאַרב און אַנדערע.

וועגן הילף פאַר אייראָפּע. מיר האָבן מיט גרעסערע סומען געשטיצט די „פאָלקס־ציישונג״, די „יידיש־וועלטלעכע שולן״, דאָס אויפבויען אַ הויז אין קרושנעוויץ אויפן נאָמען פון פאַרשטאָרבענעם בונדישן פירער וולאַדימיר מעדעם, די וולאָצלאַווקער יידיש־וועלטלעכע שולן.

ווען ס׳איז פאָרגעקומען דער קאַמף אין עסטרייך און אין שפּאַניע, האָט זיך דער ברענטש אויך באַטייליקט מיט גרעסערע סומען פאַר הילף. די ערשטע צייט ווען דער ברענטש איז געווען „לינק״ געשטימט, האָט ער געשטיצט די „פרייהייט״, „איקאָר״, „יוניטי קאָמיטע״, „דזשוינט עקשאָן קאָמיטע״ פון די קלאָוקמאַכער. געהאָלפן אין די פאַרביטערטע סטרייקס, וואָס זיינען פאָרגעקומען דאָ אין לאַנד — פון פּאַסייק, גאַסטאָניאַ, שיף סטרייקער, טעקסטיל סטרייקס; פאַר סטרייקנדע מיינערס האָבן מיר זיך באַשטייערט מיט 50 סענט אַ קוואַרטאַל.

ס׳מוז דערמאָנט ווערן, אַז טאַקע דערפאַר ווייל מיר האָבן זיך אָפּגערופן אויף אַלע ווענדונגען, האָט דער ברענטש אַלע מאָל געאַרבעט מיט דעפיציטן; ערשט אין יאָר 1933 האָבן מיר זיך אַרומגעזען, אַז כדי צו קענען ווייטער אָנגיין מיט אונזער הילפס־אַרבעט מוז מען קודם זען, אַז דער ברענטש זאָל שאַפן אַ ספּעציעלן פאָנד פאַר די פאַרשיידענע שטיצעס; געשאַפן אַזאַ פאָנד האָבן מיר געקענט ווייטער אָנגיין מיט אונזער הילף. קיין ווענדונג פון אַן אַרבעטער־רינג־שול ווערט נישט אָפּגעזאָגט, אַזוי אויך פון פאַרשיידענע אַרבעטער־רינג ברענטשעס, און אויך קולטורעלע און הילפס־אָרגאַניזאַציעס. וועגן דער אַרבעט פון די ערשטע יאָרן פון ברענטש איז כדאַי צו דערמאָנען די „וועטשערינקעס״, וואָס זיינען דורכגעפירט געוואָרן מיט דער אַקטיווער באַטייליקונג פון די 4 ברידער אַש. זיי האָבן אויסגעפירט כמעט דעם גאַנצן פּראָגראַם פון אַן

אָונט און געוויילט דעם עולם ; מוזיקאַלישע און ליטעראַרישע אָוונטן דורכ־געפירט פון די מיטגלידער אַליין. מיר האָבן גענומען אַ ספּעציעלע טעאַטער־פאָרשטעלונג און דעם פּראָפיט אָפּגעגעבן פאַר דער גרינדונג פון אַ יידישער ביבליאָטעק אין קרושנעוויץ, און אויף העלפן דעם דאָר־טיקן באַקליידונגס־פאַראיין אָנצוגיין מיט זיין אַרבעט. און מיט דער הילף פון ברענטש איז דער דאָרטיקער גרופּע בונדיסטן (זיי האָבן אונז געשריבן, אַז מען וויל זיי נישט פאַרדינגען קיין זאַל אויף אָפּצוהאַלטן אַ מיטינג, ווי בונדיסטן ווערן זיי פאַרפאָלגט פון די פינצטערע יידישע עלעמענטן) געגעבן געוואָרן די מעגלעכקייט אויפצובויען דאָס „מעדעם הויז", וואָס איז געווען אַ צירונג פאַר דער שטאָט און די גאַנצע פּאָ־ליטישע, קולטורעלע און געזעלשאַפטלעכע אַרבעט איז דאָרט קאָנצענטרירט געוואָרן. ווען נאָר די יידישע אַרבעטער סיי פון קרושנעוויץ, סיי פון וולאָצלאַוועק האָבן זיך גענויטיקט אין פינאַנציעלע הילף איז דער אַדרעס געווען — דער סעקרעטאַר פון ברענטש 611 אַרבעטער־רינג. און אַלעמאָל האָבן מיר מיט אַ ברייטער האַנט געענטפערט.

ליידער האָבן די היטלערישע רוצחים אומגעבראַכט כמעט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג צוזאַמען מיט די אויסגעבויטע אינסטיטוציעס. אָבער די הילף, וואָס דער ברענטש האָט זיי געגעבן אין יענער צייט איז געטאָן געוואָרן מיט גרויס ליבע ; מיר זיינען געווען דורכגענומען מיט דער גרויסער אַרבעט, וואָס אונזערע טייערע חברים האָבן דאָרט געפירט.

אין אָקטאָבער 1928 ווען ס'איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז דער חבר ביניש מיכאַלעוויטש איז געשטאָרבן, איז גערופן געוואָרן אַ ספּעציעלער טרויער־מיטינג, וואו ס'איז געגעבן געוואָרן אַן אָפּשאַצונג וועגן פאַר־שטאָרבענעם בונדישן פירער און דעם גרויסן פאַרלוסט פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין פּוילן צוליב זיין טויט. ס'איז אָפּגעשיקט געוואָרן אַ מיט־געפיל־רעזאָלוציע צו דער „פאָלקס־צייטונג".

אין יאָר 1929, איידער די קאָמוניסטן האָבן פאַרלאָזן דעם אַרבעטער־רינג, איז ביים ברענטש פאָרגעקומען אַ לעקציע מיט אָלגינען, אויף דער טעמע : „קאָמוניזם און בונד". אָלגין איז שוין דעמאָלט אַרויס מיט זיינע באַקאַנטע זידלערייען אויפן „בונד" און זיינע פירער. אין דער דיסקוסיע,

נישט קוקנדיק וואָס אָלגין האָט געהאַט דעם גרויסן נאָמען און אויטאָרי־טעט פון אַ גוטן רעדנער, איז ער אָבער פון די מיטגלידער, אַרבעטער פון די שעפער, שטאַרק קריטיקירט געוואָרן; מיר זיינען אַוועקגעגאַנגען זייער אומצופרידענע און פשוט באַדויערט וואָס מיר האָבן די לעקציע איינגעאָרדנט.

## פאַר אַ „מעדעם-הויז" אין קרושנעוויץ. — רעגולערע הילף פאַר די יידישע וועלטלעכע שולן אין פוילן

גרויס פרייד האָט ביי די ברענטש־מיטגלידער אַרויסגערופן ווען מיר האָבן באַקומען אַן איינלאַדונג פון די קרושנעוויצער חברים, אַז דער ברענטש זאָל שיקן אַ דעלעגאַציע צו זייער יום־טוב פון עפענען דאָס „מע־דעם־הויז". מיר האָבן קיין דעלעגאַציע נישט געקענט שיקן, אָבער מיר האָבן זיי געשיקט אַ האַרציקע באַגריסונג־טעלעגראַמע און גלייכצייטיק אַ מתנה 25 דאָלער. — זיכער איז דאָס נישט געווען דאָס לעצטע מאָל וואָס מיר האָבן געשטיצט די אַרבעט פון די קרושנעוויצער חברים. ווען זיי האָבן שוין געהאַט דאָס הויז און די מעגלעכקייט זיך צוזאַמענצוקומען און פירן זייער פּאָליטישע און קולטורעלע אַרבעט, פלעגן אַלע מאָל זייער אָפט קומען פון זיי בריוו וועגן הילף און וועגן די שטערונגען, וואָס זיי האָבן אין זייער אַרבעט מצד די יידישע קלעריקאַלע עלעמענטן. איך גיב נאָר איבער דעם קורצן אינהאַלט פון איין בריוו, וואָס איז געשריבן געוואָרן דעם 14־טן דעצעמבער 1929:

„זייער חשובע חברים פון קרושנעוויצער ברענטש 611 אַרבעטער־רינג, דערמיט חתמענען מיר דאָס באַקומען פון 20 דאָלער וואָס איר האָט געשיקט פאַר אונזער שול. מיר דאַנקען אייך זייער האַרציק פאַר דער מאַטעריעלער הילף וואָס איר שיקט אונז אַזוי אָפט, בפרט אין אַזאַ צייט, ווען אַלע אינעווייניקסטע און אויסווייניקסטע שונאים האָבן זיך אין איין ענגן פראָנט אַרומגעשלאָסן, ווי אַ שוואַרצע אייזערנע וואַנט, קעגן אונזער הייליקן קולטור־בנין, און ווילן מיט אַלע כוחות אים פאַרניכטן, מיר וועלן היטן און פאַרטיידיקן אונזער בנין און אונזערע שולן, וואָס זיינען אונז

טייער ווי אונזער אייגן לעבן, און וואָס איז מיט אַזוי פיל שווערע מי און אַרבעט געשאַפן געוואָרן דורך אונז און אויך דורך אייך.״

אַ סך אַזעלכע בריוו האָבן מיר אויך באַקומען פון די טוער פון „דער וולאָצלאַווקער יידישער וועלטלעכער שול־אָרגאַניזאַציע״. די שולן האָבן דאָרטן געטראָגן דעם נאָמען נאָכן פאַרשטאָרבענעם גרויסן יידישן שרייבער י. ל. פּרץ. מיר האָבן אויך זיי זייער אָפט געשיקט הילף. ווען חבר יעקב פּאַט איז אין יאַנואַר 1930 געקומען קיין אַמעריקע מיט אַ שליחות פאַר דעם יידישן שול־וועזן אין פּוילן, האָט ער אונז אָפּגעגעבן אַ גרוס פון די וולאָצלאַווקער שולן. אין אַ רעזאָלוציע, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן ביי אַן אַלגעמיינער יערלעכער פאַרזאַמלונג פון דער שול־אָרגאַני־זאַציע, ווערט אויסגעדריקט אַ דאַנק פאַר די 63 דאָלער, וואָס זיי האָבן פון דעם ברענטש דערהאַלטן, זיי שרייבן:

„טייערע חברים! מיט אַ געפיל פון דאַנקבאַרקייט שרייבן מיר צו אייך פאַר דער הילף, וואָס איר שיקט אונז. אין דעם שווערן קאַמף פאַרן טאָג־טעגלעכן קיום אין דעם שווערן פינאַנציעל־מאַטעריעלן צושטאַנד פון אונזער קולטור־אינסטיטוציע, און צולעצט אין אַ צייט, ווען אַלע שונאים, סיי אינערלעכע סיי אויסערלעכע, זיינען ווי בינען אַרום אַ בינשטאָק באַפאַלן אונזער שול, — דאַן זייט איר געקומען מיט אייער חבר׳ש וואָרט און חבר׳שע טאַט. מיר באַגריסן אייך האַרציק און דאַנקען אייך פאַר די 63 דאָלער. זאָל אַלע מאָל זיין צווישן אונז אַ שטענדיקער קאָנטאַקט, און מיר זיינען זיכער, אַז אונזערע אינסטיטוציעס וועלן אויסוואַקסן און גרויס ווערן און זיין אַ צירונג פאַר אונזער שטאָט וולאָצלאַוועק״.

איך וויל איצט איבערגעבן אַ בריוו וואָס מיר האָבן באַקומען פון דער „הויפּט־פאַרוואַלטונג פון דער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע אין פּוילן״ ווען אונזער ברענטש האָט אָנגענומען אַ באַשלוס אַרויפצולייגן אויף די מיט־גלידער אַ טעקסט פאַר די יידישע שולן אין פּוילן. דער בריוו איז אונ־טערגעשריבן פון חבר ש. קאַזדאַן, וועלכער געפינט זיך איצט אין ניו־יאָרק, און פון דעם יונג פאַרשטאָרבענעם באַליבטן קולטור־טוער און בונדיסט שלמה מענדעלסאָן:

„מיר האָבן באַקומען אייער בריוו וועגן אייער באַשלוס צו טעקסן

אַלע מיטגלידער פון אייער ברענטש פאַר די יידיש־וועלטלעכע שולן פון פוילן, מיר האָבן עס אויפגענומען מיט דער גרעסטער צופרידנקייט, ס׳איז איבעריק צו שרייבן אייך וועגן דער וויכטיקייט פון די שולן, די וואַרעמע היים פון צענדליקער טויזנטער יידישע אַרבעטער־קינדער, יידישע פאָלקס־קינדער פון פוילן: מיר ווילן פאַר אייך נישט שילדערן די טראַגישע לאַגע פון די יידישע אַרבעטערמאַסן אין פוילן, באַזונדער די לאַגע פון די קינדער. דאָס בילד איז דאָך פאַר אייך קלאָר געשטאַנען פאַר די אויגן ווען איר האָט אָנגענומען אייער וויכטיקן באַשלוס. אין נאָמען פון דער צענטראַלער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע, און פון דער גאַנצער אָרגאַניזירטער יידישער אַרבעטערשאַפט פון פוילן, שיקן מיר אייך איבער אונזער ברידערלעכסטן דאַנק. מיר בעטן אייך, איר זאָלט עס איבערגעבן צו אַלע אייערע מיטגלידער. מיר וועלן אייער באַשלוס, אייער טאַט קיין מאָל נישט פאַרגעסן.״

נאָכן דערהאַלטן די אַלע ידיעות וועגן די שיקאַנעס, וואָס די יידישע שולן האָבן אויסצושטיין פון די יידישע רעאַקציאָנערע און פינצטערע עלעמענטן איז ביי אַ ברענטש מיטינג אָנגענומען געוואָרן פאָלגנדיקע רע־זאָלוציע, וועלכע איז צוגעשיקט געוואָרן צו דער „פאָלקס־צייטונג״ אין פוילן און איז געווען אָפּגעדרוקט דעם 29־טן דעצעמבער 1929:

„דער ברענטש 611 אַרבעטער־רינג אין ניו־יאָרק האָט אויף זיין מיטינג דעם 1־טן יאַנואַר ד. י. אָנגענומען פאָלגנדיקע רעזאָלוציע:

„זייענדיק אַזוי ווייט פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין פוילן, וויסן מיר אָבער, מיט וואָס פאַר אַ מסירת־נפש, סיי מצד די אַר־בעטער און סיי מצד די לערער איז געשאַפן געוואָרן די יידיש־וועלט־לעכע פאָלקס־שול אין פוילן. מיר פאַראורטיילן די ווילדע כוליגאַנישע העצע, וואָס ווערט געפירט פון די שוואַרצע ציוניסטן מיט דעם געלן „היינט״ בראש, קעגן די פאָלקס־שולן. מיר זיינען איבערצייגט, דאָס די ווילדע העצע וועטווירקן ווי אַ קעגנגיפט, און די שולן וועלן אַרומגענומען ווערן נאָך מיט מער ליבשאַפט און טרייהייט פון די יידישע אַרבעטער־מאַסן. דער ברענטש ענטפערט אויף די אָנפאַלן פון שונדישן „היינט״ מיט צען דאָלאַר פאַר דער צענטראַלער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע.״

## ווענן די פּאָגראָמען אין פּאַלעסטינע אין — 1929. — קעגן דער העצע אויפן „פּוילישן בונד"

דער ברענטש האָט ביי זיינע מיטינגען אַלע מאָל דיסקוטירט פאַר־שיידענע פראַגען און געשעענישן וועלכע זיינען פאָרגעקומען אין דער וועלט, סיי פון אינטערנאַציאָנאַלן כאַראַקטער סיי פון ספּעציעל יידישן לעבן. ווען אין יאָר 1929 זיינען פאָרגעקומען די בלוטיקע געשעענישן אין פּאַ־לעסטינע, האָבן מיר נאָך אַ דיסקוסיע אָנגענומען אַ רעזאָלוציע וואָס איז אויך אָפּגעדרוקט געוואָרן אין „פאָרווערטס". די רעזאָלוציע איז מעגלעך נישט צוגעפּאַסט צו דער איצטיקער צייט, אָבער ס'איז כאַראַקטעריסטיש וואָס פאַר אַ פאָרשטעלונג אונזערע מיטגלידער האָבן דעמאָלט געהאַט.

די רעזאָלוציע לייענט זיך אַזוי:

„ברענטש 611 אַרבעטער־רינג, דער אַקטיווער טייל מיטגלידער פון וועלכן באַשטייט פון בונדיסטן פון פוילן, האָט אויף זיין לעצטן מיטינג דעם זעקסטן סעפּטעמבער 1929, באַהאַנדלענדיק די געשעענישן אין פּאַ־לעסטינע אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע, אין וועלכער ס'ווערט אויסגע־דריקט מיטלייד צו אַלע געליטענע פון די שרעקלעכע געשעענישן און עס ווערט באַטאָנט, אַז די שולד פון דער ענגלישער אָקופּאַציע־מאַכט און דער פאַנאַטיזם פון די אַראַבישע נאַציאָנאַליסטן טאָר נישט פאַרשטעלן די הויפּט־פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון ציוניזם; דאָס פאַרגאָסענע בלוט איז דער שווערסטער אורטייל קעגן גאַנצן ציוניזם."

אין יאָר 1930 איז געגאַנגען אַ גאַנצע סעריע אַרטיקלען אין „פאָר־ווערטס" פון ד. שוב; פאַקטיש איז דאָס געווען אַ גרויסע העץ־קאַמפּאַניע קעגן „בונד" אין פוילן. ער האָט זיך אָנגענומען פאַר דער „עוולה" פון די „יידישע פאַראייניקטע געווערקשאַפטן", וואָס דער „בונד" אין פוילן האָט נישט אויפגענומען זייער מענעדזשער פיינסטאָן, און אים נישט אָפּ־געגעבן קיין כבוד. די „געווערקשאַפטן" האָבן אָנגענומען אַ פיינטלעכע רעזאָלוציע קעגן „בונד", און בכלל דורכן „פאָרווערטס" געפירט אַ שטאַר־קע העצע קעגן דער גאַנצער בונדישער באַוועגונג אין פוילן. ביי אונזערע מיטינגען האָט עס אַרויסגערופן גרויס פאַרדרוס; אין די דיסקוסיעס,

וואָס מיר האָבן געהאַט און אין דער רעזאָלוציע וואָס איז אָנגענומען געװאָרן אין נאָוועמבער 1930 דערקלערט, „אַז די העץ־קאַמפּאַניע וועלכע ווערט איצט געפירט אין „פאָרווערטס" קעגן „בונד" אין פּוילן, וועט נישט אָפּשוואַכן די סימפּאַטיעס פון די ייִדישע אַרבעטער אין אַמעריקע צום „בונד". יעדער ייִדישער אַרבעטער, וועלכער האָט מיטגעמאַכט די גרויסע קאַמפּן פון „בונד" קאָן גלייכגילטיק נישט אַריבערגיין איבער די רכילות. די אַלע, וואָס דער „בונד" איז געווען זייער געטרייער דערציער. זאָלן זיך איצט אָפּרופן און שטיצן מאָראַליש און מאַטעריעל דעם „בונד" אין פּוילן, אַז ס׳זאָל ווירקן אויף די שונאים פון „בונד" זיי זאָלן אָפּשטעלן די העצערישע קאַמפּאַניע."

## הילף פאַר די קרבנות פון פאַשיזם. — דער ייִדישער אַרבעטער־קאָמיטעט.

אין יאָר 1933 ווען דער היטלעריזם האָט שוין געווילדעוועט אין דייטשלאַנד, האָט דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון אַרבעטער־רינג אַרויסגעשיקט אַן אַפּיל צו די בראַנטשעס זיך אָפּצורופן אויף דער ווענדונג פון „האַיאַס" וועגן שטיצן די פאַרפאָלגטע ייִדן אין דייטשלאַנד. דער באַקאַנטער פירער פון דער ייִדישער אָפּטיילונג פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, חיים קאַנטאַראָוויטש, וואָס איז געווען אַ מיטגליד פון בראַנטש, נישט קוקנדיק, וואָס ער איז געווען אַ קראַנקער מענטש, און אַ זייער פאַרנומענער מענטש, — האָט ער אָבער אַלע מאָל אָפּגעשפּאָרט צייט און געקומען צו די בראַנטש־מיטינגען. האָט ער ביי דעם מיטינג דעם 9־טן יוני 1933, ווען ס׳איז פאַרהאַנדלט געוואָרן די ווענדונג פון „האַיאַס" מיטן אַפּיל פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו פון אַרבעטער־רינג, ווען די פראַגע איז דיסקוטירט געוואָרן, און ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז עס זאָל געשיקט ווערן אַן ענטפער צו דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו. האָט דער ח׳ קאַנטאַראָוויטש אָנגעשריבן די רעזאָלוציע, וועלכע דער מיטינג האָט איינשטימיק אָנגענומען.

„ביי אונזער מיטינג, פרייטיק, דעם 9־טן יוני 1933, איז פאָרגעלייענט געוואָרן אייער אַפּיל צו שטיצן דורכן „האַיאַס״ די פאַרפאָלגטע דייטשישע יידן. אונזער ברענטש איז געוויס נישט קעגן העלפן די פאַרפאָלגטע דייטשישע יידן, אָבער עס וואונדערט אונז וואָס פאַר דער גאַנצער צייט האָבן מיר פון אונזער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו ניט געהערט קיין איין וואָרט וועגן העלפן די פאַרפאָלגטע פראָלעטאַרישע קעמפער פון דייטש־לאַנד. האָט דאָך דער פאַשיזם געטראָפן דער דייטשישער אַרבעטער־באַוועגונג ניט ווייניקער ווי די דייטשישע יידן. אונז איז באַקאַנט, אַז דער פאָנד, וואָס איז געשאַפן געוואָרן נאָכן דערמאָרדן דעם סאָציאַליסטישן דעפּוטאַט מאַטעאָטי — דער אַזוי גערופענער „מאַטעאָטי־פאָנד״, איז איצט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פאָנד צו העלפן די דייטשישע סאָציאַליסטן. לייגן מיר פאָר, אַז די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו פון אַ. ר. זאָל זיך שטעלן אין פאַרבינדונג מיטן מאַטעאָטי־פאָנד, און אַפּעלירן צו אַלע אַ. ר. ברענ־טשעס צוהעלפן דעם מאַטעאָטי־פאָנד״.

אין פעברואַר 1934, ווען ס'איז פאָרגעקומען דער העלדישער קאַמף פון די עסטרייכישע אַרבעטער קעגן די הריגות פון דער דאָלפוס־רעגירונג האָט די סאָציאַליסטישע פאַרטיי אין ניו־יאָרק גערופן אַ פּראָטעסט־מיטינג אין מעדיסאָן־סקוועער גאַרדן. די קאָמוניסטן האָבן אָנגענומען אַ שטעלונג צו קאָמפּראָמעטירן די סאָציאַליסטן מיטן פאַרשפּרייטן די ליגנס, אַז די סאָציאַליסטן האָבן פאַראַטן דעם אויפשטאַנד. זיי האָבן דורך פּראָוואָ־קאַטאָרישע מיטלען געוואָלט אַראָפּרייסן דעם איבערפולטן מעדיסאָן־סקוועער גאַרדן. ביי אַ גוט־באַזוכטן ברענטש־מיטינג דעם 9־טן מערץ 1934 האָבן מיר אָנגענומען אַ שאַרפע רעזאָלוציע קעגן די הריגות פון דער דאָלפוס־רעגירונג, קעגן דער פאַרברעכערישער האַלטונג פון די קאָמוניסטן, און באַגריסט די העלדישע פאַרטיידיקונג פון די עסטרייכישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער־מאַסן.

אין קורצן זאָגט די רעזאָלוציע:

„מיט דער גרעסטער באַוואונדערונג האָבן מיר נאָכגעפאָלגט דעם העל־ראָאישן קאַמף פון די סאָציאַליסטישע אַרבעטער אין עסטרייך, וואָס האָבן מיט דער גרעסטער מסירת־נפש פאַרטיידיקט די פּראָלעטאַרישע

דערגרייכונגען. דער העלדישער קאַמף איז געווען אַן אַרויסרוף צום אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט פון דער וועלט, אַ שטאָלצער רוף נישט צו לאָזן זיך אויסשעכטן פון די בורזשואַזע קלאַסן אָן אַן אָרגאַניזירטן ווידערשטאַנד.

„אין דער זעלבער צייט דריקן מיר אויס אונזער פאַרדרוס און באַ־דויערן, וואָס נאָך אין דער צייט ווען די אַרבעטער האָבן געבלוטיקט אויף די באַריקאַדן אין עסטרייך, האָבן די פירער פון די קאָמוניסטן אין אַלע לענדער נאָכגערעדט די זעלבע פּרעכע ליגנס פון די דאָלפוסעס און אַנדערע אַרבעטער־מערדער — אַז „די פירער פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָבן זיך פּרייווויליק אונטערגעגעבן אונטער דער שוץ פון דער דאָלפוס־פּאָליציי, אָדער אַנטלאָפן אין ערשטן טאָג פון קאַמף“, מיר וואַרפן אָפּ אַזעלכע ווערטער מיט דער גרעסטער פאַראַכטונג, און פאַרדאַמען די סקאַנדאַליעזע האַלטונג פון דער אָפיציעלער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין מעדיסאָן סקווער גאַרדן ווי אַ פאַרברעכערישע און פּראָוואָקאַטאָרישע טאַט.“

אין יאָר 1934 ווען ס׳איז דורך דער איניציאַטיוו פון פאַרשטאָר־בענעם חבר ב. וולאַדעק געשאַפן געוואָרן דער „יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט“, האָבן מיר זיך באַלד אַרויסגעזאָגט צו העלפן דעם קאָמיטעט מיט אַלע אונזערע מעגלעכקייטן. מיר האָבן זיך אָבער נישט פאָרגעשטעלט אַז אונזער ברענטש וועט באמת אויך זיין אימשטאַנד מיט אַזעלכע גרעסערע סומעס געלט צו העלפן. די פּאַקטישע פינאַנציעלע הילף האָבן מיר ערשט אָנגעהויבן געבן דעם „יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט“ אין יאָר 1944, אָבער וועגן דעם שפּעטער. מיר האָבן אָבער באַלד ביי דער גרינדונג פון „יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט“ באַשלאָסן צו זיין אָנגעשלאָסן אין דער דאָזיקער הילפס־אָרגאַניזאַציע, וועלכע מיר האָבן געפילט וועט אויסדריקן די געזעלשאַפטלעכע און אידעאישע שטעלונג פון די מיטגלידער פון ברענטש.

# פאַר דער ריינקייט פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג

אין יאָר 1935, ווען ס׳איז פאָרגעקומען דער קאַמף צווישן די אַזוי גערופענע „רעכטע״ און „לינקע״ אין דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי, האָט דער ברענטש באַשלאָסן צו העלפן דער „מיליטאַנטישער״ גרופּע פון דער פּאַרטיי און שטיצן דעם סאָציאַליסטישן אָרגאַן די „סאָשעליסט קאָל״.

אין דעם זעלבן יאָר 1935, אין חודש אַפּריל, זיינען די יידישע אַרבעטער און פּראָגרעסיווע קרייזן געווען שטאַרק אויפגערעגט צוליב דער דעמאָלט באַקאַנטער „הערי לאַנג געשיכטע״. הערי לאַנג, מיט־אַרבעטער פון „פאָרווערטס״, האָט באַזוכט דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד, און אויסגעקליבן צו שרייבן זיינע אַרטיקלען וועגן סאָוועטן־פאַרבאַנד דווקא אין דער רעאַקציאָנערער פּרעסע פון אַמעריקע — די „הוירסט״־פּרעסע. וולאַדעק איז אויך געווען איינער פון די קעגנער, אַז לאַנג זאָל די אַרטיקלען דרוקן אין דער „הוירסט״־פּרעסע. דער ברענטש האָט נאָכן דיסקוטירן די פראַגע אָנגענומען פאָלגנדע רעזאָלוציע:

„יעדער איינער ווייסט אַז הוירסט איז איינער פון די גרעסטע פיינט פון יעדער סאָציאַליסטישער און ראַדיקאַלער באַוועגונג, די גאַנצע „הוירסט״־פּרעסע, וואָס פירט איצט אַזאַ שטאַרקן קאַמף קעגן קאָמוניזם איז דאָס נאָר כדי צו פאַרשטעלן דעם פאַרביסענעם קאַמף, וואָס זי פירט קעגן דער גאַנצער אַרבעטער באַוועגונג בכלל. מיר פאַראורטיילן אויפן שאַרפסטן אופן דאָס מיטאַרבעטן פון הערי לאַנג אין דער פאַשיסטישער פּרעסע, און אויך די, וועלכע האָבן אים געגעבן זייער צושטימונג ער זאָל דאָרט די אַרטיקלען דרוקן. מיר דריקן־אויס באַדויערונג, וואָס די „פאָרווערטס אַסאָסיאיישאָן״ מיט איר שוואַכער שטעלונג צו דער פראַגע, פאַראורזאַכט, אַז מאַסן ערלעכע אַרבעטער זאָלן אויפהערן לייענען דעם „פאָרווערטס״.

די אַזוי גערופענע „לאַנג־געשיכטע״ האָט אַרויסגערופן גרויס אומצופרידנהייט צווישן די לינק־סאָציאַליסטישע קרייזן. די סאָציאַליס־טישע פאַרטיי איז שוין דעמאָלט געווען געשפּאָלטן. די רעכטע גרופּע

„די סאָציאַל דעמאָקראַטישע פעד.״ האָט געהאַט אַלס איר אָרגאַן דעם „ניו־לידער״ אויף ענגליש און דעם „וועקער״ פון „יידישן סאָציאַליס־טישן פאַרבאַנד״.

די סאָציאַליסטישע פאַרטיי מיט נאָרמאַן טאָמאַס אַלס דעם פירער, האָט געהאַט די „סאָשעליסט קאָל״ אויף ענגליש, און „די סאָציאַליסטישע שטימע״ — פון דער יידישער אָפּטיילונג.

אַב. קאַהאַן אַלס איינער פון די הויפּט־פאַרטיידיקער פון „פאָר־ווערטס״־מיטאַרבעטער הערי לאַנג, האָט אין די לינק־סאָציאַליסטישע קרייזן אַרויסגערופן קעגן זיך אַ זייער נישט־סימפּאַטישע שטימונג, און ווען ער האָט אין יאָר 1935 זיך געווענדט צו די אַרבעטער־רינג־ברענ־טשעס מיט אַ רוף צו שטיצן דעם „ניו־לידער״, איז נאָך אַ דיסקוסיעביים ברענטש־מיטינג דעם 25־טן נאָוועמבער 1935 אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס צו שיקן אַ בריוו צום „פאָרווערטס״. דער „פאָרווערטס״ האָט אָבער דעם בריוו נישט געוואָלט דרוקן, און דער בריוו איז געשיקט געוואָרן צו דער „סאָציאַליסטישער שטימע״, וועלכע האָט אים אָפּגע־דרוקט.

## ברענטש 611 אַ. ר. וועגן ניו-לידער

דעם פאָלגנדן בריוו האָט בר. 611 אַ. ר. געשיקט צום „פאָרווערטס״ אַלס ענטפער אויף אַב. קאַהאַנס אַפּילס צו שטיצן דעם ניו-לידער. נאַטיר-לעך האָט דער „פאָרווערטס״ דעם בריוו ניט געדרוקט.

ווערטער רעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס״:

ביי אַ גוט באַזוכטן מיטינג פון בר. 611 אַ. ר. דעם 22-טן נאָוועמבער, איז פאָרגעלייענט געוואָרן אייער אַפּיל פאַר שטיצע צום „ניו-לידער״. אונזער ברענטש האָט אָנגענומען וועגן דעם די פאָלגנדיקע רעזאָלוציע:

אַלס אַרבעטער-רינג מיטגלידער זיינען מיר פאַראינטערעסירט אַז אין אַמעריקע זאָל זיין אַ געזונטע גענייניקטע סאָציאַליסטישע פאַרטיי. ליידער אָבער זיינט איר, און די אַנדערע פאַרטיי-פירער אויף וועלכע איר האָט אַן איינפלוס אַ שטערונג אין וועג פון אַזאַ פאַרטיי. איר רעדט

אַ סך וועגן דעמאָקראַטיע, אָבער אין דער פּראַקטיק לאַכט איר זיך פון דעמאָקראַטיע אויס, אויב די מערהייט טוט ניט וואָס איר ווילט, זיינט איר גרייט מיט די אומדעמאָקראַטישסטע מיטלען דער מערהייט באַקעמפן. דער „ניו-לידער”, פאַר וועמען איר בעט שטיצע, איז דער אָרגאַן פון אַ מינדערהייט וואָס לאַכט זיך אויס און ברעכט יעדן באַשלוס פון פּאַרטיי קאָנווענשאָנס און פּאַרטיי-רעפערענדומס.

איר דערמאָנט אין אייער בריוו די ענגלישע לייבאָר פּאַרטיי. — זעט אָבער ווי אַנדערש די לייבאָר פּאַרטיי האַנדלט! אויך דאָרטן זיינען דאָ מינדערהייטן, ווי צ. ב. ש. אין דער פראַגע פון אַ גענעראַל-סטרייק אין פאַל פון מלחמה, אָבער די מינדערהייט דאָרטן באַקעמפט ניט די פּאַרטיי. לענסבורי רעזיגנירט אַלס פירער ווען ער קען מיט דער מערהייט ניט מסכים זיין, אָבער ער הויבט ניט אָן קיין קאַמף קעגן דער פּאַרטיי. אָבער ווי האַנדלט איר און דער „ניו-לידער”? ניט ווי דעמאָקראַטישע סאָציאַליסטן, נאָר ווי דיקטאַטאָרן. איר וועט זיך פאַר קיין זאַך ניט אָפּשטעלן אַבי אייער קעגנער צו באַקעמפן.

דער „ניו-לידער” וועט דאַרפן געשטיצט ווערן ווען ער וועט פאַרטרעטן דער פּאַרטיי און אָפּהיטן אירע באַשלוסן. קיינער האָט ניט קעגן דעם, אַז איר און דער „ניו-לידער” זאָל אָנפירן אַן אַגיטאַציע, מיט דעמאָקראַטיש-סאָציאַליסטישע מיטלען פאַר אייערע אידייען, אָבער פרעדיקן דעמאָקראַטיע און האַנדלען דיקטאַטאָריש איז ניט דער וועג ווי אַזוי צו געווינען אַ מערהייט. דאָס מיינט בלויז שיטן זאַמד אין די אויגן. דערווייל איז דער „ניו-לידער” ניט ווערט געשטיצט צו ווערן.

*
**

אין דעם זעלבן יאָר 1935 האָבן מיר באַקומען אַ ווענדונג פון אָפּיס פון אַרבעטער־רינג, אַז ס׳גייט אָן אַ באַוועגונג צו פאַראייניקן די קלענערע ברענטשעס, און מען לייגט אונז פאָר עטלעכע ברענטשעס, וואָס וואָלטן וועלן זיך מיט אונז פאַראייניקן. מיר האָבן אויסגעקליבן דעם ברענטש 676, מיר האָבן צוגעשיקט קאָמיטעס אויף נאָכצוקאָנטראָלירן,

צי זיי וועלן זיך קענען מיט אונז איינלעבן, נאָך עטלעכע חדשים פון פאַר־האַנדלונגען איז געלונגען, אַז ברענטש 676 גייט אַריין אין אונזער ברענטש, דער ברענטש איז אינגאַנצן באַשטאַנען פון 22 מיטגלידער, מיר האָבן גערעכנט אַז די פאַראייניקונג וועט אונז געבן אַ מעגלעכקייט צו פירן אַ נאָך ברייטערע און אַקטיווערע אַרבעט, איז עס אָבער נישט געווען דער פאַל. מיר האָבן זיי אין דער אַקטיוויטעט פון ברענטש נישט געקענט אַריינ־ציען, און פון די 22 איז אין איצטיקן מאָמענט, צוליב פאַרשיידענע סיבות, ווי אַוועקגעפאָרן פון דער שטאָט, טויט־פאַל און אַנדערע, איז געבליבן אין ברענטש נאָר 6 מיטגלידער, דער נישט איינגעגעבענער „שידוך" האָט אונז שוין אַנטמוטיקט פון פאַראייניקן זיך מיט אַנדערע ברענטשעס.

## וועגן און מיטלען צו אַקטיוויזירן אונזערע מיטגלידער

מיר האָבן דורך פאַרשיידענע מיטלען געזוכט צו אַקטיוויזירן אונזערע מיטגלידער. זייער אָפט איז עס אונז געלונגען, אָבער אין אַ געוויסער צייט אַרום זיינען די מיטינגען ווידער שוואַך באַזוכט געוואָרן, מיר האָבן געוואָלט וויסן די סיבה דערפון, כאָטש מיר האָבן געוואוסט, אַז אין פאַרגלייך מיט אַנדערע ברענטשעס ווערן אונזערע מיטינגען גוט באַזוכט. מיר האָבן אָבער אין דעם פאַל זיך נישט געוואָלט פאַרגלייכן מיט אַנדערע ברענטשעס, און האָבן באַשלאָסן צו מאַכן אַן אַנקעטע ביי די מיטגלידער און צווישן פאַרשיידענע פראַגעס געפרעגט, וואָס האַלט אייך אָפּ פון נישט קומען צו די מיטינגען?

1) צי איז פּרייטיק אַ פּאַסיקער אָוונט פאַר אייך צו קומען צו אַ מיטינג?

2) צי זייט איר פאַראינטערעסירט אין לעקציעס, אויב יאָ, אויף וועלכע טעמעס — פּאָליטישע, וויסנשאַפטלעכע אָדער ליטעראַרישע?

3) צי זייט איר פאַראינטערעסירט אין פאַרוויילונגס־אָוונטן, קאָנ־צערטן א. אַז. וו. און אויך די פראַגע: צי די קינדער גייען אין אַן אַרבעטער־רינג שול?

צי באַלאַנגען די עלטערע קינדער צו אַן אָרגאַניזאַציע?

צי באַלאַנגט די פרוי צום אַרבעטער־רינג, און נאָך אַנדערע פראַגן. די ענטפערס זיינען געווען זייער אינטערעסאַנט, און מיר האָבן אַ געווויסע צייט נאָך דער „אַנקעטע" געהאַט גאַנץ אינטערעסאַנטע מי־טינגען.

## אונזער פּאָליטישע שטעלונג

דער ברענטש אונזערער האָט אַלע מאָל אין פּאָליטישע און אינטער־נאַציאָנאַלע פראַגן געהאַט כמעט די זעלבע שטעלונג, וואָס דער „בונד" אין פוילן. און דאָ אין לאַנד געשטיצט די אַזוי גערופענע לינק־סאָציאַליס־טישע באַוועגונג. מיר זיינען אַלעמאָל געווען קריטיש צו דער היגער „רעכטער" באַוועגונג, און מיר האָבן געהאַלטן, אַז די שטאַרקייט פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג האָט אַ סך צו פאַרדאַנקען די צו „רעכטע" שטעלונג פון דער „סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פעדעראַציע" „יידישער סאָ־ציאַליסטישער פאַרבאַנד" און „פאָרווערטס".

די קאָמוניסטן האָבן צוליב אונזער ראַדיקאַלער האַלטונג אונז נישט אָפּגעלאָזט פון אויג, און אין נאָמען פון זייער „אינטערנאַציאָנאַלן אָרדן" אונז געזוכט אַריינצושלעפּן אין זייערע רייען, זיי האָבן געהאַלטן אין איין שיקן צו אונז בריוו און דעלעגאַציעס, פאָרגעלייגט מאַכן געמיינזאַמע אונטערנעמונגען, דיסקוסיעס, ליטעראַרישע אָוונטן און לעקציעס. די אַלע ווענדונגען זיינען פון זיי געקומען אין יאָר 1936.

מיר האָבן יעדעס מאָל זיך אָפּגעזאָגט צו גיין מיט זיי צוזאַמען, ווייל מיר האָבן געוואוסט, וואָס זיי זיינען אויסן דערמיט, און אַז דער ברענטש קען נאָר דערפון ליידן.

אין חודש אויגוסט 1936, ווען ס'איז פאָרגעקומען דער בלוטיקער קאַמף אין שפּאַניע, האָבן מיר געענטפערט אויף אַ רוף פון אַרב. רינג צו באַשטייערן יעדן מיטגליד מיט 50 סענט, פאַר די שפּאַנישע אַרבעטער.

אין דער זעלבער צייט, דעם 18־טן אויגוסט 1936, האָבן מיר באַקומען די טרויעריקע ידיעה, אַז אונזער מיטגליד, דער פירער פון דער היגער יידישער סאָציאַליסטישער אָפּטיילונג, חבר חיים קאַנטאַראָוויטש איז גע־שטאָרבן. די סאָציאַליסטישע פאַרטיי און דער אַרבעטער־רינג האָבן פאַר

אים איינגעאָרדנט אַ גרויסע לוויה. דער ברענטש האָט אַ ספּעציעלן בריוו געשיקט צו די מיטגלידער, אַ גרויסע צאָל מיטגלידער האָבן אָפּגעשטעלט די אַרבעט און זיך באַטייליקט אין דעם טרויער־צוג פון דער לוויה וועלכע איז דורכגעגאַנגען עטלעכע גאַסן „דאַון־טאַון" פון ניו־יאָרק. דער ברענטש האָט דעם קומענדן מיטינג געווידמעט אַלס טרויער־מיטינג פאַרן ח' קאַנטאַראָוויטש. עס איז געגעבן געוואָרן אַן אָפּשאַצונג וועגן פאַרשטאָרבענעם חבר, און וועגן פאַרלוסט וואָס זיין טויט האָט געבראַכט פאַר דער אַלגעמיין סאָציאַליסטישער און יידישער אַרבעטער־באַוועגונג.

## אין דער צייט פון עקאָנאָמישן קריזיס

אין די זעלבע 30־קער יאָרן איז דאָס לאַנד אַרומגעכאַפּט געוואָרן פון אַ קריזיס. מיטגלידער איז שווער געווען צו צאָלן די בילס. מיר האָבן געפילט, אַז ס'מוז עפּעס געטאָן ווערן אַנטקעגן־צוקומען די מיטגלידער, און מיט עפּעס פאַרלייכטערן זייער לאַגע.

דער באַשטאַנד פון ברענטש איז געווען אַלעמאָל און איז אויך איצט ביי 90 פּראָצענט פון אַרבעטער.

מיר האָבן באַשלאָסן צו גרינדן אַ „ליי־קאַסע", וואו מיטגלידער זאָלן לייכט קענען באַקומען געבאָרגט ביז הונדערט דאָלאַר, און אין קליינע ראַטעס עס אויסצאָלן, אויך איז געגרינדעט געוואָרן אַ „רעזערוו־פאָנד", פון וועלכן מיטגלידער זיינען געשטיצט געוואָרן, אַ לאָקאַלער „קראַנקן־בענעפיט פאָנד", וואָס אַחוץ די אַכט דאָלאַר, וועלכע אַ מיטגליד באַקומט פון גענעראַל־אָפיס, זאָל דער ברענטש צולייגן צו 2 דאָלאַר אַ וואָך. דורך פאַרשיידענע וועגן האָבן מיר געשאַפן געלט פאַר די פאָנדן, און אַ געוויסע צאָל מיטגלידער האָבן באַקומען די מעגלעכקייט מיט עפּעס צו פאַרלייכטערן זייער שווערע לאַגע. מיר האָבן אויך אָנגענומען, אַז קיין מיטגליד פון ברענטש זאָל נישט געשטראָכן ווערן, אויב ער האָט פאַקטיש נישט קיין מעגלעכקייט צו באַצאָלן זיין ביל. פאַר אַ געוויסע צאָל מיטגלידער איז אַנולירט געוואָרן די חובות וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמלט אין דער צייט פון קריזיס, כדי זיי זאָלן נישט אַרויספאַלן פון אַרבעטער־רינג. אויף

וויפל מיר האָבן אין יענער צייט פאַרלוירן מיטגלידער, איז עס גראָד געווען אַזעלכע, וואָס דער קריזיס האָט זיי נישט אַזוי שטאַרק אָנגערירט, אַזעלכע, וואָס האָבן נישט געהאַט דעם אידעאישן צוגאַנג צום אַרבעטער־רינג.

## פאַרן „בונד" אין פוילן

אין יאָר 1937, ווען ס׳זיינען אָנגעקומען די אַלאַרמירנדע ידיעות וועגן די בלוטיקע פּאָגראָמען קעגן דער יידישער באַפעלקערונג אין פוילן, האָט דער ברענטש געהאַלטן, אַז דער „יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט" וואָלט גע־דאַרפט אויפשטורעמען די עפנטלעכע מיינונג. „אָנשטאָט אָננעמען „פּאַ־רעווע רעוואָלוציעס", זאָל אָרגאַניזירט ווערן צוזאַמען מיט די יוניאָנס, פּאַראייניקטע פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציעס, ווירקן אויף דער אַמעריקאַנער רעגירונג, זי זאָל זיך ווענדן צו דער פּוילישער רעגירונג, אַז ס׳זאָלן אָפּ־געשטעלט ווערן די רציחות אויף די יידן אין פוילן.

ס׳ווערט ביים ברענטש־מיטינג אויך אָנגענומען אַ טעקס פון איין דאָלאַר אויף יעדן מיטגליד צו העלפן די געליטענע יידישע פאָלקס־מאַסן אין פוילן.

אין דער זעלביקער צייט ווען ס׳זיינען אָנגעקומען די ידיעות וועגן דעם ווילדעווען פון דעם אַנטיסעמיטיזם אין פוילן, זיינען אויך דערהאַלטן געוואָרן ידיעות וועגן דעם גרויסן איינפלוס און וואוקס פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, אונטער דער אָנפירונג פון „בונד" אין פוילן.

מיט גרויס צופרידנהייט איז אויפגענומען געוואָרן אַ באַריכט פון אַ קאָנפערענץ וואָס איז גערופן געוואָרן פון אַרבעטער־רינג, אין חודש פעברואַר 1939, ווען ס׳איז געקומען די דעלעגאַציע פון די דריי חברים: יעקב פּאַט, עמנואל נאָוואָגרודסקי און ב. טאַבאַטשינסקי. דער באַריכט־אָפּגעבער האָט איבערגעגעבן וועגן דער באַגייסטערונג און קאַמפס־שטימונג, וואָס האָט געהערשט ביי דער גרויסער צאָל דעלעגאַטן פון דער קאָנפערענץ, ווען די דריי חברים האָבן געשילדערט דאָס לעבן, אַרבעט, און קאַמף פון די יידישע מאַסן אין פוילן, און דעם גרויסן איינפלוס וואָס דער „בונד" האָט אויף די אַרבעטער און פאָלקס־מאַסן.

דער ברענטש באַשליסט אויך צו זאַמלען הונדערט דאָלאַר פאַר דער „אַקציע פון די יידישע מאַסן אין פוילן", וואָס ווערט געפירט פון די דריי געקומענע דעלעגאַטן

## קעגן היטלער-סטאַלין-אָפּמאַך

עס איז געקומען דער זומער 1939. די קלאַנגען וועגן אַ מלחמה־געפאַר האָבן זיך כסדר פאַרשטאַרקט און אָנגעוואָרפן אַ מורא אויף יעדן מענטש. דעם 1־טן סעפּטעמבער איז אויסגעבראָכן די מלחמה און היט־לערס מיליטערישע דיוויזיעס האָבן אַריינגעמאַרשירט אין פוילן. מיט אַ צוויי וואָכן שפּעטער איז אָנגעקומען די פינצטערע בשורה וועגן סטאַלין־היטלער־אָפּמאַך. אייראָפּע איז ווייט פון אַמעריקע, אָבער אַלע האָבן מיר דאָ געפילט, אַז די געשעענישן האָבן אַ שטאַרקן שייכות צו אונז, — אַז דאָס יידישע לעבן אין אייראָפּע, דער שעפערישער יידישער קיבוץ אין פוילן ווערט צעריסן און חרוב. מיר האָבן זיך אַרויסגעזאָגט קעגן דער „נייטראַליטעט" און „עמבאַרגאָ"־פּאָליטיק, וואָס דער אַמעריקאַנער קאָנגרעס האָט אָנגענומען; מיר האָבן אויסגעדריקט אונזער שאַרפסטן פּראָטעסט און פאַרדרוס קעגן דעם „סטאַלין־היטלער"־פּאַקט. פאָלגנדיקע רעזאָלוציע ווערט פון ברענטש ביי אַ גוט־באַזוכטן מיטינג איינשטימיק אָנגענומען:

דער ברענטש 611 שטעלט פעסט, אַז דער היטלער־סטאַלין־אָפּמאַך האָט אַריינגעוואָרפן מיליאָנען מענטשן אין אַ בלוטיקן מלחמה־גיהנום, פון וועלכן דער ערשטער קרבן איז געפאַלן פוילן. מיר האַלטן, אַז די קאָמוניסטישע פּאַרטיי מיט איר אונטערשטיצן דעם אָפּמאַך ווערט אַ דעמאָראַליזירנדער פאַקטאָר אויף דער יידי־שער און אַלגעמיינער אַרבעטער־גאַס. מיר האַלטן אויך, אַז ווער עס שטיצט אָט־דעם אָפּמאַך, העלפט היטלערן אָנגיין מיט זיין בלו־טיקער אַגרעסיע קעגן שוואַכע פעלקער און שטעלט זיך במילא אויס־סער די ריי־ען פון די כוחות, וואָס פירן דעם קאַמף קעגן בלוטיקן פאַשיזם און פאַר דער באַפרייאונג פון דער מענטשהייט.

דער ברענטש פּראָטעסטירט אָמשאַרפסטן קעגן די פאַרברע־כערישע בלוט־מאַכינאַציעס פון די ביידע דיקטאַטאָרס, סטאַלין און היטלער, און דריקט אויס די זיכערקייט, אַז נאָר די נידערלאַגע פון די אַלע דיקטאַטאָרס וועט באַפרייען די יידישע און פאָלקס־מאַסן פון די אַלע אומגליקן, וואָס זיי ברענגען אויף דער וועלט. די פאַרניכטנדע מפּלה פון דעם פאַראייניקטן „רויטן" און ברוינעם פאַשיסטן־פראָנט וועט דערנענטערן דעם זיג פון סאָ־ציאַליזם.

## הילף פאַר די קרבנות פון נאַציזם

ווי גרויס דער צער און שרעק איז געווען צוליב דעם בלוטיקן מלחמה־מאַרש פון די היטלער־אַרמייען, — האָבן מיר דאָך זיך נישט געקענט פאָרשטעלן, אַז מער ווי אַ דריטל פון יידישן פאָלק, 6 מיליאָן מענטשן, זאָלן אין גאַז־קאַמערן און מיט פאַרשיידענע אַנדערע מיתות משונות אומ־געבראַכט ווערן: — דער ברענטש האָט זיך באַטייליקט אין דער גרויסער קאָנפערענץ, וואָס איז גערופן געוואָרן פון אַרבעטער־קאָמיטעט וואו ס'איז אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע „צו העלפן מיט אַלע כוחות די ליידנדע, און שטיצן די קעמפנדיקע פאָלקס־מאַסן אין אייראָפּע".

אויך אויף אַלע אַנדערע קאָנפערענצן, וואָס זיינען גערופן גע־וואָרן פון „יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט". האָבן מיר באַשלאָסן צו שטיצן מיט אַלע אונזערע מעגלעכקייטן דעם אַרבעטער־קאָמיטעט — ער זאָל קענען אָנגיין מיט דער הילפס־אַרבעט צו ראַטעווען וואָס און וועמען ס'איז נאָר מעגלעך פון די נעגל פון נאַצישן באַנדיטיזם.

היטלערס חיילות האָבן געהאַלטן אין איין אָפּהאַלטן נצחונות; דאָך איז מען נישט געווען פאַרצווייפלט, מיר האָבן געהאַט דעם גלויבן, אַז די פרייע פעלקער וועלן ווערן געשטאַרקט און וועלן סוף־כל־סוף באַזיגן דעם היטלעריזם און פאַשיזם. ס'האָט געוויזן אַ ביישפּיל דער העראָאיזם פון ענגלישן פאָלק, וואָס איז געשטאַנען כמעט אַליין אין קאַמף קעגן בלו־טיקן היטלעריזם. און אויך די סאָוועט־נאַצישע שותפות איז צעריסן

געוואָרן, און די קאָמוניסטן, וועלכע האָבן ערשט אַזוי געריסן זיך די העלדזער פאַרטיידיקנדיק דעם סטאַלין־היטלער־אָפּמאַך, האָבן שוין אי־בערגעדרייט דעם פעלץ, און ס׳איז שוין געוואָרן אַ געשריי „אַז מען מוז פאַרהיטן די וועלט און קעמפן קעגן נאַצי־שונא.״

דער אַרבעטער־רינג האָט פאַרשטאַנען, אַז נישט איצט איז די צייט זיך צו רעכענען מיט דעם פאַרברעכן פון סטאַלין־היטלער־פּאַקט. ער האָט באַלד גערופן די ברענטשעס צו געבן די גרעסטע הילף דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד און העלפן אין קאַמף קעגן נאַצי־דייטשלאַנד; אָבער העלפנדיק דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד אין דער מלחמה, וועט דער אַרבעטער־רינג קיין־מאָל זיך נישט אָפּזאָגן פון דער סאָציאַליסטישער פליכט, צו העלפן אַלע מאָל אין קאַמף פאַר אמתער פרייהייט און דעמאָקראַטיע.

ווען אַמעריקע איז אין דעצעמבער 1941 דירעקט אַריין אין דער מלחמה, האָט אונזער ברענטש זיך באַטייליקט אין אַלע קאַמפּאַניעס, וואָס דער אַרבעטער־רינג האָט געפירט — געשטיצט דעם „רויטן־קרייץ״, געהאָלפן קויפן „באָנדס״ פון די מלוכה־הלוואות, זיך באַטייליקט אין העלפן די פאַרשיידענע מלחמה־אַקטיוויטעטן און „סוירוויס־אָרגאַני־זאַציעס״.

## דער ערליך-אַלטער-מאָרד

אין פעברואַר 1943 איז אָנגעקומען די שרעקלעכע ידיעה, אַז די סאָוועטישע רעגירונג האָט דערשאָסן די צוויי באַרימטע פירער פון „בונד״ הענריק ערליך און וויקטאָר אַלטער. ס׳איז גראָד געווען אין דער זעלבער צייט, ווען ס׳זיינען דורכן אַרבעטער־רינג און די ברענטשעס דורכגעפירט געוואָרן פּראָטעסט־מיטינגען קעגן די נאַצי־שחיטות אין אייראָפּע. אויף אונזערן אַ ברענטש־מיטינג דעם 12־טן מערץ 1943, איז אויסגעדריקט געוואָרן דער צער און פּראָטעסט קעגן דער דערמאָרדונג פון די צוויי באַרימטע אידעאַליסטישע פירער פון די יידישע מאַסן. דער ברענטש נעמט־אָן די פאָלגנדיקע רעזאָלוציע.

# וועגן הינריכטונג פון די אַרבעטער-פירער, הענריק ערליך און וויקטאָר אַלטער

דער ברענטש 611 אַרבעטער־רינג איז טיף דערשיטערט פון דער ידיעה, אַז די באַרימטע און געאַכטעטע יידישע אַרבעטער־פירער הענריק ערליך און וויקטאָר אַלטער זיינען הינגעריכטעט געוואָרן דורך דער סאָוועטישער רעגירונג.

מיר בויגן דעם קאָפּ פאַר דעם ליכטיקן אָנדענק פון די צוויי מאַרטירער און דערקלערן:

1. די הינריכטונג פון די צוויי באַליבטע אַרבעטער־פירער איז אַ שענדלעכער מאָרד און וועט בלייבן אַן אייביקער שאַנד־פלעק אויף די קאָמוניסטישע פירער.

2. מיט צאָרן און פּראָטעסט וואַרפן מיר אָפּ דעם העסלעכן און אומזיניקן בלבול, אַז ערליך און אַלטער, וועלכע זיינען געווען דאָס געוויסן פון די יידישע מאַסן אין פּוילן, זאָלן האָבן אַגיטירט צו רויטע אַרמייער „זיך נישט צו שלאָגן מיט די נאַצישע באַנדיטן און שליסן מיטן מערדער פון יידישן פאָלק, מיט היטלערן, אַ שלום.“

די פאַקטן ריידן דאָס פאַרקערטע: ערליך און אַלטער זיינען דאָס ערשטע מאָל אַרעסטירט געוואָרן דורך דער סאָוועטישער מאַכט אין האַרבסט פון 1939, בעת זיי זיינען געשטאַנען אין די פאָדערשטע רייען פון קאַמף קעגן היטלערן, ווען די סאָוועטישע פירער האָבן געטענהט אַז „פאַשיזם איז אַ געשמאַק־זאַך, און ס׳איז אַ פאַר־ברעכן צו פירן מלחמה קעגן נאַציזם.“

3. די שאָסן אין די הערצער פון הענריק ערליך און וויקטאָר אַלטער צילן אין דער גאַנצער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטי־שער באַוועגונג פון דער וועלט, און איז אַ שענדלעכע באַליידיקונג פאַר דער געפייניקטער און געמאָרדעטער יידישער באַפעלקערונג אין די געטאָס, וועמעס געטרייע זין און שליחי ציבור די צוויי אומ־געבראַכטע זיינען געווען.

כבוד דעם ליכטיקן אָנדענקען פון אונזערע מאַרטירער ערליך

און אַלטער. דער קין־צייכן וועט פון די מערדער קיינמאָל ניט אָפּ־
געווישט ווערן.

## הילף דעם יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט

ביי אַ ברענטש־מיטינג דעם 14־טן יאַנואַר 1944, ווען ס׳איז אויס־
געהערט געוואָרן אַ באַריכט פון די דעלעגאַטן, וועלכע האָבן בייגעוואוינט
די קאָנפערענץ פון דער אַרבעטער־רינג־דיוויזיע ביים יידישן אַרבעטער־
קאָמיטעט (פאָרגעקומען דעם 26־טן דעצעמבער 1943) — איז באַשלאָסן
געוואָרן: מיר באַטראַכטן דעם יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט פאַר דער
איינציקער הילפס־אָרגאַניזאַציע, וואָס דאַרף געשטיצט ווערן פון די אַר־
בעטער און פּראָגרעסיווע קרייזן; דער אַרבעטער־קאָמיטעט באַקומט נישט
קיין פאָנדן פון די פאַרשיידענע פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס און אָר־
גאַניזאַציעס, און דאָרט וואו ס׳דערגרייכט די הילף פון אַרבעטער־קאָ־
מיטעט, זיינען די פילאַנטראָפּישע אָרגאַניזאַציעס נישט פאַראינטערעסירט
צו העלפן. ס׳ווערט דעריבער באַשלאָסן, אַז אונזער ברענטש זאָל איין
מאָל אין יאָר מאַכן אַ יערלעכע אונטערנעמונג, לטובת דער הילפס־אַר־
בעט פון יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט.

די ערשטע יערלעכע אונטערנעמונג איז פאָרגעקומען אין
חודש מערץ פון יאָר 1944; זי איז דורכגעפירט געוואָרן מיט זייער
אַ גוטן דערפאָלג, סיי מאָראַליש, סיי פינאַנציעל. 700 דאָלער איז פון
דער אונטערנעמונג געגעבן געוואָרן דעם יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט.
די ווייטערדיקע יערלעכע אונטערנעמונגען האָבן געהאַט נאָך גרעסערע
דערפאָלגן; אַזוי האָבן מיר ביזן יאָר 1950 דורכגעפירט זיבן יערלעכע
אונטערנעמונגען, פון וועלכע ס׳איז געשאַפן געוואָרן פאַרן אַרבעטער־
קאָמיטעט די סומע פון 7,935 דאָלאַר.

דערין גייט אויך אַריין געוויסע סומעס, וואָס מיר האָבן אין מיטן
יאָר געזאַמלט פאַר ספּעציעלע פאָנדן פון אַרבעטער־קאָמיטעט, ווי:
„אַדאַפּטירונג“ פון קינדער, וולאַדעק־קינדער־היים אין פראַנקרייך און
יידישע ביכער־קאַמפּאַניע פאַר אייראָפּע.

אַחוץ דעם, וואָס מיר האָבן ביי די יערלעכע אונטערנעמונגען געטאָן אַזאַ וויכטיקע אַרבעט צו העלפן דעם יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט אָנצו־גיין מיט זיין הילפס־אַרבעט, — איז עס אויך געוואָרן אַ טראַדיציע ביים ברענטש, אַז איין מאָל אין יאָר קומען זיך כמעט אַלע מיטגלידער מיט זייערע פרויען צוזאַמען, און מען פאַרברענגט געמיטלעך. פאַר אַ גרויסע צאָל מיטגלידער איז דאָס טאַקע דאָס איינציקע מאָל אין יאָר ווען מ'זעט זיך, און ווי ווייט מעגלעך וועט טאַקע דער ברענטש זיך באַמיען אָנצו־האַלטן די טראַדיציע, פון צוזאַמענקומען זיך אַמווייניקסטן איין מאָל אין יאָר.

אין יאָר 1945, ווען די מלחמה איז געקומען צו אַ סוף. האָט דער ברענטש ווי אַלעמאָל אַרויסגעוויזן זיין סאָלידאַריטעט צו די אַרבעטער, וועלכע זיינען געשטאַנען אין סטרייקס, פאָדערנדיק לוין־הוספות, צוליבן שטייגנדיקן יקרות. מיר האָבן ווייטער זיך באַטייליקט אין פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע און הילפס־אַקטיוויטעטן.

## דער ברענטש — אַ משפחה

דורך דער גאַנצער צייט האָט דער ברענטש דורכגעפירט 194 לעק־ציעס אויף פאַרשיידענע פאָליטישע, געזעלשאַפטלעכע און ליטעראַרישע טעמעס: ס'זיינען אויך דורכגעפירט געוואָרן פאַמיליען־אָוונטן, געווידמעט יובילעאומס פון מיטגלידער אין פאַרשיידענע פאַמיליען־שמחות.

דאָס אינטערעסירן זיך מיטן פערזענלעכן לעבן פון די מיטגלידער האָט אונז שטאַרק דערנענטערט איינער מיטן אַנדערן און ס'האָט זיך געשאַפן אַן אמתע משפחה.

די גאַנצע אַרבעט, וואָס איז געטאָן געוואָרן אַרום ברענטש פאַר דעם פערטל יאָרהונדערט, וואָס מיר האָבן איצט אָפּגעשלאָסן, פאַרנעמט אַ גאַנץ בכבודיקן בלעטל אין דער געשיכטע פון יידיש־געזעלשאַפטלעכן און פאָליטישן לעבן אויפן אַמעריקאַנעם באָדן.

ס'איז אַ לאַנגע קייט פון געשעענישן און איבערלעבונגען. מיר האָבן איינגעפלאַנצט אַ פאַמיליען־לעבן צווישן די מיטגלידער.

מיר האָבן זיך געפרייט מיט זייער פרייד, און מיטגעליטן מיט זייער צער.

אַדאַנק דער וואַרעמער באַציאונג און איבערגעגעבנקייט פון אונזערע מיטגלידער, האָט זיך איינגעגעבן די אַקטיווע טוער און פירער פון ברענטש, דורכצופירן די אָפּגעטאָנענע אַרבעט. נישט געקוקט וואָס נישט אַלע מיט־גלידער זיינען דורכגעדרונגען מיט די זעלבע אידעאַלן און מיינונגען — האָבן מיר דאָך אַלע מאָל געפונען אַ געמיינזאַמע שפּראַך, צו געבן אַן ענטפער אויף פאַרשיידענע פראַגן, וואָס דאָס לעבן און די צייט האָט גע־פאָדערט.

און אַדאַנק דער איבערגעגעבנקייט פון די מיטגלידער, וואָס האָבן זיך אַלע מאָל אַזוי ברייטהאַרציק אָפּגערופן אויף אונזערע ווענדונגען, האָבן מיר געהאַט די מעגלעכקייט מיט אַזאַ שיינע סומע פון דרייצן טויזנט זעקס הונדערט און איין און פערציק דאָלאַר אַרויסצוגעבן נאָר פאַר הילף צו אָרגאַניזאַציעס און יחידים, וועלכע האָבן זיך דערין גענויטיקט.

זאָלן אונזערע קומענדיקע יאָרן זיין דורכגעצומען מיט פרייד און גע־זונט; זאָל אין אונזער צייט נאָך איינגעפירט ווערן אַ וועלט פון יושר, פרייהייט, גערעכטיקייט, יעדער מענטש זאָל ווערט זיין צו טראָגן דעם נאָ־מען מענטש, — אַ וועלט פון אמתן סאָציאַליזם.

## אַ ביסל געשיכטע אין ציפערן

פאַר די 25 יאָר זינט דער ברענטש עקזיסטירט האָבן זיך פאַר־שריבן אין ברענטש 191 מיטגלידער.

צוליב פאַרשיידענע סיבות זיינען אַרויסגעטראָטן פון ברענטש 84 מיטגלידער. געשטאָרבן זיינען אין פאַרלויף פון דער צייט 12 מיטגלידער. איצט באַשטייט דער ברענטש פון 95 מיטגלידער, פון זיי 68 מענער און 27 פרויען.

### די אַלגעמיינע הכנסה פון ערשטן קוואַרטאַל,

| | |
|---|---|
| ווען דער ברענטש איז געגרינדעט געוואָרן איז אַריינגעקומען— | 40.00 |
| איצט איז די הכנסה פון אַ קוואַרטאַל העכער — — — — — | $ 1.000.00 |
| די אַלגעמיינע אויסגאַבן פון ערשטן קוואַרטאַל זיינען געווען — | 51.00 |
| איצט זיינען די אויסגאַבן פון אַ קוואַרטאַל אַרום — — — — | 900.00 |

### דורך דער צייט האָט דער ברענטש אויסגעצאָלט קראַנקן־בענעפיט:

| | |
|---|---|
| פון גענעראַל־אָפיס — — — — — — — — — — — — | 5.567.00 |
| פון ברענטש, פון לאָקאַלן קראַנקן־בענעפיט — — — — | 1.265.00 |
| צוזאַמען אויסגעצאָלט אין קראַנקן־בענעפיט — — — — — | 6.832.00 |

### הילף צו פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס, און אַרבעטער־ רינג שולן

| | |
|---|---|
| הילף צו פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס, און אַרבעטער־רינג שולן — — — — — — — — — — — — | 4.710.00 |
| דעם „יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט פון 7 יערלעכע אונטער־נעמונגען — — — — — — — — — — — — | 7.935.00 |
| „אַדאָפּטירונג” פון צוויי קינדער — — — — — — — — — | 600.00 |
| „וולאַדעק קינדער־היים” אין פראַנקרייך — — — — — — | 310.00 |
| יידישע ביכער־קאַמפּאַניע פאַר איירָאָפּע — — — — — — | 86.00 |
| סך־הכל פאַרן יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט — — — — — — | 8.931.00 |
| צוזאַמען אין פאַרלויף פון דער צייט האָט דער ברענטש אַרויס־געגעבן שטיצע, די סומע פון — — — — — — — — | $13.641.00 |

לאַזאַר קלינג

# אַ פערטל יאָרהונדערט

עס איז געוואָרן 25 יאָר זינט אונזער ברענטש 611 פון אַרבעטער־רינג איז געגרינדעט געוואָרן.

אויבנאויפיק, דוכט זיך, מה רעש! נאָך אַלעמען איז 25 יאָר ווי אַ רגע אין דער מענטשלעכער געשיכטע און אַ ברענטש פון אַרבעטער־רינג איז בלויז אַ צווייג פון דעם ברייט פאַרצווייגטן בוים, וואָס רופט זיך אַרבעטער־רינג. אָבער ווען מען נעמט אין אָנבאַטראַכט וואָס פאַר אַ געוואַלדיקע גרויסע געשעענישן און פאַסירונגען עס זיינען פאָרגעקומען אין די לעצטע 25 יאָר, סיי אין דער גאָרער וועלט און סיי אין דעם יידישן לעבן בכלל, דאַכט זיך אונז, אַז מיר האָבן דורכגעמאַכט אַ געשיכטע פון 25 הונדערט יאָר.

אין די לעצטע 25 יאָר האָבן מיר דורכגעמאַכט די צווייטע וועלט־מלחמה, וואָס האָט ניט נאָר צעשטערט און חרוב געמאַכט גאַנץ אייראָפּע, נאָר צענדליקער מיליאָנען מענטשלעכע לעבנס זיינען אומגעקומען. די יידישע אַרבעטער און פאָלקס־מאַסן אין פוילן און אין מזרח־אייראָפּע בכלל, זיינען אויסגעמאָרדעט געוואָרן פון די היטלעריסטישע האָרדעס, די גרויסע יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס אין פוילן, אונטער דער אָנ־פירונג פון „בונד", זיינען פיזיש פאַרניכטעט געוואָרן, דער סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַל איז צעבראָכן געוואָרן. די אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמע־ריקע בכלל און די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג בפרט האָט אין די לעצטע עטלעכע צענדליק יאָר דורכגעמאַכט טראַנספאָרמאַציעס און ענדערונ־גען. — אָט די דאָזיקע אַלע געשעענישן, פאַסירונגען און ווענדונגען האָבן געהאַט זייערע אָפּקלאַנגען און אָפּרופן, זאָל זיין אין אַ מיניאַטור פאָרם, אין דער גאַנצער טעטיקייט פון אונזער ברענטש.

עס איז דעריבער, גלויבן מיר, אין אַ צייט פון אַזאַ יובילייע, אַז מיר זאָלן זיך אָפּגעבן, אין קורצע שטריכן, אַ דין וחשבון פון דעם דורכגע־

מאַכטן וועג און אָנצייכענען אונזער טעטיקייט אין דער נאָענטער צו־קונפט.

## די גרינדונג פון אונזער ברענטש

די יאָרן 1925־1926 זיינען געווען די שטורעמדיקסטע יאָרן אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג פון אַמעריקע. די יידישע אַרבעטער־שאַפט איז, אין יענע יאָרן, געווען צעשפּאָלטן און צעטיילט אין צוויי עקס־טרעמע פליגלען. דער לינקער קאָמוניסטישער פליגל און דער רעכטער סאָציאַליסטישער פליגל. די גרויסע יוניאָנס פון די נאָדל־פאַכן, ווי די אינטערנעשאָנאַל לאַדיס גאַרמענט וואָרקערס יוניאָן, די פאָריערס און אַנדערע יוניאָנס, וואו די יידישע אַרבעטער זיינען אַממערסטן באַשעפטיקט, זיינען געווען אין גאַנצן אונטער דער פירערשאַפט פון די קאָמוניסטן. די קאָמוניסטן האָבן פאַרכאַפּט דעם זומער־קעמפּ פון אַרבעטער־רינג, אַ גרויסן טייל פון די יידישע שולעס, וואָס זיינען אָנגעפירט געוואָרן פון אַרבעטער־רינג און האָבן זיך פאַרמאָסטן איבערצונעמען דעם גאַנצן אַרבעטער־רינג. — אָט אין יענער צייט, ווען די רייסערייען, שפּאַלטונגען און קאַמפן אין דער היגער יידישער אַרבעטער וועלט האָט דערגרייכט די העכסטע שטופע, האָבן אַ גרופּע אינטעליגענטע יידישע אַרבעטער, אַרי־בערגעקומענע אימיגראַנטן, וועלכע זיינען געווען אַקטיווע טוער אין דעם „בונד“ פון רוסלאַנד און פוילן, אין די שטעט פון קרושנעוויץ, וולאָצלאַ־וועק און אַנדערע שטעט, באַשלאָסן צו גרינדן אַ ברענטש פון אַרבעטער־רינג.

די גרינדער פון ברענטש האָבן געוואָלט שאַפן אַן אייגן ווינקל, וואו זיי זאָלן זיך קענען אויסלעבן, אָדער איינלעבן, אויסמיידנדיק די אַלע רייסערייען, פרואוון זיין נייטראַל אין דעם דעמאָלטיקן היציקן קאַמף.

אָבער צו זיין אינגאַנצן נייטראַל אין דעם דעמאָלטיקן גליענדיקן קאַמף צווישן רעכטס און לינקס, וואו די געמיטער און ליידנשאַפטן זיינען געווען אַזוי צעהיצט, איז געווען אוממעגלעך. עס איז געווען פּונקט ווי צו זיצן אויף אַ פייער־שפּייענדיקן באַרג. אַ טייל טוער אין ברענטש זיינען

געוואָרן באַאיינפלוסט פון די קאָמוניסטן און האָבן געוואָלט געבן דעם ברענטש אַ קאָמוניסטישע ריכטונג און עס האָט זיך אויך אין אונזער ברענטש אָנגעהויבןליידנשאַפטלעכע דיסקוסיעס און רייסערייען, וואָס וואָלטן זיכער געפירט צו אַ שפּאַלטונג, אָבער גראָד דעמאָלט זיינען געוואָרן אַקטיוו עטלעכע אַריינגעקומענע מיטגלידער אין ברענטש, וועלכע זיינען געווען געשולטע טוער אין דער בונדישער באַוועגונג און זיי האָבן אַריינגעבראַכט אין ברענטש דעם גייסט און די טראַדיציעס פון „בונד“. די עטלעכע קאָמוניסטן האָבן פאַרלאָזט דעם ברענטש און דער ברענטש האָט אָנגענומען אַ סאָציאַליסטישע ווענדונג.

אַזוי ווי אָבער אין יענער צייט איז ביי דער פירערשאַפט פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג געווען אָנגענומען אַן אַקסיאָמע, אַז ווער עס איז נישט הונדערט פּראָצענט מיט אונז איז קעגן אונז, האָבן עטלעכע רעכטע סאָציאַליסטן געקוקט אויף אונזער ברענטש ווי אויף אַ נישט „כשרן“ ברענטש. עס האָט גענומען אַ היפּשע צייט — דורך טעטיקייט און אַקטיוויטעט — ביז אונזער ברענטש האָט געקראָגן אָנערקענונג מצד אַלע פירנדיקע אינסטיטוציעס פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג.

## די קולטור-טעטיקייט און הילפס-אַרבעט פון אונזער ברענטש

אין אַ באַזונדער קאַפּיטל פון דעם בוך וועט דער לייענער געפינען אַ רייכן מאַטעריאַל וועגן דער קולטור־טעטיקייט און הילפס־אַרבעט פון אונזער ברענטש ווי קולטורעלע אונטערנעמונגען, פּאָליטישע און וויסנ־שאַפטלעכע שמועסן און לעקציעס, רעפעראַטן מיט כמעט אַלע יידישע לעקטאָרן און רעפערענטן, וואָס זיינען דאָ אין אַמעריקע און די לעקטאָרן וואָס זיינען געווען צו גאַסט אין אַמעריקע. די לעקציעס און רעפעראַטן זיינען נישט נאָר געווען וועגן דעם פּאָליטישן לעבן אין אַמעריקע, וועגן דעם אַרבעטער לעבן בכלל און דער יידישער אַרבעטערשאַפט בפרט, נאָר אויך וועגן ליטעראַרישע טעמעס און וועגן דעם יידישן לעבן אין דער גאָרער וועלט.

עס פאַרשטייט זיך, אַז אונזער ברענטש שטיצט כמעט אַלע הילפס־אַקציעס פון אַרבעטער־רינג ווי אויך די קולטורעלע אינסטיטוציעס אוי־כאָציאַליסטישע אַרבעטער אָרגאַניזאַציעס, וואָס ווענדן זיך נאָך הילף. אָבער גאָר אַ באַזונדערע אויפגאַבע האָט אויף זיך גענומען אונזער ברענטש ווען נאָכן סוף פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט זיך פאַר אונז אַנטפּלעקט דער שוידערלעכער חורבן פון פוילישן יידנטום און פון די יידישע מאַסן אין מזרח־אייראָפּע בכלל. אונזער ברענטש האָט אינ־סטינקטיוו דערפילט, אַז אין אַזאַ צייט קען מען נישט צופרידנשטעלן זיך מיט געבן אַ פּאָר דאָלער שטיצע פאַר די שארית הפליטה, כדי צו באַ־רואיקן דעם געוויסן, אַז עס מוז עפּעס געטאָן ווערן אויף אַ גראַנדיעזן אופן. דער ברענטש האָט דעריבער איינגעפירט, אַז יעדן יאָר (פאַר די לעצטע אַכט יאָר כסדר) קומט פאָר אַ צוזאַמענקונפט פון אַלע מיטגלידער פון ברענטש וואו עס ווערט געמאַכט אַ זאַמלונג פאַר דעם יידישן אַרבעטער קאָמיטעט. אויף וויפל אונזערע זאַמלונגען פאַר דעם יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט האָט געבראַכט דערפאָלג ביז איצט, איז גענוג צו זאָגן, אַז נישט געקוקט דערויף, וואָס אונזער ברענטש האָט נישט קיין גרויסע צאָל מיטגלידער (נאָענט פון הונדערט), דאָך איז פאַר פילע יאָרן אונזער ברענטש געווען דער ערשטער, וואָס האָט געגעבן די גרעסטע סומע געלט פאַר דעם יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט, ווי די ברענטשעס וואָס האָבן אַ סך מיטגלידער און אַ סך געלט.

## דער דעמאָקראַטישער גייסט און חברשע באַציאונגען אין אונזער ברענטש

עס דאַרף דאָ דערמאָנט ווערן, אַז אַזאַ מין דעמאָקראַטישער גייסט ווי עס הערשט אין אונזער ברענטש איז זעלטן צו טרעפן אין אַן אַרבעטער אָרגאַניזאַציע. און דאָס איז נישט דערפאַר ווייל אַלע אונזערע מיטגלידער האָבן די זעלביקע מיינונגען, די זעלביקע אָנשויאונגען צו אַלע פּראָבלע־מען, וואָס קומען פאָר אין אונזער לעבן. ניין, צווישן אונזערע מיטגלידער געפינען זיך מענטשן מיט שאַרפע מיינונגס־פאַרשיידנהייטן, מיט אַ באַ־

זונדער צוגאַנג צו לייזן די פּראָבלעמען, ווייל נאָר אויף אַ בית עולם הערשט איין מיינונג, אָבער קיין איין מיטגליד פון אונזער ברענטש קען ניט זאָגן, אַז מען לאָזט אים נישט קומען צום אויסדרוק, אַז מען אונטערדריקט, חס־ושלום, זיין מיינונג. אָבער ווי נאָר אַ מערהייט פון ברענטש באַשטימט עפּעס, זיינען אַפילו די מיטגלידער, וואָס זיינען פריער געווען קעגן, העלפן דורכפירן אַלץ וואָס דער ברענטש באַשטימט. דער אָפּרוף פון די מיט־גלידער איז כמעט שטענדיק הונדערט פּראָצענט.

עס איז כדאַי צו באַמערקן, אַז זינט מיין וויינקייט איז דער פּאָרזיצער פון ברענטש (און אַ פּאָרזיצער בין איך שוין אַ היפּש ביסל יאָרן), האָט זיך נאָך קיין איין מאָל נישט געטראָפן, אַז מען זאָל מאַכן „אַן אַפּיל צום טשער", „אַ פּוינט אָוו אָרדער", אָדער אַנדערע „פּוינטס", ווי מען איז אַזוי געוואוינט צו הערן אין אַנדערע אָרגאַניזאַציעס.

צווישן אונזערע מיטגלידער פון ברענטש געפינען זיך אַ צאָל חשובע יידישע שרייבער, יוניאָן־פירער און קולטור־טוער און עס איז אַן אָנגענומענע מיינונג, אַז אינטעלעקטואַלן און יוניאָן־פירער זיינען נישט קיין גוטער עלעמענט אין אַ ברענטש פון אַרבעטער־רינג. אָבער צום כבוד פון זיי אַלעמען און פון אונזער ברענטש דאַרף מען פאַרצייכענען, אַז אונזערע מיטגלידער, די שרייבער, יוניאָן־פירער און קולטור־טוער, זיי־נען שטענדיק גרייט צו דינען דעם ברענטש ווען נאָר דער ברענטש רופט זיי.

בשעת מיר פאַרנעמען זיך מיט אַלגעמיינע פּראָבלעמען, פאַרגעסן מיר נישט די פּראָבלעמען פון דעם יחיד, פון יעדן באַזונדערן מיטגליד פון ברענטש. דער לאָזונג: „איינער פאַר אַלע און אַלע פאַר איינעם" איז ביי אונז נישט קיין פּוסטע פראַזע. די פריידן און ליידן פון יעדן מיטגליד פון אונזער ברענטש זיינען די פריידן און ליידן פון אַלע מיטגלידער פון אונזער ברענטש. דעריבער הערשט ביי אונז אין ברענטש אַן אמת חברשע באַציאונג פון איינעם צום אַנדערן, פּונקט ווי אין אַ משפּחה, און די מיטגלידער פון ברענטש רופן טאַקע דעם ברענטש: "אַ משפּחה ברענטש".

אונזער ברענטש האָט נישט קיין אָפיציעלן שטעמפּל, אַז ער איז

אַ בונדישער ברענטש, אַז ער איז אַ סאָציאַליסטישער ברענטש, אַז ער איז אַ קולטורעלער ברענטש, אָבער אין די בונדישע קרייזן וועט מען אייך זאָגן, אַז ער איז אַ בונדיסטישער ברענטש, צווישן די סאָציאַליסטן וועט מען זאָגן, אַז מיר זיינען די לאָיאַלע און די אויסגעהאַלטענע סאָציאַליסטן און ביי די קולטור־טוער ווערן מיר פאַררעכנט אַלס אַן אָרגאַניזאַציע וואָס טוט זייער פיל אויפן קולטורעלן געביט. — דאָס איז דערפאַר ווייל מיר האַלטן זיך אין דעם בונדישן גייסט און טראַדיציע, וואָס איז כולל סיי סאָציאַליסטישע אויסגעהאַלטנקייט, סיי יידישע קולטור און סיי חברישע באַציאונגען.

אונזער ברענטש האָט נישט קיין גרויסע צאָל מיטגלידער. קיין געלט אין זיין באַזיץ, אָבער מיר פאַרמאָגן אַ טיפן גלויבן אין סאָציאַליסטישן אידעאַל און מיר האַלטן פון דעם פסוק „לא המדרש העיקר אלא המעשה העיקר" — נישט דאָס דרשנען איז דער עיקר, נאָר טעטיקייט איז דער עיקר. און אויב איינער איז אַ נאה דורש דאַרף ער אויך זיין אַ נאה מקיים. ווען איינער דרשנט שיין, דאַרף ער אויך דורכפירן דאָס וואָס ער דרשנט.

שמואל ווייס

# נעכטן, היינט און מאָרגן

(צום 25־טן יובילײ פון דעם ברענטש 611 אַרבעטער־רינג)

דער אַרבעטער־רינג דאָס איז דער גאָלדענער רינג פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע. אַ רינג וואָס איז געוואָרן אויסגע־שמידט פון יידישע אימיגראַנטן אין דער נייער וועלט און וואָס האָט איבער פופציק יאָר באַוויזן צו פאַרבינדן די סאָציאַליסטישע אידעאַלן פון זיינע פיאָנערן מיט דער טאָג־טעגלעכער פראַקטישער אַרבעט לטובת זיינע מיטגלידער.

די גרינדער פון אַרבעטער־רינג האָבן זייער גוט פאַרשטאַנען, אַז די הילף וואָס דער אָרדן קען געבן זיינע מיטגלידער אין פאַל פון קראַנקייט אָדער נויט „איז בלויז אַ טראָפּן אויף אַ הייסן שטיין". זיין אידעאַל איז דערי־בער געווען אָפּצושאַפן די נויט גופא. העלפן דורך אַרבעטער־אַחדות און אין נאָענטער פאַרבינדונג מיט די אַנדערע צווייגן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אויסצוקעמפן אַ יושרדיקן וועלט־סדר, וואו נויט און עקספּלואַטאַציע פון מענטשלעכער אַרבעט זאָל אינגאַנצן אָפּגעשאַפט ווערן.

אָט דאָס איז געווען דער אידעאַל וואָס האָט אינספּירירט די גרינדער פון אַרבעטער־רינג. דאָס איז געווען די שטרעבונג, וואָס האָט געוואַרעמט די הערצער פון די טויזנטער יידישע אימיגראַנטן, וועלכע זיינען געקומען פון די שטעט און שטעטלעך אין רוסלאַנד, ליטע, פוילן, רומעניע און גאַליציע, כדי צו זוכן פרייהייט און גליק אין „קאָלומבוסעס מדינה" און וואָס האָבן דאָ, אין יענער צייט, געפונען נויט, סוועט־שעפּער און אָפטמאָל אַ גרעסערע אָרעמקייט און מער זאָרגן ווי זיי האָבן געהאַט אויף דער אַנדערער זייט ים. אָן די שטראַלן פון אַ סאָציאַליסטישן מאָרגן וואָלטן די פיאָנערן פון אַרבעטער־רינג, די קלאָוקמאַכער, קאַפּענמאַכער, העמדער־נייער און אַר־בעטער פון אַנדערע פאַכן, נישט געהאַט דעם כוח צו לויפן פאַרשוויצטע

נאָך די 12־10 שעה אַרבעט אין אַ פינצטערן סוועט־שאָפּ, צו אַ מיטינג פון „יידישן אַרבעטער פאַריין״. עס וואָלטן נישט געווען די כוחות צו זאַמלען פעניס אויף אויסצוהאַלטן בילדונג־קרייזלעך, אויף צו בויען קאָאָפּעראַטיווע־אונטערנעמונגען, אויף צו שטיצן די אָנהויבן פון אַ סאָציאַליסטישער פּרעסע.

דערציילט א. אַ. גאָרדאָן, אַן אַלטער מיטגליד פון אַרבעטער־רינג: „אונזער געדאַנק איז נישט געווען בלויז צו באַזאָרגן אַ קראַנקן מאַן מיט עטלעכע דאָלער אַ וואָך און אַ פּרוי מיט אַ פּאָר הונדערט דאָלער, ווען איר מאַן שטאַרבט. ניין, זייט נישט דאָס האָבן מיר געמיינט! צוליב דעם אַליין האָט זיך אונז נישט געלוינט געבוירן צו ווערן און אויסצוהאָדעווען זיך... אַזעלכע אונטערשטיצונג־פאַראיינען עקזיסטירן אין די טויזנטער״.

„אונזער צוועק איז געווען אַ פיל העכערער, טיפערער און ברייטערער... אַ שענערע וועלט מיט אַ בעסערע געזעלשאַפט. אַ געזעלשאַפט, וואו מענטשן זאָלן זיין פאַרזיכערט מיט זייער לעבן, נישט בלויז נאָכן טויט, נאָר טאַקע יעדער איינער, וואָס לעבט, פאַרזאָרגט אין דער צייט פון קראַנקייט, נישט פון סאָסייעטיס, נישט פון אונטערשטיצונג־פאַריינען, נאָר טאַקע פון דער גאַנצער געזעלשאַפט זעלבסט״... (ציטירט פון א. ש. זאַקס „די געשיכטע פון אַרבעטער רינג״).

אוודאי האָט פריינט א. א. גאָרדאָן און טויזנטער פון זיין דור געהאַט די תמימותדיקע נאַאיוויטעט צו גלייבן, אַז כדי די גאַנצע געזעלשאַפט זאָל באַזאָרגן יעדן איינעם מיט אַלץ וואָס ער דאַרף („ביים לעבן, נישט נאָכן טויט״), באַזאָרגן אים אין צייט ווען ער איז קראַנק, ווען ער איז אַלט און אַז כדי „דער אַרבעטער זאָל קענען לעבן אין אייביקן וואוילשטאַנד און געזונטהייט״ (לויט דער פּרינציפּן־דערקלערונג פון אַרבעטער־רינג בעת זיין גרינדונג אין 1900) דאַרף מען אינגאַנצן אָפּשאַפן דעם קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם. אָבער, מיר דוכט, אַז אין אַרבעטער־רינג זיינען נאָך אפילו היינט פאַראַן טויזנטער מיטגלידער, וואָס האָבן שוין דורכגעמאַכט די דערפאַרונגען פון די ימי „ניו־דיל״ און „פעיר־דיל״ און אידענטיפיצירן זיך נאָך אַלץ מיט די אידעאַלן פון די אַרבעטער־רינג פּיאָנערן. זיי גלויבן נאָך אַלץ, און מיט רעכט, אַז דער קאַפּיטאַליזם און זיינע פאַרשטייער פון די געזעצגעבנדע

קערפּערשאַפטן, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס מען וואַרפט צו ברעקלעך רעפאָרמען צו די אַרבעטער, האָט נאָך אַלץ נישט באַוויזן, אַז ער קען ווירק־לעך אָפּשאַפן דחקות און נויט און באַפרידיקן די מאַטעריעלע און קולטורעלע באַדערפענישן פון דער אַרבעטנדיקער באַפעלקערונג אומעטום, נישט נאָר אין אַמעריקע נאָר אויך אין אייראָפּע, און אַזיע.

דאָס שטרעבן צו אַ סאָציאַליסטישן וועלט־סדר וואו מענטשן זאָלן קענען לעבן אין שלום און אין פרייהייט און געניסן די פולע פרוכט פון זייער פראַצע איז געווען דער אינספּירירנדיקער כוח פאַר די מייסטע גרינדער, טוער און מיטגלידער פון אַרבעטער־רינג. מיר דוכט אַז דער פאַרשטאָרבע־נער ברוך וולאַדעק האָט אַמאָל געזאָגט אַזוי, פונקט ווי מען מוז צוגעבן אַביסל אייזן צו דעם גאָלד אין אַ רינג, כדי אים צו מאַכן שטאַרק, אַזוי האָבן די גרינדער פון אַרבעטער־רינג געמוזט צוגעבן אַ ביסל אייזן, די פאַרשידענע בענעפיטן, כדי צו מאַכן שטאַרק דאָס סאָציאַליסטישע גאָלד אין דעם אַר־בעטער־רינג.

און אַמאָל איז טאַקע דאָס גאָלד געווען שטאַרק אין דעם גרויסן אַרבע־טער־אָרדן. די מיטגלידער האָבן געהערט צו אַן איינהייטלעכע סאָציאַלע גרופּע. זיי האָבן אַלע גלייך געליטן פון די זעלביקע סאָציאַלע מכות און זיי האָבן אַלע קאָלעקטיוו געזוכט די סאָציאַלע לייזונג פאַר זייערע צרות. צוויי מאָמענטן האָבן ענג צוזאַמענגעבונדן די מיטגלידער פון דעם אָרדן: זייער געמיינזאַמער אָפּשטאַם פון דער זעלביקער קולטור־סביבה אין דער אַלטער היים און זייער בשותפותדיקער סאָציאַלער גורל אין דער נייער וועלט. דער ערשטער מאָמענט האָט משפּיע געווען אויף די אָרגאַניזיר־פאָרם פון די באַזונדערע בראַנטשעס פון אָרדן, וועלכע זיינען געווען אָדער לאַנדס־מאַנשאַפטן פון גרויסע שטעט אָדער פון גאַנצע געגנטן. דער צווייטער מאָמענט האָט אַרויפגעלייגט די סאָציאַליסטישע חתימה אויפן אָרדן.

אַמאָל האָט מען מקפּיד געווען אויף דער סאָציאַלער אָנגעהעריקייט פון דעם מיטגליד. ער האָט געדאַרפט זיין אַן אַרבעטער. ווייל אייב נישט קיין אַרבעטער געהערט ער דאָך נישט צו דעם זעלביקן קלאַס, קען ער דאָך נישט זיין קיין מיט־שותף אין דעם קלאַסן־קאַמף וואָס וויל באַפרייען די אַרבעטער פון עקספּלואַטאַציע. אַמאָל האָט מען אַכטונג געטאָן אַז דער

אַרבעטער־רינג זאָל פּאָליטיש שטיצן בלויז די קאַנדידאַטן פאַר עפנטלעכע אַמטן, וועלכע שטעלן זיך איין אין זייער וואַל־פּלאַטפאָרמע פאַר דער אָפּ־שאַפונג פון קאַפּיטאַליזם. ווייל די אָפּשאַפונג פון קאַפּיטאַליזם איז געווען דער גרונט־באַדינג פאַר דער איינפירונג פון אַ נייעם וועלט־סדר.

די בילדונג־ און קולטור־אַרבעט איז געפירט געוואָרן אין סאָציאַ־ ליסטישן גייסט. ביי לעקציעס און סימפּאָזיומס, וועלכע זיינען פאָרגעקומען אַזוי אָפט ווי צוויי מאָל אַ חודש, פלעגט מען זיך אַמפּערן איבער סאָציאַליס־ טישע פּראָבלעמען, איבער דעם ווי אַזוי מען דאַרף איינפירן סאָציאַליזם. די רעדנער ביי די לעקציעס זיינען געווען סאָציאַליסטן פון פאַרשיידענע ריכ־ טונגען. און די ערשטע קאָאָפּעראַטיוון, וואָס אַרבעטער־רינג מיטגלידער האָבן געגרינדעט, האָבן געזאָלט צוגרייטן דעם באָדן פאַר אַ נייעם וועלט־ סדר. זיי האָבן געשטרעבט פון איין זייט צו געבן באַשעפטיקונג פאַר אַרבעטער־רינג מיטגלידער, אָבער פון דער אַנדערער זייט זען אַז ער זאָל געניסן די פולע פּרוכט פון זיין אַרבעט.

אַמאָל איז דער אַרבעטער־רינג נישט געווען דער רויטער קרייז פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, ער איז געווען אַ וויכטיקער אינטעגראַלער טייל פון דער אַרבעטערשאַפט גופא. דער אַרבעטער־רינג איז לויט זיין פּרינ־ ציפּן־דערקלערונג, געווען דער „דריטער אים בונד" צו די „צוויי אַנדערע טיילן פון דער אַרבעטער־אַרמיי, די טרעיד־יוניאָנס און די סאָציאַליסטישע אַרבעטער־באַוועגונג", מיט וועלכע ער האָט צוזאַמען געווירקט, אַז דער אַרבעטער־קלאַס זאָל קריגן „דעם מעכטיקן איינפלוס אין דער געזעלשאַפט". פון די דריי הויפּט־אויפגאַבן וואָס ס׳האָט זיך געשטעלט דער „אַרבעטער־ רינג־פאַראיין", אַ פאָרלויפער פון דעם אַרבעטער־רינג, וועלכע זיינען געווען: קעגנזייטיקע אונטערשטיצונג, בילדונג און גרינדן קאָאָפּעראַ־ טיווע אונטערנעמונגען, זיינען די לעצטע צוויי באַטראַכט געוואָרן פאַר די סאַמע וויכטיקסטע.

אָבער אויך דאָס „אייזן" אין דעם „גאָלדענעם רינג" האָט אַמאָל געהאַט אַ גרויסן ממשות. אין דער מאַטעריעלער אָרעמקייט אין וועלכער עס האָט געלעבט די יידישע אימיגראַנטן־מאַסע, ווען דער אָרדן האָט זיך געגרינדעט, האָבן די עטלעכע דאָלער קראַנקען־שטיצע אָפט געהאָלפן דעם אַרבעטער

קויפן ברויט פאַר ווייב און קינד, בעת דער ברויט־געבער האָט, מחמת זיין קראַנקייט, פאַרלוירן זיינע טעגלעכע פאַרדינסטן. עס האָט געהאָלפן קויפן די נויטיקע מעדיצין אָדער באַצאָלן אַן אַלטן גראָסערי־ביל. אין דעם עקאָנאָמישן „דזשאָנגעל״, וואָס האָט דעמאָלט געהייסן די „גאָלדענע מדינה״ אין וועלכן דער אַרבעטער איז אָפטמאָל אָן רחמנות, ווי אַן אויסגעקוועטשטער ציטרין, אַרויסגעוואָרפן געוואָרן אויפן גאַס, אָן וועלכן עס איז שוין מצד דער רעגירונג אָדער יוניאָן, האָט אָפט די מאָגערע שטיצע פון דעם „אַרבעטער פאַריין״ געהאָלפן דעם אַרבעטער זיך צוריקשטעלן אויף די פיס, כדי ער זאָל ווידער קענען אָנהויבן פאַרדינען אויף חיונה. די ברודערלעכע הילף פון אָרדן האָט דעם אַרבעטער אָפט איינגעשפּאָרט די בושה פון אָנקלאַפּן אין די צדקה־טירן פון די זעלביקע יידישע גבירים, וועלכע האָבן אים אַזוי שוידערלעך עקספּלואַטירט.

דער האָספּיטעלער, אָדער די קאָמיטע פון אַרבעטער־רינג ברענטש, וואָס פלעגן קומען באַזוכן דעם קראַנקען מיטגליד האָבן, נאָך מער ווי די פּאָר דאָלער שטיצע, געבראַכט מיט זיך אַ שטראַל ליכט אין דער פינצטערער טענעמענט דירה, אַ ליכט פון פריינדשאַפט און ברודערלעכקייט, וואָס האָט געשטאַרקט דאָס געמיט פון דעם קראַנקען און האָט געוועקט זיין גלייבן אין דעם מענטשן און אין אַ בעסערער צוקונפט.



אַזוי איז געווען אַמאָל, אַזוי האָט אויסגעזען דער נעכטן, אין אַרבעטער־רינג.

היינט, איז דאָס דאָזיקע ווערטל צום גרעסטן טייל געשיכטע פון אַ פאַרגאַנגענער צייט. דער אַרבעטער־רינג איז געבוירן געוואָרן אין אַ באַשטימטער סאָציאַלער און קולטורעלער סביבה אין וועלכער ער האָט מיט אַזוי פיל פאַרשטענדעניש געשטרעבט צו באַפרידיקן די נויטן פון יענער צייט. די פשוטע פאָלקס־מענטשן, וואָס האָבן דעם אַרבעטער־רינג געגרינדעט האָבן אים געבויט און מאָדעלירט לויט זייערע באַגריפן און באַדערפעניש.

היינט לעבט דער יידישער אימיגראַנט, זיינע קינדער און אייניקלעך

אין אַן אַנדערע סביבה, אין אַן אַנדערע וועלט. און די פראַגע איז: וויפל פון די אָרגינעלע צילען און שטרעבונגען פון אַרבעטער־רינג זיינען אויך גילטיק היינט? וואָס דאַרפן זיין די פונקציעס פון דעם גרויסן אַרבעטער־אָרדן היינט, כדי ער זאָל אויך קענען לעבן און ווירקען מאָרגן?

לאָמיר אָנהויבן פון דעם „אייזן" אין דעם „גאָלדענעם" רינג. די אַרבעטער־רינג פּיאָנערן האָבן געחלומט וועגן דעם, אַז די געזעלשאַפט זאָל איבערנעמען די זאָרגן פאַר דעם בירגער ווען ער איז קראַנק אָדער אַלט. דער־אָ חלום איז שוין היינט טיילווייז פאַרווירקלעכט געוואָרן. דער סאָציאַל־פאַרזיכערונג סיסטעם אונזערער איז ווייט נישט גענוג אויף צו באַפרידיקן נאָך אַ קליינעם טייל פון אונזערע נויטן. אָבער דער עיקר־פּרינציפּ, אַז די מלוכה און נישט פּריוואַטע אָרגאַניזאַציעס איז מחויב צו באַזאָרגן פרייע מעדיצינישע הילף, קראַנקען־אונטערשטיצונג, עלטער־פּענסיעס און אַנדערע, איז שוין איצט אַ באַשטאַנד־טייל פון דעם אַמעריקאַנער לעבן.

אַלס אַ פּריוואַטע אָרגאַניזאַציע איז די סאָציאַלע הילף פון אַרבעטער־רינג אַ מוסטער פאַר די רעגירונג ווי אַזוי צו שאַפן אירע אינסטיטוציעס. דער מעדיקל דעפּאַרטמענט פון אַרבעטער־רינג, וועלכער גיט נאָך היינט די בעסטע מעדיצינישע הילף אירע מיטגלידער איז, דוכט מיר, אַ מוסטער פאַר דער רעגירונג, ווי אַזוי צו פאַרווירקלעכן אַ נאַציאָנאַלן געזונט־פּראָגראַם, וואָס זאָל געבן די בירגער דעם מאַקסימום מעדיצינישע הילף מיט אַ מיני־מום ביוראָקראַטישע קאָמפּליקאַציעס. אָבער די צוקונפט פון אַמעריקע ליגט אויפן וועג פון שטאַרקן און פאַרברייטערן די סאָציאַל־פאַרזיכערונג־אינסטי־טוציעס פון דער מלוכה און נישט פון פּריוואַטע אָרגאַניזאַציעס.

פון דער אַנדערער זייט האָבן די יוניאָנס איבערגענומען פון אַרבעטער־רינג אַ ריי פון אירע סאָציאַלע־הילף פונקציעס. קראַנקען־שטיצע צו מיט־גלידער איז היינט אַ באַשטאַנד טייל פון דער פונקציע פון מייסטע יוניאָנס. מיט אָדער אָן „סטייט דיסאַביליטי געזעצן", ווייסט היינט דער יוניאָן־מיט־גליד, אַז ער קען זיך פאַרלאָזן אויף זיין יוניאָן־אָרגאַניזאַציע אין צייט ווען ער איז קראַנק און איז נישט אומשטאַנד צו אַרבעטן. דאָס זעלביקע איז אויך מיט לעבנס־פאַרזיכערונג. אַ מיטגליד פון דער „אינטערנעשאַנעל לײדיס גאַרמענט וואָרקערס יוניאָן", למשל, קריגט מיט זיין יוניאָן־ביכל

אַ לעבנס־פאַרזיכערונג־פּאָליסי פאַר טויזנט דאָלער פאַר וועלכן ער דאַרף נישט, אין מייסטע לאָקאַלען, צאָלן אַ סענט.

די יוניאָן העלט־סענטערס וואָס די אינטערנעשאָנעל האָט אויפגעבויט און איצט אויך די אמאלגאמייטעד, דערפילן אַ וויכטיקע אַרבעטער־רינג פונקציע, סיי בנוגע געבן מעדיצינישע הילף צו גרויסע מאַסן אַרבעטער פריי אָדער פאַר אַ מינימאַלן אָפּצאָל און סיי אין אָפּהיטן דאָס געזונט פון זייערע מיטגלידער, און וואָס אַנבעלאַנגט די גרויסע ראָל פון אַרבעטער־רינג אַלס דער רויטער קרייץ פון דער אַרבעטער־באַוועגונג איז ערשטנס, פירן היינטיקע צייטן אונזערע יוניאָנס זייער ווייניק קלאַסן־מלחמות צוליב וועלכע עס זאָל נויטיק זיין די רויטע קרייץ הילף, צווייטנס, האָט היינט כמעט יעדער יוניאָן די געהעריקע סטרייק־פאָנדן צוגעגרייט נאָך איידער זי רופט אַרויס אַ גרעסערן סטרייק.

אָבער מיר דוכט, אַז אפילו די געמינערטע באַדייטונג פון דער „קעגנזייטיקע הילף"־פונקציעס, דער ערשטער פונקט אין דעם אַרבעטער־רינג פּראָגראַם בשעת ער האָט זיך געגרינדעט, איז נאָך ווייט נישט מבטל די הילף וואָס דער אַרבעטער־רינג גיט היינט צו טויזנטער מיטגלידער זיינע, איז נאָך ווייט נישט מבטל די אינסטיטוציעס וואָס דער אַרבעטער־רינג האָט אויסגעבויט פאַר אָט דער דאָזיקער הילף.

אַלס אַ מער ערנסטן פאַרלוסט פאַר דעם אַרבעטער־רינג באַטראַכט איך דעם טרויעריקן אומקום פון דער קולטור און אירע טרעגער פון דעם מזרח־אייראָפּעאישן יידנטום אין דער לעצטער וועלט־מלחמה. מזרח־אייראָפּע האָט געגעבן דעם אַרבעטער־רינג זיינע פּיאָנערן און בוייער, געשפּייזט די אַרבעטער־רינג מיטגלידער מיט יידישע קולטור און שפּראַך מיט וועלכע דער אַרבעטער־רינג האָט אין פאַרלויף פון האַלבן יאָר־הונדערט, באַרייכערט זייער וויסן און זייער גייסט.

עס איז דעריבער נישט קיין וואונדער, וואָס דער פעלזן פעסטער אַרבעטער־אָרדן וואַרפט זיך, זייט דעמאָלט, זינט דעם אומקום פון מזרח־אייראָפּעאישן יידנטום ווי אַ שפּענדל אויפן ים, פון איין געזעלשאַפטלעכער באַוועגונג־כוואַליע אויף דער אַנדערער. עס דאַרף געזאָגט ווערן אַז דער יידישער אַרבעטער „בונד" האָט געגעבן דעם אַרבעטער־רינג זיין גייסטיקן

פנים, דעם סאַמע באָדן אויף וועלכן ער איז געוואַקסן. איז עס מעגלעך אַז מיט דעם אומקום פון „בונד" אין דעם קולטורעל רייכסטן יידישן ישוב, אין פוילן, האַלט דער אַרבעטער־רינג אויך ביים פאַרלירן זיין אידעאָלאָגישן אינהאַלט? אָפּטמאָל דוכט זיך, אַז אונזער אַרבעטער אָרדן איז עפּעס ווי אַ ריזן שיף אויף אַ שטורמישן ים, וועלכע האָט פאַרלוירן איר קאָמפּאַס און איר אַנקער. אָט דאָס איז אפשר ערגער ווי דער פאַרלוסט פון דעם אייזן־צו־שמעלץ אין דעם אַרבעטער־רינג.

***

טאָ וואָס קען זיין דער מאָרגען פון אַרבעטער־רינג? מיר דוכט, אַז איינער פון די דריי פּונקטן אין דעם אָרגינעלן פּראָגראַם פון אַרבעטער־רינג, מיט פופציק יאָר צוריק, האָט נאָך היינט נישט פאַרלוירן זיין באַדייטונג. דאָס איז דער פּונקט וועגן בילדונג און קולטור־אַרבעט.

עס איז זייער באַגרייפלעך אַז דער אַרבעטער־רינג זאָל אָפּגעבן אַ טייל פון זיין ענערגיע צו באַזאָרגן זיינע אַלט געוואָרענע מיטגלידער מיט אַן אייגענער היים. פּונקט ווי עס איז באַגרייפלעך אַז יוניאָנס מיט אַ גרויסער צאָל אַלטע מיטגלידער זאָלן טראַכטן וועגן באַזאָרגן זיי מיט אַ געהעריקע עלטער־פּענסיע אויפן רעכנונג פון דער אינדוסטריע.

אָבער וואָס וואָלט געוואָרן פון אַ יוניאָן, למשל, ווען זי וואָלט דעם גרעסטן טייל פון איר ענערגיע אָפּגעגעבן אויף צו באַזאָרגן אירע אַלטע מיטגלידער און בלויז אַלס רוטין־זאַך אָפּגעגעבן מיט די נויטן פון אירע יונגע און ניי־אַריינקומענדע מיטגלידער? עס איז קלאָר, אַז אַזאַ יוניאָן וואָלט זיך פאַראורטיילט צום אונטערגיין, זי וואָלט בידים אָפּגעשניטן די וואָרצלען, וואָס גיבן איר לעבנס־זאַפט צו בליען און וואַקסן.

אַוואַדע איז שווער פאַר דעם אַרבעטער־רינג געניו איינצוטיילן וויפיל ענערגיע ער זאָל אָפּגעבן אויף צו בויען אַ היים פאַר אירע אַלטע מיטגלידער און וויפיל אימפּעט ער זאָל אַריינטאָן אין דער בוי־אַרבעט פון זיין שול און יוגנט־באַוועגונג. דער אַרבעטער־רינג איז געווען און איז פאַרבליבן אַ פאָלקס־אָרגאַניזאַציע אין פולן זין פון וואָרט. זיין טעטיקייט ווערט באַשטימט דורך דעם מאָס ענטוזיאַזם וואָס איז פאַראַן ביי די מיטגלידער אין די

ברענטשעס. און אין די ברענטשעס איז פֿאַראַן אַ באַגרייפֿלעכע נייגונג אָפּצוגעבן די גאַנצע טעטיקייט פֿון דעם אָרדן פֿאַר זיינע עלטערע מיטגלי־דער. אויף צו בויען אַ היים פֿאַר אַלטע, למשל, דאַרף מען נישט פֿירן קיין פּראָפּאַגאַנדע אין אַרבעטער־רינג. וועגן וואָס מען דאַרף אָבער יאָ כסדר האַמערן, און די פֿירערשאַפֿט וואָלט געדאַרפֿט אין דעם פֿאַל געבן דעם טאָן, איז פֿאַר מער שולן, מער יוגנט־קלובן און פֿאַראינטערעסירן די ברענטשעס מער אין דער יוגנט־באַוועגונג פֿון דעם אָרדן.

דאָ איז נויטיק אַ סך אַרבעט און אַ ברייטער פּראָגראַם פֿון טעטיקייט וועלכער זאָל, לכל הפּחות, האָבן נישט ווייניקער פֿאַרנעם ווי די באַוועגונג וואָס גייט איצט אָן פֿאַר דער זקנים־היים פֿאַר מיטגלידער אין ניו־יאָרק. פֿאַר שולן און יוגנט־באַוועגונג דאַרף מען שוין פֿירן פּראָפּאַגאַנדע, ווייל געוויינטלעך האָבן שוין מסתמא די גרעסטע צאָל מיטגלידער שוין אויס־געגעבן זייערע קינדער און אפֿילו זייערע אייניקלעך און זיינען אפֿשר נישט גענויגט צו טראַכטן אַזוי פֿיל וועגן יונגען דור, ווי אין יענער צייט ווען דער יונגער דור איז באַשטאַנען מייסטנס פֿון אייגענע זין און טעכטער.

די יוגנט וואָס דער אַרבעטער־רינג דערציט איז פֿאַר דעם אָרדן היינט וויכטיקער ווי אַמאָל, ווייל דאָ איז פֿאַראַן דער רעזערוו פֿאַר זיין צוקונפֿט. אַמאָל האָט מען געקענט האָפֿן אַז יעדער נייער שטראָם פֿון יידישע אימי־גראַנטן וועט אַריינברענגען אין אָרדן נייע מיטגלידער און נייע אידייען. היינט איז אַזאַ האָפֿנונג, ליידער צו אונזער גרויסן אומגליק, נישט פֿאַראַן. אין די אַ.־ר.־שולן, אין זיין יוגנט־באַוועגונג און אין זיין קולטור־אַרבעט, האָט לויט מיין מיינונג, דער אַרבעטער אָרדן זיין תּיקון. עס איז פֿאַראַן זייער ווייניק געביטן אין וועלכע דער אַרבעטער־רינג קען אַזוי קאָנסעקווענט פֿאַרבינדן דעם נעכטן מיט דעם מאָרגן, ווי אין זיין בילדונג־ און קולטור־אַרבעט. דאָ איז דאָס גאָלד אין דעם רינג פּונקט אַזוי ריין און אידעאַליסטיש, ווי עס איז געווען אין די ערשטע יאָרן פֿון זיין גרינדונג.

עס איז אין אַמעריקע נישט פֿאַראַן קיין אַנדערע פֿאָלקס־אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז אַזוי מסוגל צו זאָרגן פֿאַרן קיום פֿון דער יידיש־וועלטלעכער קולטור, ווי עס איז דער אַרבעטער־רינג. אין מזרח־אייראָפּעאישע לענדער האָבן די אַרבעט געטאָן די יידיש־סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. אין אַמעריקע וואו אַ יידיש־סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט לכתּחילה ניט גענומען אויף זיך

קיין שום קולטור־פונקציעס. האָט דער אַרב.־רינג באַלד ביים געבורט פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג איבער זיך גענומען די ראָל וואָס די יידיש־סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס האָבן געהאַט אין דער אַלטער היים. אָט די דאָזיקע קולטור־פונקציעס דאַרף דער אַרבעטער־רינג ווייטער אויספירן.

די בילדונג און קולטור־אַרבעט דאַרף זעלבסט פאַרשטענדלעך זיין אַ סאָציאַליסטישע, ווייל נאָר אין זיין סאָציאַליסטישער קולטור טעטיקייט קען דער אַרבעטער־רינג אויסדריקן זיין המשך־דיקייט און זיך אָפּגרענצן פון אַנדערע יידישע אָרדנס. ווי זאָגט דאָרט אונזער אַלטער פריינט א. א. גאָרדאָן; „אַנדערע אָרדנס עקזיסטירן אין די טויזנטער" אפילו פאַר ציוניסטישער טעטיקייט אין אַמעריקע איז פאַראַן אַ ספּעציעלער אָרדן און וועגן קאָמוניסטישע אָדער קאַפּיטאַליסטישע אָרדנס איז דאָך שוין נישטאָ וואָס צו ריידן. „אונזער צוועק", טענהט דער אַרבעטער־רינג־פּיאָנער, „איז געווען אַפילו העכערער, טיפערער און ברייטערער . . . אַ שענערע וועלט מיט אַ בעסערע געזעלשאַפט" . . .

יאָ, אַ בעסערע געזעלשאַפט, אַ בעסערער ווירטשאַפט־סיסטעם, אין וועלכער עס זאָל נישט זיין קיין אָרעמקייט, קיין דחקות און קיין מלחמות און אין וועלכער יעדער מענטש זאָל זיין פאַרזיכערט פון וויגל ביז צום קבר מיט דעם מאַקסימום פון מאַטעריעלן און גייסטיקן וואוילזיין. צו אַזאַ סאָציאַליסטישן וועלט־סדר האָבן די מיטגלידער פון אַרבעטער־רינג געשטרעבט מיט 50 יאָר צוריק און אַזאַ וועלט־סדר דאַרף נאָך היינט זיין דער אידעאַל פון אַרבעטער אָרדן.

*
**

צום 25 יאָריקן יובל פון ברענטש 611 וועלכער האָט אַזויפיל פון זיין ענערגיע אַוועקגעגעבן פאַר דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין אַמעריקע און וועלכער האָט זיך ברייטהאַרציק אָפּגערופן אויף דער קולטור־אַרבעט פון דעם אָרדן ווי אויך אויף זיין הילף־אַרבעט, סיי דאָ אין אַמעריקע און סיי מעבר לים מעג איך אויסדריקן מיין וואונטש, דעם וואונטש פון אַ מיטגליד פון דעם ברענטש, אַז דער יידישער אַרבעטער־אָרדן זאָל נאָך לאַנג לעבן און געדייען.

ב. שעפנער

# די, וואָס קוקן בלויז צוריק . . .

איך פיל זיך אַביסל אומבאַקוועם, ווען איך זעץ זיך איצט אַוועק שרייבן מיין קורצן בייטראג צום יובליי־בוך פון אונזער ברענטש. ווייל די טעמע מיינע איז אַ גאַנץ אַפּיקורסישע: „פאַרוואָס איך האַלט נישט פון קיין יובליי־ביכער?". קומען צו אַ יובליי־בוך מיט אַזאַ טעמע איז ווי גיין אין שול־אַריין, כדי צו זאָגן די מתפּללים, אַז מען גלויבט נישט אין גאָט . . .

מיין אפּיקורסות איז אייגנטלעך חל נישט בלויז אויף יובליי־ביכער, נאָר בכלל אויף ביכער. איך האַלט, אַז מען גיט ביי אונז אַרויס צופיל ביכער. אונזער דור ליידט פון איינער פון די שרעקלעכסטע אינ־פלאַציעס — זויף דער אינפלאַציע פון וואָרט. דאָס וואָרט, דאָס גע־רעדטע און אויך דאָס געשריבענע, איז געוואָרן זייער ביליק. די גאַסן און מערק זיינען פאַרפלייצט מיט ווערטער. די דרוק־מאַשינען וואַרפן אַרויס יעדע מינוט נייע ביכער, וואָס קיינער נעמט נישט ערנסט, פונקט ווי מען נעמט נישט ערנסט די געשריבענע אָפּמאַכן, וואָס ווערן גע־שלאָסן צווישן די מלוכות. אנשטאָט אויסצופירן די אַלטע אָפּמאַכן, שרייבט מען נייע, אנשטאָט צו לייענען די אַלטע ביכער, דרוקט מען נייע. עס איז באַקוועמער . . .

אָבער נאָך מיט מער פאַרדאַכט, ווי אויף דער איבער־פּראָדוקציע פון סתם־ביכער קוק איך אויף דער איבערפּראָדוקציע פון יובליי־ביכער, וואָס עס גיבן אַרויס די פאַרשידענע פראַטערנאַלע געזעלשאַפטן און חברות אין די אַמעריקאַנער לענדער. דאָס זיינען ביכער, פול מיט איבערגעטריבענע לויב־געזאַנגען און איבערגעצוקערטע קאָמפּלימענטן פאַר דער אייגענער חברה און אָפּטמאָל בלויז פאַר איין מענטש, וועלכן דער צופאַל, די קעשענע, אָדער די עלנבויגנס האָבן אַרויסגערוקט אין דער שפּיץ פון דער חברה. די דאָזיקע ביכער זיינען פונקט אַזוי דויערהאַפט און סאָליד ווי די מייסטע באַנקעט־רעדעס און ווי איין־טאָג פליגן. זיי

הייבן זיך אויף הויך, געבן אויף אַ ווײַלע אַ שימער מיט אַ קאָלירט פליגעלע און אין אַ טאָג אַרום געהערן זיי שוין צו דער פאַרגאַנגענהייט.

בכלל האַלט איך, אַז דאָס יידישע געזעלשאַפטלעכע לעבן אין די אַמעריקעס לייט שטאַרק פון צוריק קוקן. אנשטאָט צו פאַרנעמען זיך מיטן היינט און מיטן מאָרגן, פאַרנעמט מען זיך מייסטנס מיט באַוואונדערן און באַזינגען דעם אייגענעם נעכטן. איך קען דאָ אַ וואוילן יידן, וואָס פאַרגעסט נישט ביי יעדער געלעגנהייט מיך צו דערמאָנען, אַז ער איז אין דער אַלטער היים געזעסן אין טורמע פאַר באַטייליקן זיך אין אַ סטרייק. געזעסן איז ער סך־הכל אַ חודש צייט, אָבער שוין פערציק יאָר ווי ער לעבט פון די פראָצענטער פון דער דאָזיקער איין־מאָנאַטיקער „מאַרטירעריי״... דערוויל האָט נאָך דער ייד קיין יובילײ נישט געפּראַוועט, אָבער איך בין נישט זיכער, צי דאָס וועט נישט אַ ליאַדע טאָג „אויסברעכן״ און דעמאָלט ווער ווייס צי עס וועט נישט אויך דער־שיינען אַ יובילײ־בוך, אין וועלכן עס וועט זיין באַזונגען אַחוץ יובילאַרס פאַרגאַנגענהייט, אויך זיין משפחה, זיין שטעטל און איך וועל גאָרנישט זיין איבערראַשט, ווען איך וועל דאָרט געפונען אַ „פיקטשער״ פון דער טורמע, אין וועלכער ער איז געזעסן...

אָבער טאַקע דערפאַר, ווייל עס זיינען מיר אַזוי דערווידער די היגע יידישע „צוריק־קוקער״ — חברות און זייערע טעסטימאָני און יובילײ־ביכער, געפעלט מיר אונזער ברענטש 611. ער האָט קיינמאָל זיך נישט באַגנוגנט מיט באַזינגען דעם אייגענעם ראָמאַנטישן נעכטן, נאָר שטענ־דיק געפילט זיך פאַרפליכטעט מיטצואווירקן אין דער געשטאַלטונג פון מאָרגן. נישטאָ קיין איין אַקציע פון דעם מין אין אַמעריקע, אין וועל־כער אונזער ברענטש זאָל נישט זיין אַן אַקטיווער שותף. דערפאַר טאַקע וועקט ביי מיר אויך מער צוטרוי זיין יובילײ־בוך. איך בין נאָך נישט באַקאַנט מיט די מייסטע אַרטיקלען, וואָס גייען אַריין אין דעם בוך, אָבער איך בין זיכער, אַז דאָ באַגרענעצט מען זיך נישט מיטן שיינעם „אַמאָל״. אויב מען קוקט צוריק, איז עס אָפּצוגעבן כבוד דעם העראָאישן און מאַרטירערישן נעכטן און פון אים צו שעפּן פרישן גלויבן און נייע כוחות פאַרן וויטערדיקן גאַנג.

מיר האָבן נאָך אַ גרויסן וועג צו גיין...

י. ש. הערץ

# ניט די לעצטע

דער ברענטש 611 פייערט איצט זיין 25־יאָריקן יובילײ. אונזער ברענטש איז בלויז איין צווייגל פון אַרבעטער־רינג, און דער גאַנצער אַרבעטער־רינג איז אויך נישט מער ווי אַ צווייג פון דער יידישער אַר־בעטער־באַוועגונג. איז אָט, ווען מיר פייערן דעם יובילײ פון אונזער קליינעם צווייגל, פאַלט אויס אַ גרעסערער יובילײ: עס ווערט 70 יאָר, ווען דאָ, אויף דער אַמעריקאַנער ערד, איז פאַרפלאַנצט געוואָרן אונזער שטאַם־בוים.

געווען איז דאָס אין יאָר 1882. דער יידישער ישוב אין אַמעריקע איז נאָך געווען זייער אַ קליינער — סך־הכל אַ פערטל מיליאָן נפשות. דער גרויסער רוב איז באַשטאַנען פון דייטשע און אַנדערע מיטל־אייראָפּעאישע יידן. פון דער רוסישער אימפעריע, וואו עס האָט געלעבט דער רוב מנין ובנין פון יידישן פאָלק, איז מען נאָך אַהער געפאָרן זייער ווייניק. בלויז אַביסל פוילישע יידן, און זיי אויך נאָר פון באַשטימטע שטעט נאָענט פון דער גרענעץ. ערשט אין די לעצטע צוויי צענדליק יאָר פון 19־טן יאָרהונדערט איז פאָרגעקומען אַ ראַדיקאַלע ענדערונג.

פאַרשיידענע סיבות האָבן געווירקט, אַז גרויסע מאַסן פון מזרח־אייראָפּע — יידן פון פוילן, ליטע, אוקראַינע, רוסלאַנד, רומעניע און גאַליציע — זאָלן פאַרלאָזן זייערע אַלטע איינגעזעסענע היימען, און זיך אַוועקלאָזן וואַנדערן אין צווייטן עק וועלט. סיבות עקאָנאָמישע, פּאָלי־טישע און נאַציאָנאַלע אונטערדריקונג האָבן צו דעם גורם געווען. נישט בלויז יידן האָבן עמיגרירט, נאָר אויך פאַרשיידענע אַנדערע פעלקער. אָבער דער שטויס צום אָנהויב פון דער גרויסער יידישער עמיגראַציע פון דער רוסישער אימפעריע האָבן געגעבן די פּאָגראָמען, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן אין פרילינג 1881 און אָנגעהאַלטן עטלעכע יאָר.

די פּאָגראָמען זיינען געקומען באַלד נאָך דעם, ווי די רוסישע רע־

וואָלוציאָנערע פּאַרטיי „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ“, וואָס האָט זיך באַנוצט מיט פּאָליטישן טעראָר אַלס קאַמף־מיטל, האָט אויסגעפירט דעם אַטענ־טאַט אויף דעם רוסישן צאַר אַלעקסאַנדער דעם 2־טן און אים געטייט. אונטער דער ווירקונג פון די פּאָגראָמען האָט זיך אָנגעהויבן אַ מאַסן־אויסוואַנדערונג. שפּעטער זיינען שוין געקומען אַנדערע פּאַקטאָרן — נויט, אַרבעטסלאָזיקייט, דוחק אין פּרנסה, גירושים, גזירות, נגישׂות און כלערליי אַנדערע צרות.

צוזאַמען מיטן שטראָם אײנוואַנדערער זיינען מיטגעקומען יידישע יינגעלייט, וואָס זיינען שוין אין דער אַלטער היים געווען סאָציאַליסטן. אַ טייל פון זיי איז אויך דאָרטן געווען פאַרבונדן מיט דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. דאָס וואָס זיי האָבן דאָרטן געטאָן באַהאַלטענערהייט, בסוד־סודות, האָבן זיי דאָ געקענט פראַנק און פריי פּרעדיקן. זייערע ערשטע אַגיטאַציע־רעדעס האָבן זיי געהאַלטן אויף איינקע פאַר־זאַמלונגען און פאָרלעזונגען אויף דער איסט־סייד אין ניו־יאָרק, אין יאָר 1882. דאָס איז געווען דער אָנהויב.

אין אַמעריקע האָט שוין אַ ריי יאָרן עקזיסטירט אַ סאָציאַליסטישע באַוועגונג. עס האָט דעמאָלט געווירקט די סאָציאַליסטישע אַרבעטער פּאַרטיי (ס.ל.פּ.). איינצלנע יידן האָבן צו איר געהערט. אָבער די יידישע סאָציאַליסטישע אַרבעט איז געפירט געוואָרן עטלעכע יאָר מחוץ איר. במשך פון דער צייט זיינען געווען איינקע אָרגאַניזאַציעס, דורך וועלכע די אַרבעט איז געטאָן געוואָרן און די וויכטיקסטע פון זיי איז געווען דער יידישער אַרבעטער־פאַראיין, וואָס איז אין יאָר 1887 אונטערגעגאַנגען. די יידישע סאָציאַליסטן האָבן דעמאָלט אָנגעהויבן גרינדן יידישע סעק־ציעס אין דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי און די סאָציאַליס־טישע טעטיקייט אויף דער יידישער גאַס האָט אָנגעהויבן גיין אונטער דער פאָן פון דער ס.ל.פּ.

נישט בלויז די בשורה פון סאָציאַליזם האָבן די פּיאָנערן געבראַכט די דערשלאָגענע און שטאַרק עקספּלאָאַטירטע יידישע אַרבעטער. מ׳האָט זיך אויך באַמיט זיי צו אָרגאַניזירן אין טרייד־יוניאָנס און פירן אין קאַמף פאַר אויסבעסערן די שוידערלעכע אַרבעטס־באַדינגונגען, וואָס האָבן

געהערשט אין די שוויץ־שעפער. מ'האָט די יידישע אַרבעטער, וואָס זיי־נען נאָך געווען רוי, אומוויסנדיק און דערשראָקן, געלערנט קעמפן פאַר אַ גרעסער שטיקל ברויט, פאַר אַ קלענערן אַרבעטס־טאָג און פאַר מענטשלעכער ווירדע.

פון יענעם קליינעם אָנהויב, — אַן אַרבעט פון אַ קליין הייפל אידעאַליסטישע פּיאָנערן — איז אויסגעוואַקסן אַ גרויסע, פאַרצווייגטע יידי־שע אַרבעטער־באַוועגונג.

אין דער פּיאָנערן־צייט האָט מען נישט בלויז אויפגעבויט פּאָלי־טישע און טרייד־יוניאָניסטישע אָרגאַניזאַציעס פון יידישע אַרבעטער, נאָר אַביסל שפּעטער אויך אַ יידישע אַרבעטער־פּרעסע. אין די 90־ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט איז שוין געווען אַ טעגלעכע צייטונג — „דער אַבענד בלאַט", אַ וועכנטלעכע — „די אַרבעטער־צייטונג" און דער חודש־זשורנאַל „די צוקונפט".

דאָס יידישע לעבן איז שנעל געוואַקסן אין צאָל און קוואַליטעט. אַזוי אויך די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג. די ווייטערדיקע יאָרן האָבן געברענגט נייע אימיגראַנטן־שטראָמען און צווישן זיי נייע שיכטן יידישע אַרבעטער, וואָס האָבן שוין אַליין געהאַט דורכגעמאַכט אַ רעוואָלוציאָ־נערע און סאָציאַליסטישע שול — די קאַמף־שול פון „בונד". אויך דאָס יידישע לעבן אין דער אַלטער היים איז מיט דער צייט אַנדערש געוואָרן, וועלטלעכער, מאָדערנער. ס'איז געבוירן געוואָרן אַ גרויסע נייע יידישע ליטעראַטור און אַ ניי קולטור־על לעבן. די יידישע אַרבעטער האָבן שטיקער פון דעם לעבן מיטגעברענגט אַהער. זיי זיינען געקומען באַלאָדן מיט נייע באַגריפן און זיי האָבן דאָס אַריינגעטראָגן אין אוצר פון דער היגער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג.

לויט איר גרויסקייט אין צאָל און לויט אירע ברייטע מעגלעכקייטן וואָלט די יידישע אַרבעטערשאַפט אין אַמעריקע געדאַרפט ווערן אַ מוסטער. זי וואָלט געדאַרפט ווערן די זון, וואָס שיינט פאַר דעם יידישן אַרבעטס־מענטש אין אַלע עקן וועלט. ליידער איז דאָס קיינמאָל נישט געווע־ און עס איז אויך נישט היינט. די איינציקע הילף, וואָס די יידישע אַרבעטער און פאָלקס־מאַסן האָבן זעלעמאָל באַקומען פון דאַנען, איז געווען אַ מיז־

טעריעלע. פון צדקה תציל ממות קען מען אָבער קיין לעבן ניט מאַכן. אין די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג האָט נישט געקענט גייסטיק שיינען פאַר אַנדערע, ווייל זי האָט נישט געשיינט אפילו פאַר זיך אַליין.

דער גאַנצער אויפשטייג און פאַראויסגאַנג פון דער יידישער אַר־בעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע איז פול מיט דורכפאַלן און צוריקפאַלן. מ׳האָט זיך כסדר געשפאָלטן, מ׳איז כסדר געווען ברוגז, צעריסן און צעקריגט. יעדער האָט געמאַכט שבת פאַר זיך. עס האָט געפעלט די איינ־הייטלעכקייט, די גאַנצקייט.

פאַר אַ פאַרגלייך לאָמיר נעמען די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג פון אַמאָל אין צאַרישן רוסלאַנד און שפּעטער אין אומאָפּהענגיקן פוילן. זי איז געווען צעצווייגט אויף פאַרשיידענע טיילן: אַ פּאָליטישע אָרגאַ־ניזאַציע, טרייד־יוניאָנס, קולטור־ליגע, שול־נעץ, יוגנט־אָרגאַני־זאַציע, קאָאָפּעראַטיווער פאַרבאַנד א.אַ.וו. אָבער ביי אַלע צווייגן איז געווען דאָס שטאַרקע געפיל און דער באַוואוסטזיין, אַז די באַזונדערע צווייגן זיינען טאַקע נישט מער ווי צווייגן פון איין בוים. יעדער צווייג האָט בלויז אַ באַזונדערע אויפגאַבע, וואָס דאַרף דינען דעם זעלבן הויפּט־צוועק: אויפהויבן מאַטעריעל און פּאָליטיש, גייסטיק און מאָראַ־ליש דעם אַרבעטס־מענטש. אַלע זיינען באַזונדערע באַטאַליאָנען פון איין קאַמף־אַרמיי. און קיין שום אָפּטיילונג טאָר נישט טאָן עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל זיין אַ שטער פאַר אַ צווייטער. דער כלל „איינער פאַר אַלע און אַלע פאַר איינעם״ איז נישט געווען קיין פּוסטע פראַזע. אַלע זיינען געווען אידעאַליסטיש פאַרבונדן. און אַזוי איז אויסגעשמידט געוואָרן אַ קלאַס, אַ יידישער אַרבעטער־קלאַס. און אַזוי איז געשאַפן געוואָרן אַ ווילן, אַ מעכטיקער ווילן פון יידישן אַרבעטער־קלאַס. און אַזוי האָט מען אַרויסגערוקט פאַרלאַנגען און פאָדערונגען, געשטעלט אויפגאַבן און צילן און געקעמפט פאַר זיי.

דאָס, וואָס מיר האָבן געזאָגט דאָ וועגן די יידישע אַרבעטער פון מזרח־אייראָפּע, קען מען זאָגן וועגן יעדער נאָרמאַלער אַרבעטער־באַ־וועגונג פון אַנדערע פעלקער.

אַנדערש איז געווען אין אַמעריקע. פיל דראַמאַטישע און פיינלעכע

מאַמענטן האָט געהאַט צו פאַרצייכענען די היגע יידישע אַרבעטער־באַוועגונג. אפשר דאָס פיינלעכסטע איז אָבער געווען דאָס, וואָס מ׳האָט זיך אַליין געבונדן הענט און פיס, וואָס מ׳האָט זיך אַליין פאַרשטאָפּט דאָס מויל, וואָס מ׳האָט זיך אַליין געמאַכט בלינד און טויב און אַליין ביי זיך צוגערויבט די מעגלעכקייטן, וואָס די געשיכטע האָט געגעבן די יידישע אַרבעטער. געוויס זיינען געווען אויסערלעכע שונאים, וואָס האָבן כסדר געראַובט די מעגלעכקייטן, די צרה איז אָבער, וואָס מ׳האָט מיט אייגענע הענט צוגעהאָלפן אין אָט די רויבערייען.

דער ערשטער דור יידישע סאָציאַליסטן האָט געזען זיין אייפגאַבע בלויז אין פראָפּאַגאַנדירן צווישן יידן אויף דער יידישער שפּראַך אַן אַלגעמיינעם, אַבסטראַקטן און קאָסמאָפּאָליטישן סאָציאַליזם. זיי זיינען געווען אַסימילאַטאָרן און געטריבן פון זיך יעדן געדאַנק וועגן אַרבעטן פאַר דער אויפלעבונג פון דער יידישער נאַציאָנאַלער קולטור. וועגן אָרגאַניזירן די יידישע פאָלקס־מאַסן זיי זאָלן ווערן אַ פּאָליטישער קלאַסן־כוח אין יידישן און אַלגעמיינעם לעבן. זיי האָבן די כוחות פון די יידישע אַרבעטער נישט פאַראייניקט, נאָר צעשפּליטערט, צעשטייבט. דאָס האָט מעגלעך געמאַכט אַ הפקרות און אַ דעמאָראַליזאַציע. יעדער האָט געזען נאָר זיין ווינקעלע, זיינע ד׳ אמות.

אינטערעסאַנט, אַז אין קאַמף פאַר שאַפן נאַציאָנאַלע שפּראַך־פעדעראַציעס אין די ראַמען פון דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי (ס.פּ.) האָבן די יידישע סאָציאַליסטן דעם קלענסטן חלק. נאָך מער: פיל איינפלוסרייכע יידישע סאָציאַליסטישע טוער האָבן עס גאָר באַקעמפט.

ביי אַזאַ מצב האָט קיין געזונטע און נאָרמאַלע יידישע אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע נישט געקענט זיך אַנטוויקלען. עס האָט געפעלט דער עלעמענטאַרסטער יסוד: די איינינקייט פון אַלע צווייגן. און ס׳איז נישט געווען קיין געמיינזאַם פּראָגראַם און קיין קלאָרער ווילן.

אין די ערשטע יאָרן פון היינטיקן יאָרהונדערט, ווען ס׳איז פאָרגעקומען די וואונדערלעכע דערוואַכונג פון יידישן אַרבעטער־פאָלק אין די לענדער פון מזרח־אייראָפּע, איז דאָ פאַקטיש געווען אַ וויסטער מדבר. די צאָל יידישע אַרבעטער איז פון יאָר צו יאָר געשטיגן, אָבער אין

דער סאָציאַליסטישער און טרייד־יוניאָן־באַוועגונג אויף דער יידישער גאַס איז געווען חושך. די אַמעריקאַנער סאָציאַליסטישע פּאַרטיי איז זיך כּמעט פאַנאַנדערגעוואַקסן, אָבער ביי יידן איז געווען שטיל ווי אויף אַ בית־עולם, פיל־פיל ערגער ווי מיט יאָרן צוריק. נישט קיין פאָראויס־גאַנג, נאָר אַ צוריקגאַנג. קוים מיט צרות האָט מען שפּעטער, קעגן ווי־דערשטאַנד פון אַ סך איינפלוסרייכע יידישע סאָציאַליסטישע טוער, געשאַפן אַ יידישע אַגיטאַציאָנס־ביוראָ, וואָס האָט געפירט אַ גאַנץ נעבעכדיק לעבן. אַ צענדליק יאָר האָט געמוזט אַוועק, דאָס פּרוכטבאַרע ערשטע צענדליק יאָר פון היינטיקן יאָרהונדערט, אַז דאָס אייז פון גלייכגילטיקייט און הילפלאָזיקייט זאָל געבראָכן ווערן.

די יידישע אַרבעטער פון די נאָדל־פאַכן און פון אַנדערע פאַכן, אויסגעזויגן ביזן ביין דורך זייערע באַלעבאַטים, דערנידעריקטע און באַליידיקטע, האָבן רעוואָלטירט. אַ כוואַליע פון גרויסע מאַסן־סטרייקן האָט אַ פלייץ געטאָן. דעמאָלט איז געלייגט געוואָרן דער פעסטער פונדאַמענט פון די טרייד־יוניאָנס, וואָס פלעגן פריער אזוי אָפט אויפקומען און אונטערגיין ביי יידישע אַרבעטער — דעמאָלט האָבן אויך די יידישע סאָציאַליסטן געשאַפן אַ יידישע סאָציאַליסטישע פעדעראַציע, ווי אַן אָפּטיילונג פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. ס׳איז גרויס געוואָרן דער אַרבעטער־רינג און ס׳האָט זיך פאַנאַנדערגעוואַקסן אַ יידישע סאָציאַליס־טישע פּרעסע. ביי אַלע חסרונות, וואָס מ׳קען אין די אַלע געביטן אויסגע־פינען און ביי אַלע טענות, וואָס מ׳קען האָבן, זיינען דאָס אַלץ געווען גרויסע דערגרייכונגען. דאָס האָט געהאָלפן די יידישע אַרבעטער אויס־בעסערן און פאַרשענערן זייער לעבן. עס זיינען אויך געמאַכט געוואָרן פרואוון צו לאָזן הערן די קאָלעקטיווע שטים פון די יידישע אַרבעטער אין פאַר־שיידענע וויכטיקע פראַגן אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און אויך שפּעטער.

אַ דאַנק דעם אַרבעטער־רינג און די יידישע אָפּטיילונגען פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי איז אין אַ ריי שטעט און שטעטלעך פון דער גרויסער אַמעריקע אַריינגעפירט געוואָרן וועלטלעך־יידיש לעבן. ווייל פריער האָט מען דאָרט געוואוסט נאָר פון צוויי יידישע פאָרמען:

דעם נוסח פון די אַסימילירטע רעפאָרם יאַהודים און דעם נוסח פון אַלט־פרענקישער יידישקייט, אַביסל צוגעפּאַרבט אַמעריקאַניש. ס׳איז צוגעקומען אַ דריטער נוסח. נישט רעליגיעז, אָבער דאָך יידיש אַזוי גוט ווי אַלמענטשלעך. נאָך לאַנגע אַמפּערנישן און וואַקלענישן איז געשאַפן געוואָרן אַ נעץ פון יידישע צוגאָב־שולן. עס זיינען געבויט געוואָרן לייבאָר־לייסעאומס — צענטרען פאַר געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. עס זיינען אויפגעבויט געוואָרן ביבליאָטעקן, מ׳האָט געגרינדעט כאָרן און דראַמאַטישע סעקציעס. די יידישע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס האָבן זיך באַמיט אַוועקצוהאַלטן די אַרבעטער פון די קאַפּיטאַליסטישע פּאָליטישענס און אַ לאַנגע צייט געקעמפט פאַר אייגענע פאָרשטייער אין די אינסטיטוציעס פון שטאָט, שטאַט און מלוכה.

עס האָט אויסגעזען, אַז די יידישע אַרבעטער שטעלן זיך אויף די פיס. זיי גייען באַרג־אַרויף. צווישן די פאַרשיידענע צווייגן פון דער באַוועגונג קומט פאָר אַ דערנענטערונג, עס שאַפט זיך אַ מין פאַרבינדונג, הגם אַ גאַנץ לויזע. מעגלעך, אַז ווען עס וואָלט ווייטער געגאַנגען אין דער זעלבער ריכטונג, וואָלטן פיל חסרונות און צרות באַזייטיקט געוואָרן און די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג וואָלט געוואָרן דער גרויסער כח, וואָס זי דאַרף זיין. געשען איז אָבער אַנדערש.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז די היגע באַוועגונג אַטאַקירט געוואָרן פון צוויי שטרעמונגען. זייערע נעמען זיינען: קאָמוניזם און ציוניזם. אויך אין מזרח־אייראָפּע זיינען אַזעלכע אַטאַקעס געווען. אָבער דאָרטן איז געווען אַ קאָנסאלידירטע יידישע אַרבעטער־באַוועגונג מיט אַן אויסגעשפּראָכענער יידיש־סאָציאַליסטישער אידעאָלאָגיע. די אַטאַקעס האָבן געקענט גורם זיין דעם אָדער יענעם שאָדן. אָבער די באַוועגונג האָט זיך געקענט שלאָגן און אָפּשלאָגן די אָנגריפן. און זי איז געבליבן ווייטער גאַנץ, גרויס און שטאַרק. אַנדערש דאָ. די לויזקייט און די דיסציפּלינלאָזיקייט, די צעשוואומענע אידעאָלאָגיע און דאָס פעלן פון אַ טיפער טריישאַפט האָבן די היגע יידישע אַרבעטער־באַוועגונג געמאַכט פאַר לייכטע קרבנות פון ביידע שטרעמונגען — דעם באָלשעוויסטישן קאָמוניזם און דעם נאַציאָנאַליסטישן ציוניזם.

ביידע האָבן פאַרכאַפּט באַדייטנדיקע טיילן פון דער יידישער גאַס

אין ביידע האָבן אויך באַהערשט געוויסע טיילן פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. ס׳איז נישט די שטאַרקייט פון זיגער וואָס ער זיגט, נאָר די שוואַכקייט פון דעם באַזיגטן וואָס ער ווערט באַזיגט.

אויך דער קאָמוניזם און ציוניזם האָבן געקענט טריומפירן אין די רייען פון די יידישע אַרבעטער און בכלל ביי יידישע פאָלקס־מענטשן אין אַמעריקע בלויז צוליב דעם, וואָס די לעצטע זיינען נישט געווען אידעאָלאָגיש באַוואָפנט און אָרגאַניזאַציאָנעל פאַרפאַנצערט קעגן אַן אַטאַקע פון דרויסן.

שוין די פיאָנערן האָבן אַריינגעהאַמערט אין די מוחות פון די יידישע אַרבעטער, אַז זייער שפּראַך און קולטור זיינען גאָרנישט און אַז זייער פאָלק איז גאָרנישט. און אַז מ׳האָט ניט קיין קולטור און פאָלק, איז מען אַליין אויך גאָרנישט, דאַרף מען גאָרנישט. קיין חשיבות פאַר זיך און פאַר אַן אייגענער באַוועגונג קען דאָס נישט שאַפן. מיר ווייסן גאַנץ גוט ווי אַזוי יידישע אַרבעטער האָבן געקוקט אפילו אויף די אָרגאַניזאַציעס, צו וועלכע זיי האָבן געהערט, געצאָלט שטייער און אויך געפאָלגט זייערע באַפעלן. נישט געווען דער הייליקער ציטער, די וואַרעמע באַציאונג און פאַטריאָטיזם, וואָס עס האָבן פאַרמאָגט די יידישע אַרבעטער צו זייערע אָרגאַניזאַציעס אין דער אַלטער היים. אַזוי זיינען דאָ געשטאַנען די יידישע אַרבעטער אָן דעם געפיל, אַז זיי זיינען אַ טייל פון אַ גאַנצן כלל, פעדים פון אַ גאַנצן געוועב. זיי האָבן נישט פאַרמאָגט קיין צענטראַלן אידעאַל, וואָס זאָל פאַר זיי שיינען אין טאָג־טעגלעכן גראָען לעבן, זיי האָבן נישט געהאַט קיין געפיל פון אייגענער חשיבות.

איז געקומען דער קאָמוניזם און האָט אַ בלענד געטאָן מיט אַן אַלוועלטלעכער אויסלייזנדער אידייע. ער האָט צוגעזאָגט באַפרייאונג פון קאַפּיטאַליסטישן יאָך, אַרבעטער־מאַכט, אויפבוי פון אַ קלאַסנלאָזער גליקלעכער געזעלשאַפט. אַליין איז מען נישט געווען צוגעגרייט אידעאָלאָגיש צו אַ ישוב־הדעת, און מ׳האָט געמיינט, אַז מ׳האָט גאָרנישט וואָס אָנצואווערן און דער סוף איז געווען, אַז יידישע אַרבעטער, אינטעליגענטן און אויך יידן פון אַנדערע שיכטן האָבן זיך געוואָרפן אין די אָרעמס פון קאָמוניזם, אים אַוועקגעגעבן פיל אַרבעטער־ און פאָלקס־אָרגאַניזאַציעס, וואָס זיינען מיט שווייס און מאַטערניש אויפגעבויט געוואָרן, מען האָט

אים זוועקגעגעבן די קינדער און די אייגענע נשמה. ווער האָט נישט געטאַנצט אויף דער קאָמוניסטישער חתונה? אפילו נאַציאָנאַלע שרייבער און ראַבאיס מיט גאַנץ פּראָמינענטע נעמען. מ׳האָט נישט געוואָלט זען די גרויסע תפיסה, אין וועלכע אַ זעקסטל פון דער וועלט איז פאַר־וואַנדלט געוואָרן. מ׳האָט נישט געוואָלט וויסן און רעאַגירן אויף דער צעשטערונג־אַרבעט, וואָס די קאָמוניסטישע באַוועגונג האָט אומעטום געפירט. פון זעלבסטשטענדיקן טראַכטן האָט מען זיך אָפּגעזאָגט. די שרייענדע מאַסן־מאָרדן פון סאָציאַליסטישע און קאָמוניסטישע טוער האָט מען איגנאָרירט. די אייגענע מאָראַל האָט מען געברענגט און פאַר־ברענט אויפן קאָמוניסטישן מזבח.

כדי מיט דערפאָלג קעגנצואווירקן דעם קאָמוניסטישן אָנגריף, האָט מען געמוזט אַליין פאַרמאָגן אַ שטאַרקע סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין אַן אויסגעשפּראָכענעם קאַמף־גייסט. מיט נעגאַציע אַליין קען מען קיין שטאַרקן שונא נישט באַקעמפן, מען מוז אַליין פאַרמאָגן אַ קראַפט, וואָס זאָל צו זיך צוציען. און אויב די קאָמוניסטישע באַוועגונג צווישן אַמערי־קאַנער יידן איז די לעצטע פאָר יאָר שוואַכער געוואָרן, איז עס, לליידער, נישט דער פאַרדינסט פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

צוליב ענלעכע טעמים האָט מען אויך נישט געקענט זיך אַנטקעגנ־שטעלן דעם ציוניזם. די יידישע סאָציאַליסטן פון אַמעריקע האָבן נישט דערלאָזט, אַז די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג זאָל האָבן אויך אַ נאַציאָנאַל־פּראָגראַם. די פּראָבלעמען פון יידישן לעבן זיינען וויניק באַלויכטן גע־וואָרן. מ׳איז געווען אָדער אַקטיוו־אַסימילאַטאָריש, אָדער מהיכא־תיתהדיק. און ס׳איז שוין לאַנג באַוואוסט, אַז אַסימילאַציע און מלוכהשער נאַציאָנאַליזם זיינען צוויי זייטן פון דער זעלבער מטבע. ווייל יעדער אַסימילאַטאָר איז אין תוך אַ מלוכה־פּאַטריאָט. ער ברענגט אַ קרבן דאָס פאָלק פאַר דער מלוכה. נישט די מלוכה איז פאַרן פאָלק, נאָר דאָס פאָלק האָט עקזיסטענץ באַרעכטיקונג מחמת דער מלוכה. אַ יידישער אַסימילאַטאָר קען לייכט ווערן אַ רוס, אַ פּאָלאַק, אַ דייטש, אַ פראַנצויז, אַ יענקי — אָפּהענגיק פון אָרט וואו ער באַזעצט זיך. די מיליאָנען פון זיין פאָלק און זייערע געדאַנקען, געפילן, מנהגים, טרוימען — זייער גאַנצע קולטור — האָבן

פאַר אים אַ קנאַפּן ווערט. מיט זייער נאַציאָנאַלער קולטור זיינען זיי אין זיינע אויגן מינדערווערטיק. אַ חשיבות האָט בלויז די שפּראַך און קולטור פון מלוכהשן פאָלק, אַ שטאַנדפּונקט וואָס די סאָציאַליסטישע וועלט־אָנשויאונג האָט שוין לאַנג פאַרוואָרפן. אויב יידן באַקומען אָבער אַן אייגענע מלוכה, דאַן ווערן זיי אין די אויגן פון אַסימילאַטאָר אויך יחסנים. ככל הגויים.

און אַזוי ווי די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע האָט קיין אייגענע אויסגעאַרבעטע און דורכגעטראַכטע יידיש־סאָציאַליסטישע וועלט־אָנשויאונג נישט געהאַט און פול מיט אַסימילאַטאָרישע אידייען איז זי געווען, האָט געקענט געשען, אַז זי זאָל אַזוי לייכט געפאַנגען ווערן פון ציוניזם. קיין שום אויסטערלישעס איז אייגנטלעך נישט פאָרגעקומען. די אַסימילאַציע האָט זיך איבערגעדרייט אויף דער צווייטער זייט.

אויך מיטן רוזוועלטיזם האָט מען זיך ניט געקענט קיין עצה געבן פּאָליטיש און אידעאָלאָגיש. ביסלעכווייז האָט מען פאַר אים קאַפּיטולירט בעת די אייגענע סאָציאַליסטישע באַוועגונג איז איבערגעלאָזט געוואָרן אויף הפקר. מ׳האָט זיך געשפּאָלטן, געלאָזט וועגעטירן און פאַלן.

און אַזוי איז מען געקומען צו אַזאַ מצב: עטלעכע הונדערט טויזנט יידישע אַרבעטס־מענטשן זיינען פאַראייניקט אין די יוניאָנס, אין אַרבעטער־רינג און אַ ריי אַנדערע אַרבעטער־ און פאָלקס־אָרגאַניזאַציעס. אָבער זאָל מען קיין טעות נישט מאַכן. דאָס איז נישט קיין איינהייטלעכע, צונויפגעשפּילטע און דיסציפּלינירטע באַוועגונג. דאָס זיינען בלויז טיילן פון איר. עס זיינען גלידער, ס׳איז אָבער נישטאָ קיין גאַנצער קערפּער. און אודאי איז נישטאָ קיין נשמה, אַ נשמה, וואָס זאָל לייכטן און דערהייבן, וואַרעמען און פירן.

און דאָס איז אויך איינע פון די וויכטיקסטע סיבות פאַרוואָס די יידישע יוגנט, וואָס איז אין מזרח־אייראָפּע שטענדיק געווען דער רעוואָלוציאָנערער פלאַם פון דער באַוועגונג, שטייט דאָ פון דערווייטנס. יוגנט גייט נישט אַהין, וואו זי פילט נישט קיין נשמה, וואו זי זעט נישט קיין הויכע אידעאַלן.

כ׳פרעג זיך אַליין: צו וואָס שרייב איך דאָס אַלץ? ס׳איז דאָך פאַר אַ יובילײ־בוך. און כ׳ענטפער זיך: אַ יובילײ מיינט נישט בלויז „גוט יום־טוב ביטן״. ס׳מיינט אויך מאַכן אַ חשבון־הנפש. און אַ חשבון־הנפש דאַרף מען מאַכן אפילו, ווען דער סך־הכל איז אַ ביטערער.

מעגן שוואַרץ־זעער מיינען, אַז אַלץ איז שוין פאַרלוירן. זיי זיינען נישט גערעכט. די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע האָט אין איר לאַנגער געשיכטע באַוויזן, אַז זי קען גובר זיין שווערע קריזיסן אין פאַרהײלן טיפע וואונדן. און זי פאַרמאָגט נאָך ביים היינטיקן טאָג אַ סך גרויסע און שטאַרקע טיילן, וואָס זיינען אַ גוטער מאַטעריאַל אויף אויפ־צובויען אַ לעבעדיקע באַוועגונג. אַ באַוועגונג, וואָס זאָל נישט זאָרגן בלויז פאַרן טעגלעכן ברויט, פאַרן געזונט און וואוילשטאַנד פון די מיט־גלידער, ווי וויכטיק דאָס זאָל נישט זיין, נאָר אויך קעמפן עקשנותדיק און ציל־באַוואוסט און געאייניקט פאַר העכערע צילן און אידעאַלן. נישט פאַר פרעמדע צילן און אידעאַלן, נאָר פאַר אייגענע. די יידישע אַרבעטער אין פאָלקס־מענטשן זאָלן קעמפן דערפאַר אַלס סאָציאַליסטן, יידן און אַמערי־קאַנער בירגער, קעמפן פאַר אַ פרייער דעמאָקראַטישער וועלט אָן אונטער־דריקונג און דיסקרימינאַציעס, פאַר אַ יידישער קולטורעלער אויפלעבונג און פאַר אַ פרייען סאָציאַליסטישן סדר. דאָס זיינען אויפגאַבן, אַרום וועלכע די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג פון אַמעריקע—די פאָליטישע, די טרייד־יוניאָניסטישע און די קולטורעלע — וואָלט געקענט ברייט פאַנאַנ־דערוויקלען אירע פענער. זי וואָלט איר נשמה צוריק געפינען.

צי וועט זי דאָס טאָן? — מיר דאַרפן דאָס וועלן.

צי איז עס נישט צו שפעט?

נאָך מיט 4—5 צענדליק יאָר צוריק איז דאָ געווען פאַרשפרייט אַ מיינונג, אַז די געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע איז פאַרענדיקט. דער דעמאָלדיקער טרויעריקער מצב האָט אַ סך געבערענגט צו אַזאַ מיינונג, בפרט די, וועלכע האָבן געלעכצט צו זאָגן נאָך איר רבנן־קדיש. אָבער גראָד ווען די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג איז געווען אין אַ טיפער ירידה, האָט זי זיך געגעבן אַ שטאַרקן הויב אויף

און מיט קראַפט אָנגעהויבן מאַרשירן פאָראויס. אויך איצט קען עפּעס ענלעכעס געשען.

ביים היינטיקן טאָג זיינען פאַראַן הונדערטער טויזנטער יידישע אַרבעטער אין אַמעריקע. אַזוי וועט אויך זיין מאָרגן און איבערמאָרגן. מיר טאָרן נישט פאַרגעסן, אַז בערך אַ העלפט פון יידישן פאָלק געפינט זיך אויף דעם אַמעריקאַנער קאָנטינענט. און ס׳איז אוממעגלעך, אַז די גרויסע יידישע באַפעלקערונג זאָל באַשטיין בלויז פון גבירים־אדירים און אפילו פון גראָסערי־לייט מיט פּראָפעשאנעלס אַלס צוגאָב. עס וועט שטענדיק זיין אַ היבשער פּראָצענט שאַפּ־אַרבעטער, אָפּיס־אָנגעשטעלטע און אַנדערע לוין־נעמער פאַר אַרבעט. און זיי וועלן האָבן אַ באַדערפעניש צו זיין באַזונדער אָרגאַניזירט. און נאָך לאַנגע בלאָנדזשענישן קענען זיי אויך רייף ווערן צו שפּילן אַ וויכטיקע געזעלשאַפטלעכע ראָל אין אונזער לעבן.

כדי דאָס זאָל ווערן אַ רעאַליטעט, מוזן קודם־כל די צווייגן, וואָס בילדן היינט די אידעאָלאָגיש צעשווימענע און אָפּגעשוואַכטע באַוועגונג, זיך באַנייען. אונזער ליד און פאַראָל דאַרף זיין: זאָג נישט קיינמאָל, אַז עס איז שוין צו שפּעט... זאָג נישט קיינמאָל, אַז מיר זיינען די לעצטע אויפן וועג...

א. שמויס

# די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג ביי יידן אין פּוילן צווישן ביידע וועלט-מלחמות*)

וועלכע לאַנדסמאַנשאַפט, ברענטש אָדער אַנדערע יידישע אָרגאַני־זאַציע אין אַמעריקע, האָט עס נישט געהערט וועגן „אַ פֿאָלקס־באַנק" וואָס געפינט זיך אין זייער שטעטל אין דער אַלטער היים — אין פּוילן, וועגן אַ ליי־און־שפּאָר־קאַסע, אַ גמילת־חסד קאַסע אָדער אַן אַנדער קאָאָפּע־ראַטיוו, וואָס ווערט אין זייער שטעטל אָדער שטאָט אָנגעפירט דורך פּערזאָנען וואָס זיינען זיי גוט באַקאַנט, אָפט דורך זייערע גאָר נאָענטע אָדער גאָר דורך קרובים. יעדע לאַנדסמאַנשאַפט האָט געוואוסט, און זיך אינטערעסירט מיטן קאָאָפּעראַטיוו, מיט דער פֿאָלקס־באַנק פון איר שטעטל — אָבער אַן אַלגעמיינער בליק — וואָס באַדייטן די דאָזיקע קאָאָפּע־ראַטיוון פאַר דער ווירטשאַפט פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג אין פּוילן; וועלכע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג זיינען אין לויף פון יאָרן געוועזן אָנגעוויזן אויף דער הילף, כמעט אויסשליסלעך פון די דאָזיקע פֿאָלקס־בענק, וואָס פאַר אַ ראָל האָבן די דאָזיקע קאָאָפּע־ראַטיווע בענק געשפּילט אין אַלגעמיינעם יידישן לעבן — דאָס איז נישט דערשיינען. אין פּוילן גופא פלעגט יעדעס יאָר דערשיינען אַ יאָר־בוך מיט ציפערן, באַלאַנסן און פאַרגלייך־טאַבעלן. אָבער די דאָזיקע יאָר־ביכער, געדרוקט אין אַ קליינער צאָל עקזעמפּלאַרן, זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן נאָר פאַר מענטשן וואָס אינטערעסירן זיך ספּעציעל מיט די

*) חבר א. שמויס איז געווען אַן אַקטיוועך טוער, בויער און גרינדער פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג ביי יידן אין פּוילן. אין דעם דאָזיקן אַרטיקל דערציילט ער ווי אַזוי עס איז אַנטשטאַנען און זיך אַנט־וויקלט די יידישע קאָאָפּעראַטיווע בענק אין פּוילן, וואָס האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין דעם גאַנצן יידישן עקאָנאָמישן לעבן אין פּוילן.—רעד.

פּראָבלעמען פון עקאָנאָמישן לעבן פון די יידן אין פּוילן — צום ברייטן עולם זיינען די אַלע ציפערן, דיאַגראַמען און טאַבעלן נישט דערגאַנגען, און במילא געבליבן אַ געהיימעניש — שוין אָפּגערעדט וועגן די אָרגאַ־ניזאַציעס דאָ אין אַמעריקע.

זאָל זיך דער לייענער נישט שרעקן; איך האָב נישט בדעה צו דערלאַנגען די מיטגלידער פון דעם ברענטש און די אַלע וואָס וועלן לייע־נען די אויסגאַבע — אַ פּאָרציע ציפערן, און דערצו נאָך ציפערן פון דער פאַרגאַנגענהייט. עס ווערט איצט פּראָיעקטירט אַ ספּעציעלע אויסגאַבע וועגן דער יידישער קאָאָפּעראַציע אין גאַנץ אייראָפּע, און אויב דער פּלאַן וועט פאַרווירקלעכט ווערן, וועט דאָרט זיין דאָס פּלאַץ פאַר די ציפערן און דיאַגראַמעס. דאָ וויל איך פּרואוון, אין אַ ריין דערציילערישער פאָרם אויפשטעלן אַ פּאָר זיילן פאַר דעם מאָנומענט פון דער יידישער קאָאָפּע־ראַטיווער באַוועגונג אין פּוילן; דערציילן ווי אַזוי זי איז אַנטשטאַנען, וואָס זיי זיינען געווען און פון וואַנען זיינען געקומען אירע מיטלען, ווען איז די באַוועגונג נויטיק געווען, די עטאַפּן פון איר אַנטוויקלונג, און די לעצטע טעג פאַר איר אונטערגאַנג. און אויב איך וועל דאָ און דאָרט אָנרופן אַ ציפער — וועט דאָס זיין נאָר אַ קיילעכדיקע ציפער, פון אומגעפער — און אַלץ וואָס איך וועל זאָגן איז פון דעם וואָס איך געדענק אַליין אַלס אַן אַקטיווער מיטאַרבעטער און מיטבויער פון דער באַוועגונג פון ערשטן טאָג פון איר אַנטשטיין ביז זיבן טעג נאָכן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

***

עס איז געווען קורץ נאָכן סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה; שטעט און שטעטלעך פון פּוילן זיינען נאָך געלעגן אין חורבות; בערג מיט ציגל, גלאָז און ברוכוואַרג האָבן פאַרלייגט די גאַסן פון שטעט וואָס זיינען געברענט געוואָרן דורך די דייטשן; דאָס לעבן האָט זיך נאָר־וואָס אָנגע־הויבן אַריינפּאַסן אין נייע פאָרמען פון פּוילנס אומאָפּהענגיקייט. די אויפבוי־אָפּטיילונג פונם אַמעריקאַנער דזשאָינט דיסטריביושן קאָמיטע — האָט געאַרבעט אויף פּלענער — ווי אַזוי צו העלפן דעם יידישן אָרעמען

באַלמעלאָכע און קליין־הענדלער צו פאַרנעמען אַן אָרט אינם נייעם עקאָ־נאָמישן אָרגאַניזם פון דער נייער מלוכה — פוילן. נאָך אַ ריי באַראַ־טונגען איז צווישן אַנדערע זאַכן באַשלאָסן געוואָרן — אויפצובויען אַ נעץ קאָאָפּעראַטיוון און קודם־כל קרעדיט־קאָאָפּעראַטיוון — אָדער, ווי מ׳האָט זיי שפּעטער גערופן „פאָלקס־בענק״ וועלכע זאָלן פינאַנסירן דעם קליינעם און מיטעלן באַלמעלאָכע און סוחר, און אויב מעגלעך אויך פּראָ־דוציר־קאָאָפּעראַטיוון; אָרגאַניזירן פאָלקס־בענק וועלכע זאָלן ווערן דער קרעדיט־רעזערוואואַר פאַר די עלעמענטן וועלכע זיינען פון פאָראויס אויסגעשלאָסן פון דער הילף פון דער מלוכה (מלוכה און קאָמונאַלע קאַ־סעס), וועלכע האָבן נישט קיין גענוגנדע גאַראַנטיעס פאַר די פּריוואַטע בענק און קענען נישט צאָלן קיין ליכווע צינזן פאַר פּריוואַטן קרעדיט.



פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן אונטער דער רוסישער אָקופּאַציע — אין אַזוי גערופענעם רוסישן פוילן — עקזיסטירט צוויי־ערליי קרעדיט־קאַסעס: פאַר דער אָרעמער באַפעלקערונג האָבן עקזיס־טירט אַזוי גערופענע „ליי־און־שפּאָר־קאַסעס״ וועמעס קרעדיט־טעטיקייט איז געווען באַגרענעצט לויטן געזעץ צו — 300 רובל און אין גרעסערע שטעט צו — 600 רובל, און וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין רעכט צו מאַכן קיין שום אַנדערע באַנק־טראַנזאַקציעס. אין גרעסערע שטעט האָבן אויך עקזיסטירט אַזוי גערופענע „קעגנזייטיקע קרעדיט־געזעלשאַפטן״ — וועמענס טעטיקייט איז געווען געגליכן צו געוויינלעכע דיסקאָנט־בענק און וועמעס קרעדיטן זיינען הויפּטזעכלעך באַשטאַנען טאַקע אין דיס־קאָנטאָ קרעדיטן. זעלבסטפאַרשטענדלעך האָבן פון די דאָזיקע קעגנזייטיקע קרעדיט־געזעלשאַפטן געניאָסן מענטשן מער־ווייניק פאַרמעגלעכע, וואָס האָבן שוין געפירט אייגענע וואַרשטאַטן, פאַבריקן אָדער אַנדערע גע־שעפטן און האָבן זיך געניצט נאָר אין אַ ביליקן באַנק־קרעדיט. סיי די ערשטע סיי די צווייטע זיינען אין צאָל געווען זייער קליין און האָבן געקענט געגרינדעט ווערן נאָר מיט דער דערלויבעניש פון צאַרישן גו־בערנאַטאָר. און באַקומען אַ דערלויבעניש פון אַ גובערנאַטאָר איז געווען

נישט פון די לייכטע זאַכן. פונדעסטוועגן האָבן אין צענדליקער שטעט אין פּוילן פאַרן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה עקזיסטירט סיי ליי און שפּאָר־קאַסעס, סיי קעגנזייטיקע קרעדיט־געזעלשאַפטן.

אין דער עסטרייכישער אָקופּאַציע — מזרח און מערב גאַליציע — האָבן אין יענער צייט עקזיסטירט נאָר אַזוי גערופענע „באַראָן הירש״ קאַסעס — וועמענס טעטיקייט איז געווען ענלעך פון די ליי־און־שפּאָר־קאַסעס אין רוסישן פּוילן, אָבער וועלכע זיינען געווען אויסגעהאַלטן כמעט אויסשליסלעך, פון די פאָנדן פון באַראָן הירש, אָדער י.ק.אָ., ווי מ׳האָט זיי גערופן פאַרקירצט.

אין דער געוועזענער דייטשער אָקופּאַציע — פּויזנער געגנט — זיינען קיין שום יידישע עקאָנאָמישע זעלבסטהילף אָרגאַניזאַציעס נישט געווען.

די ערשטע וועלט־מלחמה האָט די אַלע אינסטיטוציעס פולשטענדיק פאַרניכטעט. אין שטעט וואָס זיינען נישט אַוועק מיטן פייער זיינען פאַרבליבן די ביכער, דאָקומענטן און אַפילו די התחייבותן (וועקסלען) פון די בעלי־חובות — אָבער די בעלי־חובות אַליין זיינען פאַרשוואונדן, און אויב זיי האָבן זיך שפּעטער אָפּגעזוכט — זיינען זיי סיי ווי נישט געווען בכוח צו באַצאָלן זייערע פאַרמלחמהדיקע חובות. פאַרקערט — זיי האָבן זיך גאָר גענויטיקט אין נייער הילף אויף איינצושטעלן זייערע פּרנסות.

***

אין אַזאַ צושטאַנד האָב איך געטראָפן די ליי־און־שפּאָר־קאַסעס און קעגנזייטיקע קרעדיט־געזעלשאַפטן אין ראָוונע, לוצק, קאָוועל, דובנאָ און אַנדערע שטעט אין וואָלין אויף מיין ערשטער נאָך־מלחמהדיקער רייזע איבער פּוילן; אין פּלאָצק, קוטנע, וולאָצלאַוועק, קאָלאָ, קאָנין, טורעק און קאַליש אין מיין צווייטער רייזע; אין פּעטריקאָוו, טשענסטאָכאָוו, ראַדאָמסק, קיעלץ און אַנדערע אין מיין דריטער רייזע — און אַזעלכע באַריכטן האָב איך אויסגעהערט פון אַלע אַנדערע פּערזאָנען וואָס האָבן זיך פאַראינטערעסירט מיטן אויפבוי פון עקאָנאָמישן לעבן פון דער יידישער אָרעמקייט אין פּוילן, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. אין אַ פּיל ער־

גערן צושטאַנד האָבן זיך געפונען די קאַסעס אין קליין־פּוילן; אויף דער גאַנצער ליניע פון קראָקע ביז לעמבערג איז כמעט נישט מעגלעך געווען צו געפינען די דאָקומענטן פון די פאַרמלחמהדיקע קאַסעס. די לאָקאַלן זיינען פאַרנומען געוואָרן דורך אַנדערע מענטשן אָדער אינסטיטוציעס, די ביכער און דאָקומענטן פאַרברענט אָדער סתם אַרויסגעוואָרפן. אומעטום האָט מען געמוזט אָנהויבן פונדאַסניי — מיט נייע מענטשן, נייע סיסטעמען און ס׳פאַרשטייט זיך — מיט נייע קאַפּיטאַלן. די שווערסטע אויפגאַבע איז אָבער געווען — אויסגעפינען די פּאַסיקע מענטשן, וועמען מ׳זאָל קענען אָנפאַרטרויען סיי דאָס געלט, סיי די אידעע — פון אויפריכטיקן ווילן צו העלפן די וואָס נויטיקן זיך אין דער הילף. אין גאַליציע האָט די „יקאַ״ איבערגעלאָזט אַ טראַדיציע — מיט די קאַסעס האָבן אומעטום אָנגעפירט אַדוואָקאַטן, דאָקטוירים. זעלטן ווען איז אין אַ פאַרוואַלטונג געווען אַ סוחר אָדער גאָר אַ האַנטווערקער. דאָ איז דעריבער די אויפגאַבע אין אָנהויב געווען לייכטער: אַ פּאָר באַראַטונגען מיט עטלעכע אַדוואָקאַטן־דאָקטוירים פון דער שטאָט — און ס׳איז צונויפגעשטעלט געוואָרן אַ צייטווייליקע פאַרוואַלטונג פון אַ צוקונפטיקער פאַלקס־באַנק. אין וואָלין און אין קאָנגרעס־פּוילן האָבן די קאָאָפּעראַציע־שליחים אַ ביסל אַרויסגעהאָלפן די דעמאָלט אָקאָרשט געגרינדעטע פאַראיינען פון האַנטווערקער, סוחרים, קליין־הענדלער, — און דאָרט וואו מ׳האָט זיי געקענט געפינען — די טוער פון די פאַרמלחמהדיקע קאַסעס.

*
**

דער „דזשאָינט״ האָט באַשטימט אַ גענוגנדיקע סומע געלט צו פינאַנסירן די נייע קאָאָפּעראַטיווע אינסטיטוציעס, און נאָך אַ גענויער אויספאָרשונג פון די מאַטעריאַלן פון די ערשטע רייזעס, איז באַשלאָסן געוואָרן צו אָרגאַניזירן אין אַלע יידישע ישובים קאָאָפּעראַטיווע פאָלקס־בענק, וועמעס אויפגאַבע עס זאָל זיין: אונטערשטיצן די האַנטווערקער, סוחרים און קליין־הענדלער מיט קרעדיטן — סיי קורץ־טערמיניקע — אין דער פאָרם פון דיסקאָנטירן די וועקסלען פאַר וועלכע די האַנטווערקער און קליין־הענדלער פלעגן פאַרקויפן זייערע סחורות אָדער אויסאַרבעטונגען

און לאַנג־טערמיניקע — הלוואות אויף אייגענע וועקסלען — מיט איינער אָדער צוויי „זשירעס" (גאַראַנטיעס) אויף אויסצוצאָלן אין האַלב־חודש־דיקע אָדער חודשדיקע ראַטעס. אין גרעסערע שטעט האָבן זיך די פאָלקס־בענק אויך געקענט פאַרנעמען מיט באַגרענעצטע אַנדערע (פּאַרמיטלונגס) באַנק אָפּעראַציעס.

***

אין גאַנג פון יאָרן האָבן זיך די קאָאָפּעראַטיווע בענק אין גאַנץ פּוילן אַנטוויקלט, יעדע לויטן פאַרנעם פון זייער שטעטל — למשל — די פאָלקס־באַנק אין וולאָצלאַוועק האָט געהאַט אַרום צען מאָל אַזוי פיל מיטגלידער און אומזאַץ־מיטלען ווי די פאָלקס־באַנק אין קרושנעוויץ; און די זעלבע פאָלקס־באַנק אין קאַליש איז אין איר פאַרנעם געווען דריי אָדער פיר מאָל גרעסער ווי די אין וולאָצלאַוועק. די אַנטוויקלונג פון אַ קרעדיט־קאָאָפּעראַטיוו איז געווען אָפּהענגיק פון אַ ריי פאַקטאָרן — ווי: די גרויס פון דער יידישער באַפעלקערונג; די עקאָנאָמישע באַדייטונג פון דער שטאָט; די שטאַרקייט פון אַנדערע ווירטשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס פון דער יידישער באַפעלקערונג — ווי סוחרים פאַראיין, האַנטווערקער און קליין־הענדלער פאַראיינען, און אַפילו פונם קולטורעלן ניווא פון דער שטאָט. ס'איז קיין סוד נישט אַז עס זיינען געווען שטעט און אַפילו געגנטן מיט אַ העכערער אָדער נידעריקערער קולטור — און אויך דאָס האָט געווירקט אויף דער אָנפירונג, צוטרוי און באַדייטונג פונם קאָאָ־פּעראַטיוו.

גאָר אַ באַדייטנד אָרט אינם ווירטשאַפטלעכן לעבן פונם מיטלשטאַנד האָבן פאַרנומען די אַזוי גערופענע „קעגנזייטיקע קרעדיט געזעלשאַפטן", וועלכע האָבן זיך אין נייעם פּוילן גערופן „סוחרים באַנק" אָדער „דיסקאָנטאָ־באַנק". די דאָזיקע בענק זיינען דערגאַנגען צו פיל מיליאָניקע אומזאַצן און זיינען אַפילו געוואָרן קאָנקורענטן פאַר די פּריוואַטע אַקציען בענק. איינער פון די סוחרים־בענק — ווי אין לאָדזש — די דיסקאָנטאָ־באַנק מיט איר אייגן הויז אויף טראַוגוטאַ; די סוחרים־באַנק אין טשענסטאָכאָוו מיט איר אייגן הויז אין דער צווייטער אַלייע, די סוחרים־באַנק אין קאַ־

טאָוויץ, לובלין, גראָדנע, ביאַליסטאָק און אין אַ ריי אַנדערע שטעט — פלעגן שליסן זייערע באַלאַנסן מיט צוויי־דריי מיליאָן זלאָטעס — דער גרעסטער טייל פון וועלכע איז באַשטאַנען פון אָפּשפּאָרונגען וואָס זיינען די דאָזיקע בענק אָנפאַרטרויט געוואָרן דורך דער באַפעלקערונג.

***

די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג האָט אין פוילן עקזיסטירט אויפן גרונט פון אַ ספּעציעל, און מ'מוז זאָגן — דעמאָקראַטיש געזעץ. די אַל־געמיינע השגחה איבער דער באַוועגונג, וואָס האָט גענאָסן פון גאָר גרויסע שטייער הנחות, האָט געהערט צו דעם פינאַנץ־מיניסטעריום. פאַר דעם צוועק האָט דאָס מיניסטעריום געגרינדעט אַ קאָאָפּעראַטיוו־ראַט, וועלכער האָט געהאַט דאָס רעכט צו קאָנטראָלירן די טעטיקייט פון יעדן קאָאָפּעראַטיוו, אַכטונג צו געבן אַז אונטער אַ פאַלשן מאַנטל פון אַ קאָאָפּע־ראַטיוו זאָלן זיך נישט אַריינכאַפּן פּריוואַטע ספּעקולאַנטישע ביזנעס — כדי צו געניסן פון די גרויסע שטייער־הנחות. דער קאָאָפּעראַטיווער ראַט האָט אָנגעשטעלט אַ ריי זיינע אייגענע קאָנטראָלערן. (אינספּעקטאָרן) אָבער, לויט דעם זעלבן קאָאָפּעראַטיוון געזעץ האָט יעדע גרופּע קאָאָפּע־ראַטיוון געהאַט אַ רעכט צו בילדן אַן אייגענעם פאַרבאַנד און אָנשטעלן זיינע אייגענע אינספּעקטאָרן — אויף וועלכע דער קאָאָפּעראַטיווער ראַט האָט במילא איבערגעגאָסן זיינע רעכט פון קאָנטראָל. יעדע גרופּע קאָאָ־פּעראַטיוון, קודם־כל נאַציאָנאַלע אָדער פון אַ באַשטימטן כאַראַקטער (לאַנדווירטשאַפטלעכע, פּראָדוציר, קאָנסום און אַז. וו.), האָט טאַקע אויס־גענוצט דאָס רעכט פונם געזעץ און געגרינדעט אייגענע פאַרבאַנדן — מיטן צוועק אָנצופירן און קאָנטראָלירן די באַוועגונג. איבעריק צו זאָגן אַז אויך די יידישע קאָאָפּעראַטיוון האָבן דאָס דאָזיקע רעכט פונם געזעץ אויסגענוצט, און עס זיינען אַפילו געווען גאַנצע דריי פאַרבאַנדן פון יידישע קאָאָפּעראַטיוון.

אין די ערשטע יאָרן, ווען די באַוועגונג איז נאָר וואָס געגרינדעט גע־וואָרן, ווען איר מאַטעריעלער כוח איז נאָך נישט געווען קיין גרויסער איז כמעט שווער געווען צונויפצושטעלן אַ פאַרוואַלטונג און אַן אויפ־

זיכטס־ראַט פון קאָאָפּעראַטיוו. דער עולם האָט די אידעע נישט פאַרשטאַ־נען, איז געווען פאַרנומען מיט אייגענע דאגות פרנסה, האָט נישט געגלויבט אַז „עס וועט עפּעס ווערן דערפון". ס'איז אָנגעקומען מיט מי און מאַ־טערניש צונויפשטעלן די אָנפירנדיקע קערפּערשאַפטן פון די ערשטע קאָאָפּעראַטיוון. אָבער — וואָס ס'איז שווער געווען אין אָנהויב איז געוואָרן שוין צו לייכט שפּעטער; פון איין זייט האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז פון די קליינע און איינצלנע קאָאָפּעראַטיוון איז אויסגעוואַקסן אַ באַ־וועגונג פון הונדערטער אָרגאַניזאַציעס, מיט צענטליקער טויזנטער מיט־גלידער, מיט מיליאָנען אומזאַץ־קאַפּיטאַלן.

דער ספק צי „עס וועט עפּעס אַרויסקומען דערפון" איז געוואָרן אויס ספק — די באַוועגונג איז געוואָרן אַ פאַקט און אַ וויכטער טייל פונם יידישן לעבן. פון דער אַנדערער זייט האָבן זיך מיט דער צייט אָרגאַניזירט און צעוואַקסן אָרגאַניזאַציעס פון סוחרים, קליין־הענדלער, האַנטווערקער; עס האָבן זיך אָנגעהויבן אינטערעסירן מיט דער באַוועגונג די בירגערלעכע פּאָליטישע פּאַרטייען, ווי ציוניסטן פון אַלע גרופּן, אַגודה, פאָלקיסטן. אין איין שטאָט זיינען די אָרגאַניזאַציעס געווען אונטערן איינפלוס פון די ציוניסטן אין אַן אַנדער — פון די פאָלקיסטן; אין אַנדערע שטעט זיינען גאָר געווען צוויי האַנטווערקער פאַראיינען און אַז. וו. אָט די אַלע פאַר־איינען און פּאָליטישע טוער האָבן מיטאַמאָל דערשפּירט אַז עס וואַקסט אַ גרויסע באַוועגונג אָן זייער אַקטיוון אָנטייל — און יעדער פון די אָר־גאַניזאַציעס האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אין קאַמף איבערצונעמען די פירונג פון דעם פאָלקס־באַנק אָדער אַמווייניקסטנס אַריינקריגן אין דער פאַר־וואַלטונג אַזוי פיל אירע אָנהענגער ווי נאָר מעגלעך. יעדע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון אַזאַ קאָאָפּעראַטיוו — און צו אַ סך פאַרזאַמלונגען זיינען געקומען טויזנט און מער מיטגלידער — איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קאַמף פאַר מאַכט איבערן קאָאָפּעראַטיוו. די קאָאָפּעראַטיווע טוער וואָס האָבן געהאַט נאָר איין אינטערעס — צו פירן די באַוועגונג אויף געזונטע ווירטשאַפטלעכע יסודות — האָבן מאַנעווירירט ווי זיי האָבן געקענט, — אַריינצוקריגן אין די פאַרוואַלטונגען וואָס מער אומפּאַרטייאישע אָרנטלעכע מענטשן. פאַר אַ ריי יאָרן האָט זיך דאָס אין אַ גרויסער מאָס איינגעגעבן. די אגודה, זעענדיק אַז איר וועט זיך נישט איינגעבן אין אַ באַדייטנדער

מאָס באַהערשן די קאָאָפּעראַטיוון — און במילא נישט דעם פאַרבאַנד פון די קאָאָפּעראַטיוון, האָט, אין אַ ריי שטעט געגרינדעט קאָנקורענץ קאָאָפּעראַטיוון, און גאָר אינגיכן — אַ דאַנק אירע ספּעציפישע באַדינגונגען און פּריווילעגיעס ביי דעם מלוכה־אַפּאַראַט, באַקומען דאָס רעכט צו גרינדן אַן אייגענעם פאַרבאַנד פון קאָאָפּעראַטיוון. אמת, דער פאַרבאַנד איז געווען אַ שוואַכער, די צאָל קאָאָפּעראַטיוון איבער גאַנץ פּוילן — ווייניקער פון הונדערט, — אָבער פאָרט אַ באַזונדערער פאַרבאַנד — גאָר אינגיכן אויך אָנערקענט דורכן „דזשאָינט" און במילא אויך סובסידירט, הגם אין זייער אַ באַשיידענער מאָס.

אין קליינפּוילן האָבן די דאָרטיקע ציוניסטן אָנגעהויבן גרינדן אייגענע קאָאָפּעראַטיוון. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז אין לעמבערג האָט פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה עקזיסטירט אַ פאַרבאַנד פון יידישע קאָאָפּעראַטיוון. נאָך דער מלחמה האָט דעם פאַרבאַנד איבערגענומען איין פּערזאָן וואָס האָט, מיטן אויטאָמאַטישן רעכט וואָס דאָס קאָאָפּעראַטיווע געזעץ האָט דעם פאַרבאַנד געגעבן — געדעקט ספּעקולאַנטישע געשעפטן פון צענטליקער פאַלשע קאָאָפּעראַטיוון. די ציוניסטן האָבן אויסגענוצט דעם דאָזיקן פאַרבאַנד און גאָר אין גיכן אים אינגאַנצן איבערגענומען. דערמיט האָבן די ציוניסטן אין קליינפּוילן באַקומען אַ שטיצפּונקט אויף אָנצוהויבן אַ באַוועגונג צו גרינדן פּראָ־ציוניסטישע קאָאָפּעראַטיוון סיי אין קליינפּוילן סיי אין קאָנגרעס־פּוילן און אַפילו אויף די קרעסן. אויף אַזאַ אופן האָבן מיר שוין געהאַט אַ דריטן פאַרבאַנד פון יידישע קאָאָפּעראַטיוון.

די שווינדלערישע און ספּעקולאַנטישע קאָאָפּעראַטיוון וואָס זיינען געווען גלייכבאַרעכטיקטע מיטגלידער פון דעם דאָזיקן פאַרבאַנד האָבן אָבער נישט געקענט פאַרשאַפן קיין כבוד די ציוניסטישע אָנפירער, בפרט אַז אין שפּיץ פון פאַרבאַנד זיינען שוין דאַן געשטאַנען אַזעלכע ציוניסטן וואָס זיינען אויך געווען דעפּוטאַטן אין פאַרלאַמענט. נאָך אַ ריי אונטערהאַנדלונגען און אויפקלערונגען איז דעריבער געלונגען צו באַוועגן די פירער פון דעם פאַרבאַנד צו ליקווידירן דעם פאַרבאַנד און די אמתע קאָאָפּעראַטיוון אַריבערטראָגן אין וואַרשעווער פאַרבאַנד. ס'פאַרשטייט זיך אַז די ציוניסטן פון לעמבערגער פאַרבאַנד האָבן באַקומען אַ „געהע־

ריקע" פּאַרטרעטונג אינם אַלגעמיינעם וואַרשעווער פאַרבאַנד וואָלט דאָך שוין געווען גוט — אָנשטאָט דריי — נאָר צוויי פאַרבאַנדן. איז אָבער די מעשה געווען אַנדערש:

די שווינדלערישע קאָאָפּעראַטיוון האָבן גאָר אינגיכן אויסגעפונען אַן אָנגעזעענע פּערזענלעכקייט, אויך אַ יידישן דעפּוטאַט פון לעמבערג, און אויך אַ ציוניסט, נאָר פון אַן אַנדער מאַשין — מיט גרויס אָנזען ביי דער דעמאָלטיקער סאַנאַציע־רעגירונג — און די פּערזאָן האָט פאַר די דאָזיקע „קאָאָפּעראַטיוון" געקראָגן אַ דערלויבעניש אויף אַ נייעם אייגענעם פאַרבאַנד. און אַזוי האָבן מיר צום אָנהויב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה געהאַט ווידער דריי פאַרבאַנדן פון יידישע קאָאָפּעראַטיוון אין פּוילן.

*
**

וואָס האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט די דאָזיקע דריי פאַרבאַנדן? וועגן דעם אָקאָרשט דערמאָנטן, דריטן פאַרבאַנד איז נישטאָ וואָס צו ריידן; ער איז נישט נאָר נישט געווען קיין טייל פון דער יידישער קאָאָפּעראַציע — נאָר איז געווען אַ פלעק אויף דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג בכלל. די פאָר צענדליק קאָאָפּעראַטיוון האָבן זיך פאַרנומען מיט ליכווע און שווינדל — און זיינען מערסטנס געווען פאַרבונדן מיט דער אוקראַאינישער באַפעלקערונג — נישט מיט דער יידישער. זייערע באַלאַנסן, זייערע ציפערן — וואָס זיינען אַגב נישט פאַרעפנטלעכט געוואָרן אויף אַזאַ אופן ווי פון די אַנדערע צוויי פאַרבאַנדן — האָבן מיטן יידישן ווירטשאַפטלעכן לעבן נישט געהאַט קיין שום שייכות.

דער פאַרבאַנד פון דער אגודה האָט אַרומגענומען וויניקער ווי הונדערט קאָאָפּעראַטיווע בענק. אַ גרויסער טייל פון די דאָזיקע בענק זיינען אָבער אויך געווען פּריוואַטע ביזנעס, נישט קיין געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס. און נאָר אייניקע, ווי לאָדזש, וואַרשע, בענדין און אפשר נאָך אין עטלעכע שטעט — זיינען געווען אמתע און ערנסטע אינסטיטוציעס וואָס האָבן געהאַט אַ ווירטשאַפטלעכע באַדייטונג. מיט קיין שום אַנדערע קאָאָפּעראַטיוון האָט זיך דער פאַרבאַנד נישט אינטערעסירט. פאַר די

לעצטע פּאָר יאָר פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה זיינען אָנגעגאַנגען אונטערהאַנדלונגען וועגן פאַראייניקן די צוויי וואַרשעווער פאַרבאַנדן אין איינעם.

דער אָרגאַן וואָס האָט רעפּרעזענטירט די יידישע קאָאָפּעראַציע אין פוילן אַלס אַ יידישע זעלבסטהילף באַוועגונג — איז געווען דער וואַרשע־ווער פאַרבאַנד — פון רימאַרסקע — ווי מ׳האָט אים גערופן. דער דאָזי־קער פאַרבאַנד האָט אַרומגענומען אַרום זעקס הונדערט קאָאָפּעראַטיוון — פון זיי העכער פינף הונדערט קרעדיט קאָאָפּעראַטיוון, אַ צוויי צענטליק יידישע לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָאָפּעראַטיוון, אַ פּאָר צענטליק פּראָדו־ציר און איינקויף קאָאָפּעראַטיוון און דאָס גלייכן. פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט דער דאָזיקער פאַרבאַנד געציילט העכער הונ־דערט טויזנט מיטגלידער און די קאָאָפּעראַטיוון האָבן געאַרבעט מיט אַ קאַפּיטאַל פון איבער הונדערט מיליאָן זלאָטעס (צוואַנציק מיליאָן דאָ־לאַר) און פאַרנומען אַ גאָר אָנגעזעענעם אָרט אינם ווירטשאַפטלעכן לעבן פון לאַנד בכלל און באַזונדערס אין דער יידישער ווירטשאַפט. דער פאַרבאַנד האָט געהאַט זיין אייגענע פינאַנץ־צענטראַלע צו דערליידיקן די קעגנזייטיקע פאַרמיטלונגס־טראַנזאַקציעס צווישן די קאָאָפּעראַטיוון; אַן אייגענע פּראָפּאַגאַנדע אָפּטיילונג; האָט אַדורכגעפירט זומער־קורסן פאַר די הונדערטער מיטאַרבעטער פון די קאָאָפּעראַטיוון און וואָלט אין גאַנג פון יאָרן געוואָרן דער שטיצפּונקט פון דעם עקאָנאָמישן לעבן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פוילן.



סוף יולי, אָדער אָנהויב אויגוסט 1939 האָט דער פאַרבאַנד באַקומען אַ געהיימען צירקולאַר פון דער רעגירונג — לויט וועלכן ס׳איז רעקאָ־מענדירט געוואָרן אַז די באַוועגונג זאָל זיך תיכף צוגרייטן אין פאַל פון אַ מלחמה: אַלע געלטער, ווערט־פּאַפּירן, וועקסלען, טשעקן, ביכער און דאָקומענטן — זאָלן אין פאַל פון אַ מלחמה־אויסברוך באַהאַלטן ווערן אין זיכערע ערטער... אמת, נישט דער דאָזיקער צירקולאַר, נישט דער

פֿאַרבאַנד האָבן פֿאַראויסגעזען אַזאַ מלחמה; מ׳האָט נאָך געדענקט די ערשטע וועלט־מלחמה און אין דער געהיימער פֿאַראָרדענונג וואָס דער פֿאַרבאַנד האָט געגעבן די קאָאָפּעראַטיוון איז רעקאָמענדירט געוואָרן אַז די אַלע ווערטפֿולע דאָקומענטן וועגן וועלכע דער געהיימער צירקולאַר פֿון דער רעגירונג האָט גערעדט — זאָלן באַהאַלטן ווערן אין ספּעציעלע קאַסטנס אין די קעלערן אָדער איינגעמויערט ווערן אין די ווענט פֿון די קאָאָפּעראַטיוון. ווער ווייסט — אפשר ליגן נאָך ערגעץ וואו אין קע־לערן די רעזולטאַטן פֿון שווערער אַרבעט און מי פֿון דעם אָדער אַנדערן שטעטל. די באַוועגונג אַלס אַזעלכע איז אומגעקומען צוזאַמען מיט אירע בויער און מיטגלידער. פֿאַרברענט און פֿאַרניכטעט געוואָרן אין די געטאָס — ווי אירע מיטגלידער אין די מאַידאַנעקס און אָשוויענטשימס.

***

אין דער אויסגאַבע וואָלט זיך געפּאַסט צו דערמאָנען די נעמען פֿון די וואָס זיינען, פֿונם ערשטן טאָג ביז דער לעצטער מינוט, געשטאַנען אין דינסט פֿון די צענטליקער טויזנטער פּשוטע יידן, — באַלעגאָלעס, קליין־הענדלער, מאַרק־זיצער און אַרבעטער — ווען די קאָאָפּעראַטיווע אי־דעע איז געווען טייער, און ווען זי האָט טריי געדינט אין זייער טאָג־טעגלעכן לעבן. אָבער זייער רשימה וואָלט פֿאַרנומען גאַנצע זייטן — יעדער שטאָט און יעדער שטעטל האָט געהאַט צענטליקער אַזעלכע גע־טרייע טוער — זאָלן דעריבער די אויבנגעבראַכטע שורות דינען אַלס אַ ציגל צום דענקמאָל די אַלע נאָמענלאָזע קאָאָפּעראַטיווע טוער אין פּוילן.

***

דעם ברענטש 611, וואָס האָט אונטערגענומען די אויסגאַבע, וואָס האָט דערמעגלעכט דערמאָנען די דאָזיקע טוער און די דאָזיקע באַוועגונג — קומט אַ גרויסן דאַנק — און אַ האַרציקע באַגריסונג צו זיין 25־יאָריקן יובילײ פֿון טעטיקייט דאָ אין אַמעריקע.

א. גלאַנץ־לעיעלעס

# קרושנעוויץ און וולאָצלאַוועק

(זכרונות)

## אַ שטיקל אַריינפיר

קרושנעוויץ און וולאָצלאַוועק! דאָס זיינען צוויי נעמען, וואָס ליגן אויפן סאַמע גרונט פון מיין זכרון, אויפן דנאָ פון מיין נשמה. איך בין דערצויגן געוואָרן אין לאָדזש, וואו איך האָב פאַרבראַכט ביז צו זעכצן און אַ האַלב יאָר. אָבער געבוירן בין איך אין וולאָצלאַוועק, וואָס איז מיין מאַמעס שטאָט. קרושנעוויץ איז מיין טאַטעס שטאָט. מיין פאָטער, עוזר זלמן (שלמה) גלאַנץ האָט חתונה געהאַט צו אַכצן יאָר מיט מיין מאַמע, חישע (טאַקע חישע, מיט אַ „ח" און נישט כאַשע) גאָלדע פאקמאן פון וולאָצלאַוועק. נאָך דער חתונה האָט מיין פאָטער געוואוינט אין וולאָצ־לאַוועק, אויף קעסט ביים זיידע, מרדכי (מאָטל וויטאַשקעס) פאַקמאַן.

דער שידוך איז געשלאָסן געוואָרן דער עיקר צוליב דעם שם, וואָס מיין פאָטער האָט געהאַט, ווי אַן עלוי. ער איז געווען איינער פון די באַ־ליבטסטע תלמידים פון דעם דעמאָלטיקן קרושנעוויצער רב, ר' אברהם באָרנשטיין, וואָס איז שפּעטער באַרימט געוואָרן איבער גאַנץ פּוילן, ווי דער סאָכאַטשעווער רבי, ר' אברהמל. אין דעם סאָכאַטשעווער רבים חבורים ווערט מיין פאָטער דערמאָנט ווי „הבחור עוזר מקרושנעוויץ" פאַר די האַרבע קשיות, וואָס ער האָט אָפט געשטעלט, ווי אויך פאַר די גוטע תירוצים, וואָס ער האָט געגעבן.

מיין זיידע מאָטל וויטאַשקעס פון וולאָצלאַוועק האָט געשטאַמט פון ביאַלע, און ווי איך האָב געדרונגען פון מיין פאָטערס דערציילונגען האָט ער עפּעס געהאַט אַ שייכות מיט דעם ביאַלער רבי. איין אײדעם זיינער האָט טאַקע געהייסן דוד לאַנדאַ, דאָס הייסט געהאַט דעם זעלבן פאַמיליען־

נאָמען, וואָס דער רבי און געווען זיינס עפּעס אַ קרוב. ווי נאָענט, ווייס איך נישט.

יעדנפאַלס, דער זיידע, און נאָך מער מיין וואָצלאַווקער באָבע, וואָס וועגן איר וועט מיר דאָ אויסקומען מער צו רעדן — האָט געזוכט אַ לערנער־שידוך און מיין פאָטער האָט, משמעות, צופרידנגעשטעלט זייערע פאָ־דערונגען.

דער וואָצלאַווקער זיידע איז אַמאָל געווען היפּש פאַרמעגלעך, פאַר־מאָגט אַן אייגענע קאַמעניצע אויף דער ברייטער (שעראָקאָ) גאַס, געפירט אַלערליי געשעפטן און זיך געקאָנט פאַרגינען אויסצוהאַלטן אַן איידעם אויף קעסט און לאָזן אים לערנען עטלעכע יאָר. אין די פריערדיקע צייטן איז אָט דער זיידע, מרדכי פאַקמאַן געווען אַ „פּאָדרייטשיק" (פּאָדריאַד־טשיק). ווי איך האָב פאַרשטאַנען פון מיין באָבעס שילדערונגען, האָט ער געשפּילט אַ שטיקל ראָליע אין דער פוילישער פאָוסטאַניע פון 1863. יעדנפאַלס זעט עס אויס, אַז דער זיידע האָט אַ געוויסע צייט געוואוינט אין אוקראַינע, אין דעם שטעטל קראַסילאָוו, וואו ער האָט זיך אויפגעפירט מעשה פּריץ. די באָבע האָט קיינמאָל נישט פאַרגעסן די גוישע באַדינטע, מענער און פרויען, דעם גרייטן סאַמאָוואַר צו פרישטיק, דעם גויס קוש אין האַנט און זיין הכנעהדיקן „זדראַווסטוואויטיע כאָזיאַיקאַ".

איך האָב דעם וואָצלאַווקער זיידע שוין נישט געקענט. די באָבע — זייער גוט און נאָענט. וועגן איר איז דאָ וואָס צו דערציילן. נאָר איך וויל פריער רעדן וועגן מיין טאַטעס היים־שטעטל קרושנעוויץ.

## קרושנעוויץ

די גרעסטע פּרעטענציע אויף באַרימטקייט, אויף וויפל מיר איז באַקאַנט, האָט קרושנעוויץ געהאַט צו פאַרדאַנקען איר רב, דעם דערמאָנטן גאון ר׳ אברהם באָרנשטיין, דעם שפּעטערדיקן סאָכאַטשאָווער רבי, וואָס אַליין איז ער געווען אַ תלמיד פון דעם אַלטן קאָצקער רבי, ר׳

מענדל מאָרגנשטערן. מיין פאָטער האָט ביי אים געלערנט און אַ דאַנק דעם שיר נישט געוואָרן רב אין אַ קליין שטעטל.

קרושנעוויץ איז דער עיקר באַשטאַנען פון אַ מאַרק און עטלעכע קלענערע געסלעך. מיין קרושנעוויצער זיידע, ר׳ אברהם גלאַנץ, האָב איך גוט געקענט. ער איז געווען איינער פון די אָנגעזעענסטע קרושנע־וויצער באַלעבאַטים, מיט אַן אייגן הויז אויפן מאַרק. ער האָט געהאַנדלט מיט תבואה, און מיין קרושנעוויצער באָבע אסתר האָט אים אַ סך געהאָלפן אין זיינע מסחרים. די באָבע אסתר האָט געשמט מיט איר קלוגשאַפט און פראַקטישער פעאיקייט. אַזוי ווייט, אַז אין דעם שטעטל, וואו אַלע האָבן, כנהוג, געהאַט צונעמענישן, האָט מען זי גערופן ר׳ אסתר. מען האָט דערמיט געגעבן אָנצוהערן, אַז זי האָט אויף זיך אַ מאַנסבילשן קאָפּ.

דעם זיידעס שטוב איז, פאַרשטייט זיך געווען זייער פרום, אָבער נישט חסידיש. דער זיידע אַליין האָט גוט געקענט לערנען און ער האָט פון זיינע צוויי זין, מיין פאָטער און מיין פעטער יוסף, געוואָלט מאַכן לומדים. ספּעציעלע האָפענונגען האָט ער געלייגט אויף מיין טאַטע, וואָס האָט שוין גאַנץ פרי אָנגעהויבן אַרויסווייזן גרויסע פעאיקייטן. די קרוש־נעוויצער מלמדים זיינען אַלע גיך געוואָרן צו קליין פאַר מיין טאַטע. די מלמדים אַליין האָבן עס געזאָגט דעם זיידע אברהם. אַזוי איז עס גע־קומען, אַז נאָך גאָר אַ יונג יינגל האָט מען מיין פאָטער געשיקט אין דער שטאָט קויל (קאָלאָ) צו לערנען אין דער ישיבה פון דעם דעמאָלט באַרימטן קוילער רב, אַ גרויסער למדן און אויפמערקזאַמער מורה דרך.

עס איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר מיין פאָטער, וואָס איז בכלל געווען איינער פון די בעסטע, ערלעכסטע און גערעכטסטע מענטשן, וואָס איך האָב ווען עס איז געקענט — עד היום הזה, אַז ער האָט אָן באַקלאָגן זיך אַריבערגעטראָגן אין דער פרעמד אַ סך צרות, נויט, געכאַפּטע קראַנק־הייטן און בזיונות, אַבי צו לערנען. אין דער היים האָט אים גאָרנישט געפעלט — עס איז געווען אַ באַלעבאַטישע שטוב אין אַלע פרטים. אָבער

אין דער פרעמדער האָט ער געגעסן „טעג“ און עס האָט פּאַסירט, אַז עס האָלן אים אויספעלן עטלעכע טעג פער וואָך. וואָס האָט ער געטאָן? ער האָט געהונגערט, כאָטש וועגן דעם קיינמאָל אַהיים נישט געשריבן.

די פּאַרמעגלעכע באַלעבאַטישקייט פון דעם זיידע אברהמס שטוב קאָן מען זען כאָטש פון אַזאַ פאַקט.

איינמאָל — דערציילט מיין טאַטע אין זיינע זכרונות, וואָס ער האָט, אַגב, אָנגעשריבן און מיר צוגעשיקט, איז ער אין אָוונט געגאַנגען אַהיים פון חדר. ווי ער האָט זיך דערנענטערט צו זיין שטוב האָט ער געזען אַ סך מענטשן באַלאַגערן זיין הויז, און נייגעריק אַריינקוקן אין די פענצטער. מען רעדט, מען שרייט, מען שטופּט זיך. ער גייט געשווינדער אויסצוגעפינען, וואָס דאָרטן איז. צי איז, חלילה, נישט עפּעס פּאָרגעפאַלן? אָבער וואָס געשווינדער ער איז געגאַנגען, אַלץ מער איז ער נשתומם געוואָרן. די פענצטער זיינען זייער העל באַלויכטן געווען, אַ סך מער ווי פרייטצונאַכט (פרייטאָגצונאַכט).

„מען דאַרף וויסן — שרייבט מיין פאָטער — אַז פרייטצונאַכט איז ביי מיינע עלטערן געווען זייער, זייער ליכטיק. אויפן טיש זיינען געשטאַנען אַ פּאָר גרויסע זילבערנע לייכטער און איין לייכטער מיט פינף רוירן און זיי האָבן געברענט פינף גרויסע חלבנע ליכט. אין מיטן שטוב איז געהאַנגען אַ גרויסער מעשענער הענג־לייכטער מיט זעקס רוירן, אין יעדער רויר אַ היפּש ליכט. אויף יעדער וואַנט איז געהאַנגען אַ מעשענער בלאַגער (העסע?) מיט דריי רוירן און אין יעדער רויר — ווידער אַ היפּש ליכט. אָבער דאָס אַלץ איז געווען כמו גאָרנישט קעגן דער באַלויכטונג, וואָס האָט זיך איצט געגאָסן פון אונזערע פענצטער, וואָס אַזוי פיל מענטשן האָבן מיט גרויס נייגער באַטראַכט און געטשמאָטשקעט דערביי מיט די ליפּן און זיך רק געחידושט: „אױ־װאַ, או־וואַ, האָסטו געזען אַזוינס?“

וואָס איז געווען די מעשה?

אין יענער צייט, ווען מען האָט נאָך צומאָל אין קרושנעוויץ נישט געוואוסט פון אַזאַ ריזיק אויסגעפינס, ווי סטעאַרינענע ליכט, האָט מיין זיידע אברהם געבראַכט פון אַ גרויסער שטאָט אַ גרויסע נאַפט־לאָמפּ. די ערשטע בליץ־לאָמפּ אין קרושנעוויץ! מיין טאַטע דערציילט, ווי דעם

פרייטיק אָוונט נאָך דער גרויסער געשעעניש האָט ער נאָכן דאַווענען געזאָגט „במה מדליקין״. איז ער געקומען צו דער שטעל, וואו עס שטייט „בעטרון ובנפט״, האָט ער אַזש אַ געשריי געטאָן:

„אָט־אָ דאָס איז דאָך דער נאַפט!״

עס איז כאַראַקטעריסטיש, וואָס מיט יאָרן שפּעטער האָט מיין טאַטע אין לאָדזש מיך געפירט אָנקוקן די ערשטע עלעקטרישע לאָמפּ אין דער גרויסער פאַבריק־שטאָט. ער האָט מיר אויך דעמאָלט דערציילט דאָס אויסטערלישע וואונדער מיט דער ערשטער נאַפט־לאָמפּ אין קרושנעוויץ. וועגן דער ערשטער עלעקטרישער לאָמפּ אין לאָדזש האָב איך שפּעטער דערציילט אין מיינס אַ ליד, וואָס איז געווידמעט דער שטאָט פון מיינע יוגנט־יאָרן.

ווי קליין און תמימותדיק נאַאיוו קרושנעוויץ איז אין יענע ווייטע יאָרן געווען, קאָן מען אויך זען פון אַן אַנדער מעשה, וואָס מיין טאַטע דערציילט אין זיינע זכרונות. איינער פון די חדר־ייִנגלעך, דעם טאַטעס חבר שבתיל, האָט געבראַכט די נייס, אַז שלום קראַדניקס זון איז געקומען פון אַמעריקע און האָט מיטגעבראַכט אַ מאַשין, וואָס נייט מלבושים. די ידיעה האָט אַרויסגערופן אַלגעמיין געלעכטער.

„ווי איז דאָס מעגלעך? האָבן די חדר־ייִנגלעך זיך געוויצלט. ווי וועט די מאַשין וויסן, אַרויסצואוואַרפן פון זיך אַ גרויס מלבוש אָדער אַ קליינס? און ווי איז דער דיק, אַז מען וויל נייען אַ קלייד פאַר אַ יידענע? פון וואַנען וויים די מאַשין, אַז פון דער סחורה ברויך זי אויפצונייען אַ קלייד?״

די קלאָץ־קשיות האָבן טאַקע געשטעלט חדר־ייִנגלעך, אָבער די השגות זיינען געווען אַלגעמיין קרושנעוויצער. דאָס האָט נאַטירלעך נישט געשטערט קרושנעוויץ אין די שפּעטערע יאָרן צו ווערן אַ גאַנץ אינדוסטריעל שטעטל מיט עלעקטרישער באַלייכטונג, מיט שניידערייִ אויפן גרויסן מאַשינאָוון שטייגער און מיט אַלערליי מאַשינען. ווי אויך — מיט באַוועגונגען, פּאַרטייען, קלובן פון „בונד״, הייזער פון פּועלי־ציון, פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, סטרייקן, וכדומה.

אָבער יענע קרושנעוויץ פון מיין טאַטעס חדר־יאָרן האָט נאָך געקוקט

אויף דער וועלט מיט נישקשה קינדישע אויגן. עס איז דאָך געווען אין די פריִע זעכציקער יאָרן פון דעם 19־טן יאָרהונדערט.

איך בין נישט צו־אָפּט געפאָרן קיין קראשנעוויץ צו מיין זיידע אברהם. אַ סך עפטער פלעגט מיין זיידע קומען צו אונז קיין לאָדזש. ער איז שוין דעמאָלט געווען אַן אַלמן און איך געדענק אים, ווי אַ גרייז־גרויען זקן. איין וויזיט מיינער אין קראשנעוויץ האָט זיך מיר שטאַרק איינגעקריצט אין זכרון.

עס איז געווען זומער־צייט. איך בין געווען אַ שילער אין דער לאָדזשער האַנדל־שול. איך האָב געהאַט וואַקאַציע און די זומער־חדשים פאַרבראַכט אין דעם שטעטל דאָמביע. דאָרט האָב איך באַקומען וואָס מען האָט גערופן אַ „קאָנדיציע". איך האָב געדאַרפט צוגרייטן, טאַקע אויך צו דער לאָדזשער אָדער זגערזשער קאָמערץ־שולע, די צוויי יינגלעך פון אַ ביר־ברויערײ אייגנטימער, שרהזאָן האָט ער, דאַכט זיך, געהייסן. דער „פּראָפעסאָר" אַליין, איך הייסט עס, איז דעמאָלט אַלט געווען קוים 15 יאָר. די רוסישע אַקציזניקעס פון דעם שטעטל, וואָס האָבן מיך גערימט פאַר מיין רוסיש, האָבן טאַקע נישט טיטולירט מיך אַנדערש, ווי „פּראָ־פעסאָר".

דאָמביע פון קראשנעוויץ איז נישט ווייט. מיין טאַטע האָט אויך גע־האַט וואַקאַציע — ער איז אין לאָדזש געווען אַ לערער אין דער גוט־באַוואוסטער, גרויסער האַנטווערקער שולע, וואָס האָט פריער געהייסן פּאָז־נאַנסקיס שולע און שפּעטער יאַראָטשינסקיס, ווען דער לעצטער האָט געגעבן מער געלט אויף אויסצוהאַלטן זי, ווי דער גביר־אַדיר ישראל פּאָזנאַנסקי. האָט מיין טאַטע באַשלאָסן צו פאָרן קיין קראשנעוויץ זען דעם זיידע. ער האָט מיר געשריבן, אַז עס וואָלט געווען אַ יושר, אַז איך זאָל אויך קומען אַהין. איך האָב זיך אָנגעכאַפּט אין דעם פאָרשלאָג מיט גרויס באַגייסטערונג. מיך האָט קיין קראשנעוויץ געפירט שרהזאָנס בריטשקע.

איך האָב געטראָגן אַ מונדיר מיט אַ גרינעם קאָלנער און גרינע מאַנקעטן, ווי אויך מיט אַ מערקור, מעשה קאָקאַרדע, און גלאַנציקע מע־שענע קנעפּ, („טיטשערס" האָבן יידישע יינגלעך גערופן אַזוינע מעשענע

אָדער קופּערנע קנעפּ אין לאָדזש). ס׳איז דאָך געווען זומער, איז מיין היטל געווען מיט אַ ווייסער דענקע און מיט אַ שוואַרצן, גלאַנציקן דאַשעק. איך דערצייל דאָ וועגן מיינע „בגדי מלכות״ צוליב דעם גרויסן עגמת נפש, וואָס דאָס האָט פאַרשאַפן מיין פרומען פעטער יוסף. מיין טאַטע, דער פעטער און איך האָבן געמוזט דורכגיין דעם גאַנצן מאַרק ביז מיר זיינען געקומען אין דעם פעטערס שטוב, וואו עס האָט אויף אונז געוואַרט אַ מיטאָג. פון אַלע געוועלבער און פענצטער האָבן זיך אַרויסגעשטעלט נייגעריקע פּנימער. וואָס גייט עס ר׳ יוסף גלאַנץ מיט אַ „שייגעץ״? און ווער איז ער?

אַזוי האָבן געפרעגט די אַלערליי אויגן און — דער פעטער יוסף האָט בפירוש איבערגעלעבט שווערע יסורים. גיי, דערצייל, אַז דער „שייגעץ״ איז סך־הכל זיין פּלימעניק אהרן פון לאָדזש, נאָך דערצו דער זון פון זיין ברודער עוזר, ר׳ אברהמלע סאָכאַטשעווערס באַליבטן תלמיד. מיין טאַטע האָט גוט באַמערקט מיין פעטערס פאַרלעגנהייט. איך אויך. מיר האָבן ביידע מיט אַ שמייכל זיך איבערגעזייאונקען. דאָס שטיקל וועג האָט דעם פעטער מיינעם געקאָסט אַ שטיק געזונט, און איך האָב בעסער פאַרשטאַנען, וואָס קרושנעוויץ האָט געמוזט זיין אין מיין טאַטעס יינגל־יאָרן.

ביים עסן איז דער פעטער געזעסן אַן אָנגעכמורעטער. בלויז ווען דער פעטער האָט מיט געוואַלטיקער אומזיכערקייט מיך מכבד געווען צו בענטשן במזומן און איך בין גאָט־צו־דאַנקען נישט דורכגעפאַלן — איז אים אַראָפּ אַ שטיין פון האַרץ און ער איז שוין געוואָרן מער אויפגע־הייטערט.

דערפאַר האָט מיין זיידע אברהם גאָרנישט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט מיר פון שמחה און ליבשאַפט. דער מונדיר איז אים דווקא שטאַרק געפעלן. ער האָט מיך אויסגעפרעגט וואָס איך לערן און מיך פאַרזיכערט, אַז אויב איך האָב נאָר נישט קיין ערגערן קאָפּ, ווי עוזר האָט געהאַט אין מיינע יאָרן, האָט ער שוין פאַר מיר אָפּגעזאָרגט.

צווישן די זאַכן, וואָס זיינען געשטאַנען ביים זיידע אין הויז, האָב איך געזען אַ ממש ריזיקן, אַלטמאָדישן דעמבענעם קופערט. דער זיידע

האָט באַמערקט, ווי איך באַקוק און באַטאַפּ אַלץ די דאָזיקע מאַכינע, האָט ער מיר צוליב געטאָן און דעם קופּערט געעפנט. צווישן די פּאַר־שיידענע אַנטיקן, וואָס דער זיידע האָט דאָרט אויפגעהיט, זיינען אויך געווען עטלעכע קאָפּקעס, זאָרגעוודיק פאַרבונדענע מיט אַ זיידענער שנור, פון דער פאַרשטאָרבענער באָבע אסתר.

דער זיידע האָט מיך גאָרנישט געוואָלט אָפּלאָזן. אָבער אויף מיר האָט געוואַרט די בריטשקע. ער האָט מיך געקושט מיט נאַסע אויגן. איך האָב אים געזען צום לעצטן מאָל. ער איז אין גיכן געשטאָרבן צו אַכט־און־אכציק יאָר.

איך האָב נאָכאַמאָל געדאַרפט דורכגיין דעם מאַרק. ווידער איז מיך באַפאַלן אַ באַראַזש מיט נייגעריקע אויגן, נאָר דאָס מאָל האָבן זיי מיר אויס־געזען מער פריינטלעך. אפשר דערפאַר, וואָס דער פעטער יוסף איז שוין נישט געווען מיט מיין טאַטע און מיר. אַ צווייט מאָל דורכצומאַרשירן פאַר „גאַנץ קרושנעוויץ" מיט אַ שייגעץ אין אַ מונדיר האָט ער שוין קיין כוח נישט געהאַט.

איידער איך געזעגן זיך מיט קרושנעוויץ מיט דעם קרושנעוויצער מאַרק און די קרושנעוויצער קליינע, נידעריקע שטיבלעך, וואָס האָבן זיך געטוליעט איינס צום אַנדערן, ווי עפּעס אַזוינע אותיות פון אַן אַלט־אַלטער נאָר מיר פרעמדלעכער מעשה, ווייל איך דערציילן נאָך אַן עפּי־זאָד פון מיין טאַטעס זכרונות. עס האָט, אַזוי צו זאָגן אַ קולטור־היסטאָרישן באַטייט.

מיין טאַטע באַשרייבט, ווי שוין דערמאָנט, אַלערליי חדרים, וואָס ער איז אין זיי געגאַנגען אַלס קינד, און אויך פאַרשיידענע מלמדים דאָרט. צווישן אַ סך טיפּן גוטע, זייער גוטע און אויך נישט אַזוי גוטע, פירט ער אַרויס איינעם אַ רשע, מיט אַ ממש אומבאַגרענצטן, ווילדן סאַדיזם. דער דאָזיקער מלמד האָט געהייסן יחזקאל און איז געקומען פון דעם דערבייאיקן שטעטל קלאָדעווע. די באַלעבאַטים פון קרושנעוויץ האָבן אים אַראָפּגעבראַכט, ווייל ער האָט געהאַט אַ שם, אַז ער לערנט די יינגלעך נישט בלויז תורה, נאָר אויך דרך־ארץ. די מעטאָדן פון אָט־דעם דרך־ארץ לערנען זיינען געווען קלאַסישע פאַר זיך אַליין. די ערשטע זאַך,

וואָס ער האָט אָנגעזאָגט די חדר־יינגלעך איז געווען, אַז זיי זאָלן זיך נישט דערוועגן צו דערציילן עפּעס פון דעם, וואָס עס טוט זיך אָפּ אין דעם חדר — פון חדר זאָגט מען נישט אויס. ער האָט טאַקע אויך געהאַט אַ שטאַרקן גרונט. דער דאָזיקער אַכזר האָט געפירט עפּעס לינקע געשעפטן מיט די רוסישע זעלנער אין דעם שטעטל. חוץ דעם האָט ער די קינדער געשלאָגן מכת רצח פאַר דער מינדסטער זאַך.

ביז עס איז געקומען צו אַ שרעקלעכן קלימאַקס. איינס פון די יינג־לעך, געציל, מיט דעם צונאָמען אמפוררא, האָט זיך עפּעס פאַרזינדיקט. האָט ער, דער מלמד, צוגערופן דאָס יינגל אים געהייסן זיך אַליין אויפקנעפּ־לען די מכנסים, ביז צום גאָלן פלייש, דערנאָך זיך אַריבערלייגן אויף אַ בענקל און — שווייגן.

ווען דאָס יינגל איז אַזוי געלעגן, האָט דער רבי אויף געציל מפוררא'ס נאַקעטן טייל אַרויפגעשיט האָבער און צוגערופן דעם גרויסן „קאַלאַקוטסקן" האָן, וואָס ער האָט געהאָדעוועט ביי זיך. דער האָן האָט געפּיקט דעם האָבער און אין איינוועגס געמאַכט לעכער אין דעם יינגלס פלייש ביז בלוט. געציל אַמפוררא האָט דווקא נישט געשוויגן, געמאַכט קולות עד לב השמים, נאָר עס האָט גאָרנישט געהאָלפן. ביז דער האָן האָט אויפגע־פּיקט דעם גאַנצן האָבער. האָט ערשט דעמאָלט דער רבי גענומען עסיג, איינגעשמירט די וואונדן און ווידער אָנגעזאָגט אַלעמען מיטן האַרבן וואָרט, אַז קיינער זאָל זיך נישט דערוועגן צו דערציילן, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען. געציל האָט געוויינט, געוויינט, ביז ער איז שטיל געוואָרן. אָבער דעמאָלט האָט ער אויך געשוואוירן, אַז ער וועט זיך מיט דעם אַכזר אָפּרעכענען, און ער האָט טאַקע די נקמה דורכגעפירט מיט אַלע פּישטשעווע־קעס. אַן אויסטערלישע און גרויזאַמע געשיכטע.

דער עיקר האָט דאָס יינגל אָפּגעמאַכט ביי זיך נישט מער צו שווייגן און אַלע אַנדערע יינגלעך זיינען אין דעם מסכים געווען. מען האָט די טאַטעס דערציילט אַלע סודות פון חדר און קרושנעוויץ מיטן מאַרק, מיטן בית־המדרש, מיט דער שול, מיטן שטיבל האָט זיך געוויגט און געזאָטן, ווי אַ ים אין שטורעם. דער מלמד, ר' יחזקאל, איז גיך דערפון געוואויר געוואָרן און איז ביינאַכט עוקר געווען מיט זיין ווייב און זיינע דריי בנים, מיט דער קאָזע און מיט דעם קאַלאַקוטסקער האָן. זיינע אַלע תלמידים,

די געפּייניקטע חדר־ייִנגלעך האָבן זיך געפרייט און געמאַרשירט איבערן מאַרק מיט אַ לוסטיק געזאַנג — „ובני ישראל יוצאים ביד רמה״.

כאָטש מיין טאַטע האָט אויך געהאַט אַנדערע מלמדים, גוטע, פריינט־לעכע מענטשן, איז עס גאָרנישט אוממעגלעך, אַז די דערפאַרונג מיט אָט דעם מין סאַדיסט איז אים אַריין טיף אין די ביינער. מיין פאָטער, ווי איך האָב שוין געשריבן, איז אַליין געווען אַ לערער און גאַנצע 50 יאָר. פאַר אָט דער צייט זיינען דורך זיינע הענט, אַזוי צו זאָגן, דורכגעגאַנגען טויזנטער און טויזנטער תלמידים. איך ווייס נישט פון קיין איינעם, וואָס זאָל רעדן וועגן אים אַנדערש, ווי מיט דער גרעסטער ליבשאַפט און רעס־פּעקט. דאָ, אין אַמעריקע גופא, זיינען זיכער דאָ מיין טאַטעס תלמידים אין די הונדערטער. איך האָב אַ סך געטראָפן אין ניו־יאָרק, אין פאַרשיי־דענע שטעט פון די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע. אַלע, אַלע האָבן צו מיר גערעדט וועגן אים מיט צערטלעך־פייכטע אויגן. ער האָט זיך זיי איינגעבאַקן אין די הערצער. ער איז זיי געווען נישט בלויז אַ לערער, נאָר אַ פריינט און יועץ אין שווערקייטן, שטענדיק גרייט צו טרייסטן און העלפן.

פון דער נאַטור אַן איבערגעוויינלעך גוטער, ליבער מענטש, האָבן זיינע אייגענע זכרונות פון די חדר־יאָרן זיכער משפיע געווען זיין שפּעטערע אויפפירונג לגבי די ייִנגלעך און בחורים, וואָס זיינען אין זייערע צאַרטע יאָרן געווען אונטער זיין רשות. ער האָט גוט פאַרגעדענקט אָט דאָס מערקווירדיקע קאַפּיטל פון זיין אייגענער קינדהייט, ווי אויך פון דער קולטור־היסטאָרישער חדר־געשיכטע אין דעם כרך קרושנעוויץ.

## וואָצלאַוועק

ווי איך האָב נישט געקענט ביים לעבן מיין קרושנעוויצער באָבע, אסתר, האָב איך אויך נישט געקענט דעם וואָצלאַוועקער זיידע מרדכי פּאַקמאַן. דערפאַר האָב איך גוט געקענט מיין וואָצלאַוועקער באָבע, שרה דינה.

קודם־כל בין איך אָפט אַלס קינד זומערצייט געפאָרן קיין וואָצלאַוועק

צו דער באָבע, וואָס האָט נאָך געוואוינט אין איר הויז אויף דער ברייטער (שעראָקאַ) גאַס. איך האָב מיט מיין מוטער פאַרבראַכט אָדער ביי איר אָדער מיר זיינען געפאָרן אויף אַ זומער־וואוינונג אין דער וולאָצלאַוועקער פאָר־שטאָט, וואָס האָט געהייסן שפיטאַל. ס'איז געווען אַ געגנט אַרומגע־רינגלט מיט סאָסנאָווע און אַנדערע וועלדער, איינגעטונקען אין ביימער און בלומען. איך פלעג דאָרט קלייבן יאַגדעס, שוואַרצע און רויטע (פּאָ־זשעמקעס), און געקאָנט אָפּליגן שעהן אויפן גראָז און קוקן אויפן הימל, וואָס האָט מיר געהאַט צו דערציילן אויסטערלישע וואונדער־מעשיות, עלעהיי אַ גרויס בלאָ בילדער־בוך. וואָס האָב איך נישט צעמאַכט פון די ווייסע וואָלקנס און וואָלקנדלעך! איך האָב דאָרט געזען מענטשן און חיות און אַלע צאַצקעס פון די לאָדזשער שוי־פענצטער — דער גלוסט און טרוים פון מיין האַרץ. איך האָב אַליין צוגעטראַכט די געשיכטעס, וואָס האָבן זיי פאַרבונדן אין געקייטלטע לעגענדעס און עפּאָפּעעס. איך האָב די מעשיות דערנאָך דערציילט מיין מאַמע, מיין יונגן זיבעצן־יעריקן פעטער שעיה און מיין באָבע. זיי האָבן אָנגעקוואָלן און זיך איבערגערעדט: „דער טאַ־טע אויסן אויג". מיין פאָטער איז פאַר דער באָבע געווען אַן אומהיילבאַרער פאַנטאַזיאָר. אַגב, איז מיין פאָטער אויך געווען אַ שרייבער, פאַרפאַסט לידער, דראַמען מיט גראַמען — אויף יידיש. ער איז אויך געווען גוט באַקאַנט מיט נחום סאָקאָלאָוו און געשריבן העברעאישע קאָרעספּאָנדענ־ציעס און סתם מאמרים אין „הצפירה" אונטערן נאָמען זיוו.

מיין וולאָצלאַוועקער באָבע איז געווען פאַרקאָכט אין יחוס. וואו נאָר עפּעס אַ רבל, אַ רב, אַ דיין אין איר משפחה האָט זי זיי אַלע געהאַלטן אויפן קאָפּ און נישט אויפגעהערט וועגן זיי צו דערציילן. פּשוט אונז אַלעמען פאַרמאַטערט דערמיט. דער „גרויסער" דיין ר' מאיר פון וואַרשע איז געווען אירס אַן אייגענער. דער כאָרזשעלער רב — אַ מחותן. דער מעזריטשער רבי — אַ לייבלעכער ליד־גליד געשוועסטער־קינד. און נאָך און נאָך — אָן אַ סוף. ווען איינער פון אירע זין איז געוואָרן אַ חתן פון עפּעס אַ רבלס טאָכטער, איז זי ספּעציעל געפאָרן פון לאָדזש קיין וולאָצ־לאַוועק. דאָרט האָט זי אַריינגעשריען אין מיין זיידעס קבר: „מאָטל, מאָטל, זיי וויסן, אַז חיים הערץ וועט חתונה האָבן מיטן כאָטשער רבס טאָכטער".

אין מיר האָט די באָבע געהאַט דעם בעסטן צוהערער. קודם־כל האָב איך זי ליב געהאַט, ווייל זי האָט מיך געשטאָפּט מיט די באַטעמטע ראַגאַלקעס פון דער גרעסטער און בעסטער וולאָצלאַוועקער בעקעריי — גלאַזנאַפּס האָט זי, דאַכט זיך, געהייסן. חוץ דעם בין איך גלאַט געווען אַ בעלן אויף אַלערליי מעשׂיות. מיין באָבע שׂרה דינה האָט זיי אויך געקאָנט גאָר וואַזשנע דערציילן — אַ מעשׂה אין אַ מעשׂה — אומ־ענדלעך.

דערפאַר האָט זי מיר שפּעטער, ווען זי האָט געוואוינט מיט אונז אין לאָדזש, אָפּגעצאָלט פאַר דעם פאַרכאַפּטן אָטעם, מיט וועלכן איך האָב געהערט אירע יחוס־כראָניקעס. ווען איך בין שוין געווען אַ יאָר 13 און זיך אָנגעהויבן אינטערעסירן מיט סאָציאַליזם און רעוואָלוציע, פלעג איך אַהיימקומען מיט קעשענעס פּראָקלאַמאַציעס — פון פּ.פּ.ס., פון „בונד“ (אַחדותניקעס) שפּעטער פון פּועלי־ציון און ס.ס. (סאָציאַליסטן טעריטאָ־ריאַליסטן). מיין טאַטע־מאַמע האָבן גריילעך מורא געהאַט פאַר דער אומלעג־גאַלער ליטעראַטור. לאָדזש האָט שוין געקלונגען מיט טעגלעכע אָביס־קעס. אָבער מיין באָבע שׂרה־דינה האָט נישט גענומען קיין שרעק. זי איז באַשטאַנען דערויף, אַז איך — אַמאָל האָט עס געטאָן מיין ברודער משה — זאָל פאַר איר פאָרלייענען די פּראָקלאַמאַציעס. זי איז מער־ווייניקער מסכּים געווען מיט אַלע. כאָטש געדענקענדיק די פּאָווסטאַניע, האָט זי אָן צערעמאָניעס אויסגעדריקט גרינטלעכע ספקות וועגן דעם, צי דאָס, וואָס עס האָבן נישט געקאָנט באַווייזן די גרעסטע פּוילישע כראַביעס און שׂררות, וועלן יאָ פּועלן יידישע לאָדזשער וועבערס, שניידערס און שוסטערס. זי האָט אויך די אַלע פּראָקלאַמאַציעס באַהאַלטן אין איר בעט און גאַנץ רואיק געשלאָפן אויף זיי.

נאָר צוריק צו וולאָצלאַוועק און מיין באָבעס יחוס־ענטוזיאַזם.

דער עיקר פון אַלע עיקרים אין אָט דעם ענטוזיאַזם איז געווען דער פאַקט, וואָס זי אַליין האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויף יחוס, ווי אויף אַן אייזער־נער וואַנט. זי איז אין אַ גראַדער ליניע אַרויסגעקומען „נישט פון קיין אַנדערן“, ווי פון ר׳ ליפּמאַן יום־טוב העלער, וואָס האָט צו דרייסיק יאָר אָנגעשריבן דעם באַרימטן פּירוש אויף דער משנה „תוספות יום־טוב“, און וואָס איז טאַקע אונטער אָט דעם נאָמען באַקאַנט אין אונזער רעלי־

גיעזער ליטעראַטור־געשיכטע. מיט אַזאַ יחוס־בריוו האָט מיין וולאָצ־לאַווקער באָבע זיך אַרומגעטראָגן אייביק. זי האָט אין מיר אַריינגערעדט וועגן דעם מיט אַ ספּעציעלער כוונה. זי האָט געוואָלט, פלעגט זי טענהן, אַז איך זאָל וויסן פון וועמען איך קום אַרויס, און אַזוי אַרום אַליין ווערן עפּעס אַ רעכטע כלי.

אין די רייפע יאָרן האָב איך זיך באַקענט מיט דער געשיכטע און ביאָגראַפיע פון אָט־דעם אור־זיידע מיינעם. עס איז מיר נישט אַזוי שווער אָנגעקומען. ער האָט, אַזוי צו זאָגן, מיר אַליין געהאָלפן אין דעם. די מעשה איז די: ער איז געבוירן אין וואַלערשטיין, בייערן. נאָך אין די גאָר יונגע יאָרן איז ער אָנגעקומען אין דער פּראַגער ישיבה, געווען אַ נאָענטער תלמיד פון דעם מהרל. דערנאָך איז ער געווען רב אין ווין און אין פּראָג. אין פּראָג האָט מען אויף אים געמאַכט אַ מיאוסן בלבול און ער האָט שווער געליטן. האָט ער אַליין אָנגעשריבן זיין ביאָגראַפיע, די באַרימטע „מגלת איבה״. ער איז געשטאָרבן, רב אין קראָקע, צו 75 יאָר אין 1654.

איך האָב זיך דערוואוסט, אַז ער איז נישט בלויז געווען אַ גרויסער למדן, וואָס מען האָט פאַרגליכן אַזש מיט דעם רמבם; נישט בלויז האָט ער געהאַט אַ שם פאַר אַ טיף־ערלעכן מענטש און דערצו אַ שיינער אויפן אויסזען; נישט בלויז אָט ער געהאַט אַ חוש פאַר וועלטלעכע לימודים, געקענט גוט די לאַנד־שפּראַך, געווען באַהאַוונט אין דער אייראָפּעאישער ליטעראַטור און זיך אַפילו אויסגעצייכנט ווי אַ מאַטעמאַטיקער, נאָר ער איז געווען אַ שטיקל „יידישיסט״ אויך. די „מגילת איבה״ האָט ער תחילת טאַקע פאַרפאַסט אויף יידיש און דערנאָך ערשט איבערגעזעצט אויף העברעאיש.

ר׳ ליפּמאַן העלערס זון האָט אויך פאַרעפנטלעכט אַ ווערק וועגן זיין פאָטער און אויך אויף יידיש. פון דעם דאָזיקן ווערק האָב איך אויסגעפונען געוויסע שטריכן פון דעם תוספות יום טובס כאַראַקטער, וואָס זיינען ווי אָנגעמאָסטן פאַר אונזער גאַנצער משפּחה. דער זון שרייבט, אַז זיין גרויסער פאָטער נישט קוקנדיק אויף זיין וואונדערלעך ערלעכן כאַראַקטער געהאַט אַ סך שונאים. דאָס, באַטאָנט ער, איז געקומען פון צוויי אייגנשאַפטן. ערשטנס האָט ער אָפן געקעמפט פאַר די זאַכן, וואָס ער

אַליין האָט געהאַלטן פאַר גערעכט און איז אַבסאָלוט נישט פעאיק גע־וועז אויף קיין מין צופּאַסליכקייט, ווער שמועסט חניפה. צווייטנס איז ער, ר׳ ליפּמאַן העלער, געווען אַ גרויסער כעסן. ער האָט זיך, ווי מען וואָלט עס איצט געזאָגט, געקאָנט אָנצינדן ווי אַ שוועבעלע און גלייך חרטה האָבן — זיך אויך ווי אַ שוועבעלע אויסלעשן.

כעסנות — דאָס איז אַ סימן מובהק פון דער גאַנצער משפחה פון מיין מאַמעס צד, מיך — אייער קנעכט, אַריינגערעכנט. מיין באָבע און אַלע אירע זין און טעכטער, מיינע פעטערס און מומעס און מיין מאַמע אויך זיינען געווען באַרימט מיט דעם, ווי לייכט זיי האָבן זיך געקאָנט אויפ־קאָכן. די באָבע און מאַמע האָבן דאָס איבערגעגעבן אונז. ווען מיין ברו־דער יעקב דן פלעגט זיך אַמאָל צעכעסן אין זיין קראָם פון שטרויס־פּעדערן אויף 15 ביעלאַנסקאַ אין וואַרשע, האָט „גאַנץ וואַרשע" געהערט. דערביי זאָל מיר דערלויבט זיין צו דערציילן אַ הומאָריסטישן צוגאָב פון מיין אייגענער שטוב.

ווען עס זיינען אָפּגעדרוקט געוואָרן מיינע צוויי היסטאָרישע דראַמעס „שלמה מולכו" און „אָשר לעמלען", האָט זיי מיין טאַטע אין לאָדזש גע־לייענט מיט שטאָלץ און הנאה. אָבער ער האָט אויך געהאַט אַ פּאַרדראָס. ער האָט מיר צוגעשיקט דעם תוספות יום־טובס „מגלת איבה", דעם זונס אַפּאָלאָגיע פאַר זיין פאָטער און מיר געשריבן אומגעפער אַזוי:

„איך פאַרשטיי נישט איינס, מיין זון: דו שרייבסט היסטאָרישע דראַ־מעס וועגן ווייטע געשטאַלטן. פאַרוואָס זאָלסטו נישט שרייבן אַ דראַמע וועגן דעם גרויסן מאַן, וואָס דו ביסט זיין דירעקט אייניקל — וועגן תוספות יום טוב? זיין לעבן איז דאָך פול מיט דראַמאַטישן שטאָף. ער איז געווען אַ גדול, ער האָט געליטן פון קנאה־שנאה, שלעכטע מענטשן האָבן אויף אים געמאַכט אַ בילבול און מען האָט אים אַריינגעוואָרפן אין תפיסה אַ געשמידטן אין קייטן; דערנאָך, צו דער גרויסער שמחה פון גאַנצן יידישן פאָלק, האָט מען אים באַפרייט און אַלע קהילות פון דייטש־לאַנד און פוילן האָבן פאַר אים געעפנט די אָרעמס. פאַרוואָס זאָלסטו אים נישט אַרויספירן אין דיינס אַ דראַמע?"

מיין טאַטע איז מסתמא גערעכט געווען. ערגעץ האָף איך נאָך

אַמאָל מקיים צו זיין זיין פאַרלאַנג. נאָר דערציילט האָב איך די געשיכטע דער עיקר צוליב עפּעס אַנדערש.

איך האָב דורכגעלייענט ר׳ ליפמאַן העלערס ביאָגראַפיע פאַר מיין טאָכטער דינה, וואָס האָט אויך אַ שפּריץ פון דעם תוספות־יום־טובדיקן טעמפּעראַמענט. האָט זי זיך שטאַרק צעלאַכט, און יעדעס מאָל ווען זי האָט זיך נאָכגעגעבן די בליצן פון כעס, פלעגט זי דערנאָך מיט אַ גע־לעכטער זיך פאַרענטפערן:

„וואָס בין איך שולדיק? איך קום דאָך אויך אַרויס פון תוספות־יום־טוב״.

## לזכרון מיינע ליבע עלטערן



עוזר זלמן גראַנין



חישע גאָרדע גראַנין

דער נאָמען וואָלאָצלאַוועק ראָלט פאַר מיר אויף אין זכרון נישט בלויז מיין באָבעס יחוס־שטאָלץ. אויך אַ סך מער ערדישע זאַכן, וואָס בליש־טשען מיט שיינקייט און רופן אַרויס נאָסטאַלגיע.

וואָלאָצלאַוועק איז בכלל געווען פון די גרעסערע שטעט אין פוילן, און צווישן זיי די עלעגאַנטערע, געפוצטערע און רחבותדיקע.

הויכע שטיינערנע הייזער, געברוקירטע גאַסן מיט גוט־געהאַלטענע טראָטואַרן. די הויפּט־גאַס, די ברייטע, האָט פוןביידע זייטן פאַרמאָגט רייכע קראָמען מיט געצירטע שוי־פענצטער. עס איז געווען אַן אַלטער

מאַרק און אַ נייער מאַ־ק. עס איז געווען וואו צו שפּאַצירן. אַלע גאַסן מיטביימער. עס האָט זיך געפּילט די נאָענטקייט פון פּרייסן, דער דייטשער מער קולטורעלער געשמאַק און די דייטשע ריינקייט און אָרדענונג.

אַפילו דאָס לשון איז געווען שטאַרק אונטער דייטשער השפּעה. דאָס וואָרט „טאַטע", אַ שטייגער, אָט מען אַרויסגעזאָגט ווי דאָס דייטשע „פאַטער" מיט אַ לאַנגער, אויסגעצויגענער אַלף — „טאַאַטע". די פאַרקלענערונגס־ווערטער האָבן געקלונגען מיט אַ ווייכער „כ". נישט שיסעלע, לעפעלע, גאָפּעלע, נאָר שיסעלכיע, לעפעלכיע, גאָפּעלכיע. אַזוי אויך די יידישע נעמען: רפאל־הערשכיע, משה איטעכיעס וכדומה. מען האָט אָפּט געזאָגט איך, ווי אין דייטש. נישט־וולאָצלאַווקער האָבן אָפּט אָפּגעלאַכט און געוויצלט זיך: „באַן ענק" (ביי אייך) זאָגט מען דאָך: איכיע, מיכיע, שטעכיע דיכיע". געווען אַ מטבע — צוויי דיטכיע. דאָס זעלבע דייטשמעריש האָט געקלונגען אין די הילפס־ווערבן. אָנשטאָט צו זאָגן „כ'וואָלט געגאַנגען" האָט אַ וולאָצלאַוועקער ייד געזאָגט „כ'העט געגאַנגען". אין לאָדזש, אַגב, האָט מען גאָר געזאָגט „כ'מאַכט געגאַנגען".

די נאָענטקייט צו פּרייסן האָט מען אין וולאָצלאַוועק געקאָנט אָנטאַפּן מיט די הענט אויף טריט און שריט. מען איז געגאַנגען בעסער און נעטער אָנגעטאָן. יידן האָבן זיך מער פאַרגונען צו גיין קורץ־געקליידט און מיט קאַפּעלושן, אָנשטאָט אין לאַנגע קאַפּאָטעס מיט די קאָמישע, קליינע גראָטעסקע היטלען. די פּריסישע גרענעץ איז געווען ממש מיט דער האַנט צו דערלאַנגען. מען האָט נישט געברויכט קיין אויסלענדישן פּאַס. אַ פּאַפּירל, אַ פּולפּאַסעק, איז געווען גענוג. זיינען יידן געפאָרן לרוב און דער שמוגל, נישט אויסגערעדט זאָל עס זיין, האָט געבליט. די שיינע שטאָט איז געווען פול מיט מולכער, שוואַרצער און אויך מיט רוסישע, צאַרישע זעלנער. אין דער שטאָט איז שטענדיק געשטאַנען אַ היפּשער גאַרניזאָן.

די גרעסטע צוציאונג פון וולאָצלאַוועק איז פאַר מיר געווען די ווייסל. קיין לאָדזש זיינען מיינע עלטערן איבערגעפאָרן ווען איך בין געווען אַ פּיצל קינד. דאָרט האָב איך כסדר געהערט וועגן דעם שיינעם, גרויסן פּוילישן טייך. כאָטש איך האָב קוים געוואוסט, וואָס עס איז אַזוינס

אַ טייך. אין לאָדזש איז בלויז געווען אַ בידנער סטאַוו (יידן האָבן עס פאַריידישט מיט אַ מלופין „סטואוו״), אַ וואַסערל אַזאַ, וואָס האָט זיך מיט גאָרנישט אויסגעצייכנט, אַחוץ מיט דעם ריח נחוח — מען האָט עס געשפּירט אויף מיילן אַרום און אַרום. דער אָפּפאַל פון די לאָדזשער טעקסטיל־פאַבריקן האָט דאָס דאָזיקע וואַסער איינמאָל פאַר אַלעמאָל רואינירט.

אָבער די ווייסל! ווען מיינע עלטערן האָבן וועגן איר גערעדט, האָב איך געהאַט די פאָרשטעלונג ווי וועגן עפּעס אַ גרויס און לעבעדיק באַשעפעניש, אַ פריינטלעכס, אַ שיינס און אַ זילבערנס. איך האָב דאָס באַשעפעניש ליב געהאַט, נאָך איידער איך האָב עס געזען און נאָך איידער כ׳האָב געוואוסט, וואָס עס איז. איך האָב יאָ געוואוסט, אַז דאָס זילבערנע באַשעפעניש טראָגט אויף זיך אַ סטאַטעק (אַ דאַמף־שיף), און מען קאָן אויף אים פאָרן קיין פּלאָצק און אין דער סאַמעראָדנער וואַרשע. אויך באָדט מען זיך אין דער נעמלעכער ווייסל און עס איז געוואַלטיק גוט.

בקיצור — איך האָב שוין געבענקט אָנצוקוקן די גרויסע, פריינט־לעכע, זילבערנע חיה.

איך האָב זי ענדלעך געזען. איך בין נישט אַנטוישט געוואָרן. אדרבא, זי האָט זיך פאַר מיר אַנטפּלעקט נאָך מער מאַיעסטעטיש, ווי מיין קינ־דישע פאַנטאַזיע האָט זי אויסגעמאָלן. אַזאַ גרויס וואַסער, אַזוי לאַנג — נישט צו כאַפּן מיטן אויג פון וואַנען זי קומט, וואוהין זי גייט. איך האָב שוין געוואוסט, אַז זי פאַלט אַריין אין ים. אָבער דאָס וואָרט ים אַליין האָט מיר געשווינדלט אין קאָפּ, און איך האָב באין אופן נישט געקאָנט כאַפּן, וואָס דאָס איז אַזוינס. פאַר מיר איז געווען גענוג די ווייסל. זי איז געווען „מיין״ שוין דערמיט אַליין וואָס מיין טאַטע־מאַמע האָבן נישט אויפגעהערט צו רעדן וועגן איר. מיין מאַמע האָט מיר אויך דער־ציילט אַלערליי לעגענדעס וועגן דער ווייסל, וועגן די וואַסער־מיידלעך (רוסאַלקעס, נימפן) מיט די לאַנגע, גאָלדענע, צעוואָרפענע האָר און גרינע אויגן. אויך וועגן דעם, אַז אין אַ געוויסער חגא לאָזן די פּאָליאַקן שווימען אויפן וואַסער בלומען מיט פּאַפּירענע לאַמטערנעלעך, וואָס אין זיי ברענען ליכטלעך. איך האָב דאָס אַלץ געזוכט. ווען די זון האָט געשיינט און די

ווייסל האָט זיך געוונצלט און געפּעכלט, דאָ געזילבערט, דאָ געגאָלדיקט, בין איך אַפילו געווען זיכער, אַז איך זע אי די וואַסער־מיידלעך, אי די בלומען מיט די ליכטלעך. פון מיין מאַמע האָב איך אויך געהערט, אַז די ווייסל נעמט זיך יעדעס יאָר צו וויניקסטנס איין מענטש. פאַרוואָס, פאַר ווען, האָב איך נישט געוואוסט, נאָר גיי גלויב נישט, אַז די מאַמע זאָגט.

איך בין שוין אויך באַלד געווען אויף דעם לעגענדאַרישן סטאַטעק. פון מיין טייך־נסיעה געדענק איך גוט צוויי זאַכן. מיין טאַטע און מאַמע האָבן מיר געהאַט אָנגעזאָגט, אַז באַהיט זאָל איך ווערן צו טרינקען פון דעם טייך — ס׳וואַסער איז נישט געזונט, סכנות־נפשות. און דאָ נעמט אַ פּאָליאַק, בייגט זיך אַריבער און שעפּט אָן מיט אַ קענדל פון טייך און טרינקט. כ׳בין געווען זיכער, אַז דער מענטש וועט נאָך יענעם טאָג שטאַרבן. דאָס צווייטע געדענק איך אַ הילכיקן פּאַטש אויף מיין האַנט. דאָס האָט מיך מכבד געווען מיין מאַמע, ווען זי האָט מיך געזען גאַנץ טיף אַריבערבייגן זיך און אַריינשטעקן מיין האַנט אין טייך. מעגלעך, אַז איך האָב געוואָלט אַרויספישן אַ באַבלימטע, פּאַפּירן לאַמטערן מיט אַ ליכטל, וואָס כ׳בין געווען זיכער, אַז איך זע. מעגלעך, אַז איך האָב געוואָלט אַ גלעט טאָן דאָס גאָלדענע זייד פון אַ וואַסער־מיידלס קאָפּ, וואָס האָט בפירוש צו מיר אַרויפגעלאַכט מיט אירע גרינע אויגן. מאַלע וואָס אַ יינגל פון זעקס־זיבן יאָר זעט, קאָן אַלץ דערבליקן אין דער ווייסלס טיפענישן.

מיטן באָדן זיך אין דער ווייסל האָב איך נאָך ערגער אָפּגעשניטן. צו באָדן זיך האָט מען געדאַרפט אַראָפּגיין עטלעכע טרעפּלעך. דער, וואָס איז מיט מיר געגאַנגען, איך געדענק שוין נישט ווער, האָט מיך נישט געהאַלטן פאַר דער האַנט, נאָר מיך געלאָזט אַליין. איך האָב זיך אויף דעם לעצטן טרעפּל אויסגעגליטשט. עס איז מסתמא דאָרט נישט טיף גע־ווען. נאָר פאַר אַ קינד איז גענוג עטלעכע פוס וואַסער, אַז עס זאָל זיך נעמען טרינקען. היינט די שרעק! זי איז אויך געווען גענוג גרויס, אַז איך זאָל פאַלן, און בול־בול־בול — איך האָב שוין באַלד גאָרנישט געפילט. כ׳האָב אָנגעהויבן זיך אָנצופילן מיט וואַסער און עס איז מיר געוואָרן גאַנץ גרינג.

קלאָר, אַז מען האָט מיך באַצייטנס אַרויסגעשלעפּט און אָפּגעראַ־טעוועט. קיין צו גרויסן חשק צו גיין נאָך אַמאָל זיך באָדן אין דער ווייסל האָב איך שוין נישט געהאַט. נאָר די ליבע צום וולאָצלאַוועקער טייך האָב איך פונדעסטוועגן נישט פאַרלוירן. די ליבע ווי אַ זילבערנער בלישטש שטעקט נאָך אַלץ אין מיין זכרון. דערביי הייסט דער בלישטש נישט „וואַיסל" און אַוודאי נישט ווייכסל, ווי געוויסע יידישע שרייבער האָבן זיך פאַרגונען צו שרייבן, נאָר לויט דעם פּולן נוסח פון פּויליש־יידיש: וואַסל. מיט אָט דער וואַסל, איז מיין געבוירן־שטאָט וולאָצלאַוועק אַן אייביקע בליאונג אין מיין בענקשאַפט.

מיט וולאָצלאַוועק איז אויך פאַרבונדן מיין ערשטער אינטערעס צו דער יידישער ליטעראַטור.

מיין וולאָצלאַוועקער באָבע האָט געהאַלטן אַ קראָם. דער געשעפט־פירער איז געווען מיין מאַמעס יינגסטער ברודער שעיה. קיין צופיל קונים פלעגן נישט זיין. בכלל איז מיין יונגער פעטער געווען אַ קנאַפּער סוחר. ער האָט אַ סך ליבער געהאַט צו לייענען מעשה־ביכלעך. געדענק איך, ווי שעיה פלעג אָפּט לייענען אין קראָם אויפן קול שמרס ראָמאַנען און סיי מיין מאַמע, סיי איך האָבן זיך געשמאַק צוגעהערט. אַן אומפאַר־געסלעכן איינדרוק האָט אויף מיר געמאַכט שמרס „אייזערנע פרוי". דערביי פלעגן טרעפן גאַנץ הומאָריסטישע זאַכן. ביי די גאָר סענטימענ־טאַלע פלעצער האָט שעיה נישט געקאָנט אויסהאַלטן און זיך הויך צע־בעטשעט און צעהעשעט. מיין מאַמע האָט עס אויך פאַרקלעמט ביים האַרץ פון דער גרויזאַמקייט, וואָס דעם העלדס צווייט יונג ווייב האָט אַרויסגעוויזן און זיך ענערגיש געווישט די אויגן. איך האָב שוין אַוודאי קיין ברירה נישט געהאַט, און קוקנדיק אויף זיי ביידע האָב איך הויך געוויינט און געכליפּעט. אין מיטן דערינען איז אין קראָם אַריין אַ זעלנער. איך האָב שוין דערמאָנט, אַז וולאָצלאַוועק איז געווען פול מיט סאָלדאַטן פון דעם אָרטיקן גרענעץ־גאַרניזאָן. ווען ער האָט דערזען די טראַגישע סצענע און געהערט דאָס ביטערע געוויין האָט ער זיך אַזוי דערשראָקן, אַז ער איז אַרויס פון דעם געוועלב. אין גרויס איילעניש האָט ער איבער־געלאָזן אויפן טומבאַנק אַ היפּש ראַזעיווע ברויט, איינס פון יענע, וואָס האָבן

געשמט מיט זייער באַטעמטקייט. אַזוי ווי דער זעלנער איז נישט צוריק־געקומען, האָט דער פעטער דאָס ברויט צעשניטן, מיר דערלאַנגט אַ שפּאָר־פעניצל און עס באַשיט מיט פארין־צוקער. עפּעס געשמאַקערס האָב איך, דאַכט זיך, קיינמאָל אין מיין לעבן נישט געגעסן.

שמרס „אייזערנע פּרוי" איז מיר נשקשה אַריין אין געדעכעניש. ווען איך האָב שוין געקאָנט גוט לייענען, האָב איך דעם ראָמאַן נאָך אַמאָל געלעזן און שפּעטער געשלונגען אַ סך אַנדערע זיינע מעשיות. איך בין זיך מודה, אַז פון זינט מיין פעטער שעיהס לייענען פיל איך אַ געוויסע צערטלעכקייט צו שמרן. איך האָב זיך קיינמאָל נישט געקאָנט אָנצינדן מיט יענעם הייליקן כעס, וואָס איז אָפט אַזוי פיל אַנדערע יידישע שרייבער באַפאַלן. אַפילו שלום־עליכם „שמרס משפט" האָט מיך אויך נישט אַרויסגעבראַכט פון די כלים. סוף־כל־סוף איז ער, שמר הייסט עס, געווען דער ערשטער מיך צו מאַכן פאַר אַ יידיש־לייענער. מיט שמרן האָט אין דעם געקאָנט קאָנקורירן סיידן נאָר דער וולאָצלאַוועקער באָבעס צאינה־וראינה.

די וולאָצלאַוועקער באָבע איז שפּעטער געווען ביי אונז אין הויז אין לאָדזש. די אייגענע פאַקמאַנישע קאַמיעניצע מיטן אַלטן מעבל, מיט די טערקישע טיכער, מיט די דורותדיקע גאָלדענע בעכערס און זילבערנע לייכטער מיט די בריליאַנטענע אוירינגלעך, מיט די שווערע בייטשן קרעלן, מיט די פינקלדיקע ציטער־שפּילקעס, זיינען אַוועק מיטן רויך, נאָך אָן אַ שיעור „זאַיענטשעס" און ליציטאַציעס. די קראָם איז גלאַט אויסגע־רונען. די באָבע האָט קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט, ווי צו פאָרן צו דער גוטער טאָכטער חישע און דעם גוטן איידעם עוזר. פון אונז איז זי נאָך עטלעכע יאָר אַוועקגעפאָרן קיין לאָנדאָן, וואו זי האָט געהאַט אַ זון און צוויי טעכטער, אַלע וולאָצלאַוועקער געבוירענע.

צו יענער צייט בין איך אויך געווען אין לאָנדאָן. איך בין געקומען אַהין, ווען איך בין נאָך קיין 17 יאָר נישט אַלט געווען און פון דאָרט אָפּגעפאָרן קיין ניו־יאָרק, נאָך איידער איך בין געוואָרן 21 יאָר. איך האָב זיך אָפט געזען מיט מיין באָבע. איר איז לאָנדאָן נישט צו שטאַרק געווען צום האַרץ. עס האָט איר געפעלט די היימישע סביבה, עס האָט איר

געפעלט די פרומקייט, ווי אויך די אויערן, וואָס זאָלן וועלן אַריינזאַפּן איר יחוס־שטאָלץ. האָט זי טאַקע אויפגעהערט צו רעדן וועגן אירע רבנישע קרובים און עלטער־זיידעס. זי האָט שוין אויך פאַרשטאַנען, אַז איך וועל נישט זיין די פארהאָפטע צווייג אויף דעם יחוס־בוים — לויט אירע השגות. זי איז געווען זאַט אין יאָרן און איבערגעזעטיקט מיט דעם אומזיניקן הו־האַ פון לעבן. זי האָט כסדר געדעדט פון יענער וועלט און נישט גע־צווייפלט, אַז זי וועט דאָרט געפינען אַ גענעדיק, באַקוועם פוס־בענקל.

ווען איך האָב זיך מיט איר געזעגנט, האָט זי מיר מיט כאַראַקטע־ריסטישער פשטות און דירעקטקייט געזאָגט:

„איך וועל שוין לאַנג נישט לעבן, איך וויל שוין אויך נישט, אהרנשי. פאָר געזונט, מיין קינד, קיין אַמעריקע און זיי אַ ייד."

זי איז טאַקע אין גיכן געשטאָרבן צו 83 יאָר. אירע איידעמס האָבן געהאַלטן, אַז זי איז אַ סך עלטער.

די וולאָצלאַווקער באָבע איז שוין לאַנג נישטאָ אָבער וולאָצלאַוועק גרינט אַלץ אין מיין האַרץ. לאָדזש איז זיכער מער געוואָרן און געווען מיין שטאָט, שפּעטער לאָנדאָן און נאָך שפּעטער ניו־יאָרק. אָבער וולאָצ־לאַוועק, די שטאָט פון מיין געבוירן, אינאיינעם מיט דער ווייסל — זיי געהערט מיין ערשטע ליבע.



דער קלאַנג וולאָצלאַוועק אַליין איז געווען אַוועקצושאַרן אַלע לאַנגע, אָנגעקליבענע יאָרצענדליק, ווי מיט אַ כישופדיקן בעזים, און איך זע די ברייטע גאַס, דער באָבעס קאַמעניצע, די ציכטיקע גאַסן, הער די ברייטע יידישע אויסשפּראַך.

וולאָצלאַוועק איז אויך דער לויטערער קנופּ, וואָס פאַרבינדט מיך מיט מיין טאַטע. איך זע אים זייער קלאָר, דעם נעכטיקן קרושנעוויצער ישיבה־בחור, ווי ער כאַפּט זיך אַרויס צווישן לערנען און דאַווענען צו באַקוקן די שיינקייט פון דער נייער גרויסער שטאָט, ווי ער פאַררייסט דעם קאָפּ צו זען די וולאָצלאַווקער הויכע שטיינערנע הייזער און שטייט אָפּ לאַנגע ווײַלעס ביי די וויטרינעס פון די רייכע וולאָצלאַווקער גע־

שעפטן, וואָס האָבן שוין דעמאָלט אין זיך געהאַט עפּעס פון מאָדערנע אייראָפּעאישע און אַמעריקאַנישע דעפּאַרטמענט סטאָרס. מען האָט דאָרט פאַרקויפט אַלערליי סחורות — פון מעש, קופּער, זילבער, און גאָלדוואַרג ביז טוך, פּאָרצעליי־ און גאַלאַנטעריי־סחורות. וולאָצלאַוועק האָט דעם שניט געגאַשט נישט פון לאָנדאָן אָדער ניו־יאָרק, נאָר פון דער נאָענטער פּרייסן און דער עיקר פון ברעסלוי. מיין טאַטע האָט מיר אַ סך דער־ציילט וועגן דער התפּעלות, וואָס ער האָט געכאַפּט פון אַזאַ מין געשעפט דורך זיינע ערשטע שפּאַצירן איבער וולאָצלאַוועק, באַלד נאָך זיין חתונה. געשטאַנען איז דאָס געשעפט אויף דער ברייטער גאַס,ביים ראָג פון אַלטן מאַרק און געהערט האָט עס צו אַ ייד ש. י. מאַזור. אָט דער מאַזור איז געווען אַ מאָדנער פּאַרשוין. אַ גלאַט, ראַזירט פּנים און אַ פרומער ייד, דערצו אַ פאַרברענטער חסיד פון דעם טשעכאַנאָווער רבי. ער פלעגט גיין אין שטיבל דאַווענען, זיך שטאַרק געשאָקלט, אַרויסגעלאָזן הויכע קולות, גע־מישט מיט בכיות און ביי דער הויכער שמונה עשרי, ביי קדושה האָט ער זיך פּשוט מוסר נפש געווען מיט זיינע קולות: „קדוש, קדוש, קדוש!".

אָט דער ייד האָט זיך צוגעקלעפּט צו מיין טאַטע און אים שיר נישט געמאַכט פאַר אַ גביר אין וולאָצלאַוועק. נאָר מיין טאַטע האָט נישט געטויגט צו מסחר און פון דער געחלומטער עשירות האָט זיך אויסגעלאָזט אַ טייך — נישט קיין וויסל און אַפילו נישט קיין „רזשיקע", נאָר משמעות — באַשערט! — דער לאָדזשער „סטואוו". מיין טאַטע איז אויך אויסגעהיט געוואָרן פון ווערן אַ רב אין אַ דערבייאיק קליין שטעטל, וואוהין מען האָט אים געפרופן לויט ר' אברהמל סאָכאַטשעווערס רעקאָמענדאַציע. פון אַלע גליקן איז ער איבערגעפּאָרן קיין לאָדזש. איך בין דעמאָלט געווען צוויי יאָר אַלט.

מיין טאַטע האָט אַ היפּשע צייט נאָך אָנגעהאַלטן געוויסע באַציאונגען מיט וולאָצלאַוועק און זיך ספּעציעל דורכגעשריבן מיט דעם דעמאָלטיקן וולאָצלאַוועקער רב, וואָס האָט געהייסן קאַראָ און וואָס האָט דערציילט, אַז ער שטאַמט פון דעם גרויסן ספרדישן גאון און מקובל ר' יוסף קאַרו, דעם מחבר פון שולחן ערוך, און דעם הייסן מאמין אין שלמה מולכוס משיחיות. דער רב קאַראָ האָט געוואָלט, אַז מיין טאַטע זאָל אים צוזאַמענשטעלן

אַ דעטאַלירטן יחוס־בריוו, וואָס זאָל אים טאַקע פאַרבינדן מיט יענעם גאון. איך ווייס נישט, צי דאָס איז צושטאַנד געקומען.

דער שפּעטערדיקער וולאָצלאַווקער רב, מיטן נאָמען קאָוואַלסקי, איז אויך געווען מיין טאַטעס אַ חבר. אויך מיט אים האָט ער זיך דורכגעשריבן. דער רב קאָוואַלסקי האָט פאַרמאָגט עטלעכע זין און טעכטער, וואָס זיי אַלע האָבן, אַזוי צו זאָגן, פאַרטיילט צווישן זיך די מיטגלידערשאַפט אין די פאַרשיידענע יידישע פּאַרטייען. איין קינד, איך גלויב אַ טאָכטער, איז געווען אַ סאָציאַליסטקע־טעריטאָריאַליסטקע, געהערט צו דער זעלבער פּאַרטיי, הייסט עס, וואָס איך. מיין טאַטע האָט מיר וועגן דעם געהעריק צו וויסן געטאָן קיין לאָנדאָן.

מיין גייסטיקע פאַרבינדונג מיט וולאָצלאַוועק האָט זיך קיינמאָל נישט פאַרלאָשן. דעם טאַטעס התפעלות און נייגעריקייט צו דער גרויסער שטאָט, וואָס וולאָצלאַוועק איז פאַר אים געווען נאָך קרושנעוויץ, האָט זיך מיר גרינטלעך איבערגעגעבן. לאָדזש מיט די פאַבריקן און שטענדיק געפּאַקטע גאַסן, לעבט אין מיר. לאָנדאָן מיט די אור־אַלטע געביידעס, שטאָלצע סקווערן און נאָבעלע מאָנומענטן, מיט די מיליאָנען מענטשן, הערט קיינמאָל נישט אויף וויברירן פיל־קלאַנגיק אין מיין געדעכעניש. ניו־יאָרק האָב איך לייבלעך ליב און בענק נאָך איר, וואוהין איך זאָל נישט צייטווייליק פאַרפאָרן. די גרויסע שטאָט איז, משמעות, מיין נאַטירלעכער עלעמענט און האביטאַט.

אָבער וולאָצלאַוועק איז די געצערטלטע לעגענדע פון מיינע אָנהויבן, דער גרין־זילבערנער אַריינפיר צו דער רויער און מער גראָער רעאַליטעט פון מיינע שפּעטערדיקע גרויס־שטאָט איבערפלאַנצונגען. וולאָצלאַוועק מיט דער ווייסל, מיט די קאַשטאַן־ביימער, מיט די גערטנער און אַרומיקע וועלדער, מיט אַלע חנען, פריידן און אומעטן, בלענדענישן און מעלאַנכאָליעס פון דער נאַטור, וואָס צו זיי בין איך אויך קיינמאָל נישט גלייכגילטיק.

י. י. טרונק

# די ליכטיקע געשטאַלט*)

ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן די רעוואָלוציאָנערע צייטן פון 1905. די אָרעמע יידישע מאַסן — פון וועלכע ישראל ליכטנשטיין איז געקומען און מיט וועלכע ער איז געווען טיף צונויפגעבונדן מיט אַלע פעדעם פון זיין שיקזאַל און געמיט — זיי האָבן אויפגעלויכטן אין אַ באַוועגונג וואָס איז געקומען צו זיי. בעסער געזאָגט: אַ באַוועגונג וואָס האָט אַרויסגעשטראָמט פון זייערע אייגענע אינערלעכקייטן. דער „בונד" האָט דאַן אָנגעצונדן די געמיטער פון יידישע אַרבעטער. גראָד די יעניקע פאָלקסשיכטן וואָס זיינען ביז איצט געשטאַנען גאָר פון הינטן אין דעם געזעלשאַפטלעכן געשטאַלט פון דער יידישער נאַציע. מיט אַ רעוואָלוציאָנערן אימפּעט האָבן זיי זיך געגעבן אַ טראָג אַרויס פאָראויס אויף אַלע פראָנטן פון יידישער היסטאָרישער טעטיקייט. דער „בונד" איז אַדורכגעגאַנגען ווי אַ שאַרפער ציטער פון טיפער באַנייאונג אין די אָרעמע אָפּגעשטאַנענע יידישע מאַסן. אין די פינצטערנישן פון יידישן לעבן האָט מיטאַמאָל אויפגעבליצט אַ ליכט פון אַ גרויסן מענטשלעכן ווילן. די יידישע מאַסע וואָס איז ביז איצט געשטאַנען אַ נידערגעשלאָגענע ביי די ראַנדן פון דער וועלט, האָט אויפגעהויבן אירע הענט צו זיין דער שליח און צו טראָגן פאַר דער וועלט גליק און באַפרייאונג. די יידישע מאַסע האָט זיך אינערלעך און אויסערלעך באַנייט אונטער די צעפלאַטערטע פענער פון „בונד".


ישראל ליכטנשטיין

ישראל ליכטענשטיין, באַקאַנטער פירער פון „בונד" אין פוילן. געבוירן אין וולאָצלאַוועק, געשטאָרבן אין ניו-יאָרק אין 1933, בעת אַן אַקציע פאַרן „בונד" אין פוילן.

די בשורה פון „בונד“ איז פאַר ליכטנשטיינען אויך געווען די בשורה פון זיין פּערזענלעך לעבן. די ביטערע נויטן פון זיין יוגנט אין קעגנזאַץ צו די שיינקייטן פון די ביכער — דאָס איז געווען דער ווידער־שפּרוך פון זיין לעבנס־גורל. אָט דער ווידערשפּרוך האָט איצט באַקומען זיין תיקון אין דעם רעוואָלוציאָנערן אויפברויז פון די יידישע מאַסן. דער ווידערשפּרוך האָט זיך סובלימירט אין אַ גרויסער באַציאונג. ליכטנ־שטיין האָט שטענדיק געלעבט צווישן טרוים אוןווירקלעכקייט ווי צווישן פינצטערניש און ליכט. ענדלעך האָט אויך די ווירקלעכקייט אָנגעהויבן אויפצולויכטן אין דעם ליכט פון אַ טרוים.

ער האָט זיך מיט לייב און לעבן אַריינגעוואָרפן אין דער רעוואָלוציאָ־נערער אַרבעט פון „בונד“. דורך דער סכנהפולער אומלעגאַליטעט אין וועלכער דער „בונד“ האָט דאַן געאַרבעט, האָט אין ליכטנשטיינען אויפגע־בליט דאָס גאַנצע העראָאישע טרוימהאַפטיקייט פון זיין וועזן. זיין ליב־שאַפט צו דער יידישער אָרעמקייט, פון וואַנען ער איז אַליין אַרויסגע־קומען, האָט אָנגענומען די גלאָריע פון העראָאיזם.

ליכטנשטיינס פּאַרטייאישער פּסעוודאָנים איז געווען „סאַמואיל“. ער פלעגט זיין איינער פון די פּערזאָנען וואָס האָבן פאַרבונדן דעם אומ־לעגאַלן „בונד“ מיט פּרצן.

ליכטנשטיין האָט געהערט צו יענעם מין אידעאַליסטן, וואָס הגם אין זייער פּערזענלעך לעבן, פון זייער אייגענער דערפאַרונג, האָבן זיי ליידער ניט געקאָנט אויסגעפינען, אַז דער מענטש איז טאַקע באמת גוט, פונדעסטוועגן זיינען זיי איינגעגלויבט אין דער מענטשלעכער גוטסקייט ווי אין אַן אמת אָן וועלכן מען קאָן גאָר נישט לעבן. עס לוינט זיך גאָר־נישט צו לעבן, אויב דער מענטש איז נישט גוט. פאַר די דאָזיקע אידעאַ־ליסטן איז דער קאַמף פאַר אַ גערעכטער וועלט אַ זיכערער וועג צו דער־גרייכן די מענטשלעכע גוטסקייט אין וועלכער זיי זיינען אַזוי טיף איבער־צייגט.

ישראל ליכטנשטיין האָט געגלויבט אַז הינטער דער טיר שטייט שוין די בעסערע וועלט און מען דאַרף נאָר די טיר אויפצורייסן און זי אַריינ־צולאָזן. אומעטום דאַרף מען אָנצינדן דעם גלויבן אין דעם גערעכטן

מענטש, און עס וועט ווערן ליכטיק. פאַר ליכטנשטיינען איז נישט געווען קיין אָפּרו אין דער דאָזיקער וואונדערלעכער אמונה פון אַ מענטש אין דער מענטשהייט.

ער האָט זיך געלערנט זיין אַ לערער פאַר טויב־שטומע, און ער האָט טאַקע אָנגענומען אַזאַ פּאָסטן אין די טויב־שטומע שולן פון דער יידישער גמינע אין וואַרשע. אומעטום וואו עס איז נאָר פינצטער אינם מענטש האָט ער געוואָלט אַריינטראָגן דאָס וויסן און די פרייהייט.

***

ווען איך האָב מיך נעענטער באַקאַנט מיט ישראל ליכטנשטיינען, האָט ער געוואוינט אין לאָדזש. בעת דער דייטשער אָקופּאַציע (אין דער ערשטער וועלט־מלחמה) איז דער „בונד" אַרויסגעקומען פון די אומלע־גאַלע באַהעלטענישן און האָט אָנגעהויבן צו ווערן אַ גרויסע מאַסן־באַוועגונג. זיינע איינפלוסן זיינען געוואַקסן. דעם בונדס וויזיאָנערישע קאָנ־סטרוקציע פון יידישן לעבן האָט ביז גאָר צוגעפּאַסט צו דער שטימונג פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פוילן. יידן האָבן אויסגעקוקט זיך צו באַנייען אויף דער פוילישער ערד. דער „בונד" האָט די דאָזיקע באַנייאונג וויזיאָנעריש סינטעטיזירט מיט דער באַנייאונג פון דער גאַנצער מענטש־הייט. עס האָט אויסגעזען, אַז הינטער די טירן פון דער געשיכטע שטייט שוין דער גרויסער רענעסאַנס פון דער גאַנצער מענטשהייט. דער היס־טאָרישער פרילינג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן נאָכן וועלט־חורבן, האָט זיך מיט אַ באַזונדערן אימפּעט צעשפּראָצט צווישן יידן אין פוילן. פוילישע יידן האָבן ממש געפיבערט. ווי שיין, ווי ניי און ווי פרוכטבאַר עס וועט זיין די צוקונפט פון די יידישע מאַסן אין פוילן און אין גאָר דער וועלט.

עס איז שווער היינט צו שרייבן די דאָזיקע שורות און נישט צו דערמאָנען, ווי ביטער איראָניש דאָס שיקזאַל האָט דעמאָלט צוגעשמייכלט צו דעם האָפערדיקן חלום־שפּיל פון מאַסן, וואָס די געשיכטע האָט שוין פאַמעלעך זיך גענומען צוצוגרייטן פאַר זיי דעם אומברענגער.

דער „בונד" איז אַרויס פון די באַהעלטענישן. זיינע לאָזונגען און

זיינע קאַמפן האָבן אָנגעצונדן די יידישע אָרעמקייט און די פשוטסטע פון די פוילישע יידן. דער „בונד" האָט געוואָלט זיין דער פּיאָנער פון דער היסטאָרישער באַנייאונג פון די יידישע מאַסן אויף די ערטער, וואו זיי וואוינען. פוילן — איז געווען דער טויזנט־יאָריקער צענטער פון גרויסע שעפערישע יידישע מאַסן. פוילן איז געווען דאָס וויגל פון דער פאַר־טיפסטער יידישער שפּראַך. די לאַנדשאַפטן פון פוילן זיינען דורך דורות געהאַט אַריינגעוואָקסן אינם יידישן געמיט, און האָבן מיטגעהאָלפן בילדעריש צו געשטאַלטיקן דעם יידישן געדאַנק, די יידישע פאַנטאַזיע און די פאַרביקייט פון דער יידישער שפּראַך. פוילן איז פאַרן יידישן וועלט־פאָלק געוואָרן אַ פונקט פון שפע. דער דאָזיקער שפע־פונקט האָט אָנגעהויבן יינגער און פרילינגדיקער צו ווערן, און אַלע געזעלשאַפטלעכע שטרעמונגען פון פוילישע יידן האָבן אים געוואָלט אויסנוצן ווי אַ שפּרינג־ברעט צו אַן אָנהויבנדיקער תקופה אין דער יידישער געשיכטע. אַ תקופה, וואָס האָט געזאָלט זיין אי אַ המשך און אי אַ געוואַגטער ווייטער־גאַנג באַרג־אַרויף אויף דעם גרויסן וועלט־וועג וואָס הייסט געשיכטע פון יידן.

די גייסטיקע חשיבות פון די יידישע פאָלקס־מאַסן אין פוילן האָט דער „בונד" געוואָלט פירן אין דער סינטעזע מיטן סאָציאַליזם. דאָס איז געווען זיין וועג צו די צוקונפט־פליינען פון יידישער געשיכטע.

דער „בונד" האָט געוואָלט פירן די יידישע געשיכטע אויף די שליאַכן, וואו עס גייט די וועלט־גערעכטיקייט.

*
**

ישראל ליכטנשטיינס שטוב אין לאָדזש איז געווען דער „סאַלאָן" פון דער בונדישער אידייע. ליכטנשטיין איז געווען דער ליבלינג פון די יידישע מאַסן אין לאָדזש און ער האָט אויך פאַר זיי געהאַט אַ טיפע און פלאַמיקע ליבשאַפט. דער „בונד", ווי דער וועג אויף וועלכן די יידישע מאַסן אין פוילן באַדאַרפן גיין צום היסטאָרישן פאַראויס — איז פאַר ליכטנשטיינען געווען די אומדערמידלעכע טאַט פון זיין לעבן. ער האָט

זיין לעבן פאַרוואַנדלט אין אָט אָ דער טאַט. דער „בונד" איז פאַר אים געווען נישט בלויז די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע תשובה פאַר די יידישע מאַסן. דער „בונד" איז געווען דאָס בילד פון אַ גאַנצן סך־הכל. דאָס בילד אי פון דעם המשך, אי פון דער רעוואָלוציאָנערער באַנייאונג פון די יידישע מאַסן אין שייכות צום יידישן פאָלק און אין שייכות צו דער וועלט. אַלצדינג האָט ביי ליכטנשטיינען באַלאַנגט צום בילד פון „בונד": דער פּאָליטישער קאַמף פאַר יידישע רעכט אויף דער פּוילישער ערד. דער סאָציאַליסטישער קאַמף פאַר דער מאַכט פונם אַרבעטער־קלאַס. די יידישע ליטעראַטור. די יידישע שול. און דער עיקר: דער קאַמף פאַר די השפעות פונם „בונד" אויפן יידישן לעבן. אומעטום איז ליכטנשטיין געשטאַנען אין דער שפּיץ פון דער בונדישער טאַט אין לאָדזש.

זיין שטוב האָט אין זיך געהאַט פון דער אַמאָליקער פּרץ־שטוב אין וואַרשע. ליכטנשטיינס הויז איז געווען אַ צענטער, אין וועלכן עס האָבן זיך געזאַמלט די יעניקע, וואָס האָבן געאַרבעט אויף די אַלע געביטן, וואו דער „בונד" איז טעטיק געווען אין יידישן לעבן. און איך וויל דערציילן פון דער דאָזיקער שטוב אין שייכות צו דער פּערזאָן פון ישראל ליכטנשטיין:

קיין גרויסער גביר איז ער אויך אין לאָדזש נישט געווען. ער איז געווען אַ לערער פון געשיכטע אין אַ לאָדזשער גימנאַזיע. זיין פרוי גוטקע האָט געשטאַמט פון די אַמאָליקע בונדישע קעמפערינס און געטאָן געפערלעכע אומלעגאַלע רעוואָלוציאָנערע שליחותן אין די צאַרישע צייטן. אין לאָדזש איז זי געווען אַ לערערין אין אַ שול פאַר טויב־שטומע. זיי האָבן ביידע שווער געאַרבעט, און די פּרנסה איז זיי ווייט נישט גערונען איבערן מויל. פונדעסטוועגן איז ליכטנשטיינס הויז — פּונקט ווי דאָס הויז פון די קאַצענעלסאָנס — געווען אַ „ביתו פּתוח לרוחה", מיט אָפענע טירן און מיט אַ געגרייטן טיש פאַר יעדן, וואָס איז דאָרט אַריינגעקומען אַ הונגעריקער. שטענדיק זיינען ביי די ליכטנשטיינס געווען געסט און פרעמדע מענטשן. אָרעמע קרובים זיינען געקומען צו אים נאָך הילף גלייך ווי ער וואָלט געווען אַ גביר. ליכטנשטיין האָט געגעבן און געהאָלפן, ווי ווייט ער האָט געקאָנט.

ער איז געווען אַ בונדיסט אַ תלמיד־חכם. ער האָט געהאַט די טיפסטע סימפּאַטיעס פאַר פּראָסטע נישט־געלערנטע מענטשן, און די פּשוטקייט פון די יידישע פאָלקס־מאַסן איז פאַר אים געווען אַ הויכע מדרגה פון מענטשלעכער איידלקייט. אין דער זעלבער צייט איז ער געווען דער פאַרליבטער אין דער ליטעראַטור און אין אַלטע יידישע ספרים. פאַר מענטשן, וואָס האָבן ווייניק פאַרשטאַנען דעם בונדס טיפע וואָרצלען אין דער יידישער קאָנטינואיטעט, איז עס אויסגעקומען פרעמדלעך צו זען, ווי אַ פירער און קעמפער פונם „בונד" זיצט ביי אַ העברעאישן ספר, ביי אַ מדרש צי ביי אַ ספר־אגדה. איך ווייס נישט צי איז עס ליכטנשטיי־נען גופא געקומען צום באַוואוסטזיין, אַז דאָס דאָזיקע פאַרליבטע לייענען זיינס אין די אַלטע יידישע ספרים איז נישט בלויז די ביבליאָפילישע נייגעריקייט, נייערט דאָס געפיל, אַז די פּסיכיק פון אַ יעדער טאָט פון די יידישע מאַסן איז אַ היסטאָרישע קאָנטינואיטעט, און אַז אויך דער „בונד" קומט אַרויס פון די אַלטע יידישע קוואַלן. בלויז דאָס געשטאַלט פון „בונד" איז אַ מאָדערנעס, אָבער זיינע וואָרצלען גרייכן זייער טיף אין דער יידישער אַמאָליקייט. דערין ליגט דער גרויסער רעוואָלוציאָנערער באַטייט פונם „בונד".

ב. דעמבלין

# ערב חורבן

קאַפּיטל פון אַ ראָמאַן

עס איז געווען אין מיטן ווינטער. גרויסע פרעסט זיינען אָנגעשטאַנען. דער שניי אונטער די פיס איז געוואָרן האַרט, סקריפּנדיק. די אייז־צעפּ פון די דעכער־אַראָפּ זיינען געווען דיק, לאַנג און זיי האָבן געבלענדט אין דער פּראָסטיקער זון ווי בלענדענדיקע קרישטאָלן. די שטאָט איז געלעגן אונטער אַ קאַלטער, תכריכימדיקער ווייסקייט. און ווייס איז אויך געווען דער אַרויסגעהויכטער אָטעם אויף מענטשלעכע בערד און, להבדיל, אויף פערדישע מאָרדעס.

אַן איינגעבויגענער, אַן אַדורכגענומענער פון קעלט, אין אַ לאַנגען, גרין־אָפּגעשאָסענעם פּאַלטן, מיט אַ ברייטן, פויעריש־קאָלירטן שאַל אַרום די אויערן און האַלז, איז יערמע דוד, אין האַלבן טאָג, געקומען אַהיימצו־קריכן אין שטוב אַריין. זיין רויטע באָרד און וואָנסעס זיינען איצט גאָר־נישט געווען רויט, ווי תמיד. זילבערדיק און שטייף איז אים איצט געווען יעדערס הערעלע, ממש אַ ווייס־זילבערנע באָרד.

אַריינקומענדיק אין שטוב האָט יערמע דוד אָנגעטראָפן אויף אַן אומ־געריכט געשעעניש. אין מיטן שטוב, אויף דער פּאָדלאָגע, איז געלעגן דער קליינער תכשיט זיינער, נתן חיים, אַ רויטער, אַ דערשוויצטער פון וויינען. ס׳היטל אָפּגעוואָרפן פון זיך, איז ער געלעגן אין מיטן שטוב און געהאַקט מיט די פיס אין דער פּאָדלאָגע שרייענדיק אין איין קול:

— יעך וויל אַ צווייער! יעך וויל נישט זאאן קא שנאָרער!

לעבן אים, מיטן קליינעם רחלע אויף דער האַנט און דאָס גרעסערע, אסתר פערעלע, איינגעטוליעט אין איר קלייד, איז געשטאַנען חנה לאה, די מאַמע, און זיך געבעטן ביי אים:

— ווי זאָל יעך נעמען אַ צווייער? יעך דאַנק גאָט כ׳האָב וואַרעמעס פאַר ענק.

אויבן אָן,ביים טיש, מיטן פּלייצקעלע צו די פענצטער, איבער אַ שי־סעלע רויטע, פאַרעדיקע בעבלעך און אַ מוציא ברויט אין דער האַנט, איז געזעסן דער גרעסערער, אברהם יאנקל, שטיל ווי אַ סטאַטיקל, גלייך ער וואָלט מיט דעם שטיל זיין טאַקע געוואָלט ווייזן אַז ער דאַנקט גאָט וואָס ער האָט וואַרעמעס.

די צוויי ברידערלעך, נתן חיים און אברם יאַנקל, זיינען געווען אַזוי פאַרשידן איינער פון אַנדערן, ווי עס איז געווען פאַרשידן דער טאַטע פון דער מאַמען. דער עלטערער, אברם יאַנקל, האָט אינגאַנצן אַריינגעראָטן אין דער מאַמען. פונקט ווי זי האָט ער זיך אומעטום געפילט היימיש. ער האָט שטענדיק איבערגעקליגט די אַנדערע יינגלעך. אים האָט נישט שטאַרק געאַרט וואָס ער האָט נישט קיין אייגן געלט זיך צו קויפן אַ צוקערל אָדער אַ מעסטעלע באָב. פאַר אַלערליי קנעפּלעך, וואָס ער האָט תמיד געהאַט פולע קעשענעס, האָט ער די זאַכן אָפּגעקויפט ביי די יינגלעך. פאַר אַ קנעפּל מיטן קייזערס אָדלער האָט ער פאַרלאַנגט מער באָב און אַ גרעסער שטיקל צוקערל ווי פאַר אַ פּראָסט קנעפּל. אים האָט אויך ניט געאַרט אַז יינגלעך רופן אים אַמאָל שנאָרער. ער איז ביי זיך געווען זיכער אַז ער באַצאָלט ערלעך פאַר אַלץ וואָס די יינגלעך גיבן אים.

נתן חיימען אָבער, פונקט ווי דעם פאָטער און פונקט ווי זיין פּויליש־חברל באָלעק, איז געווען פרעמד דער מין אויסנאַרן, דער מקח וממכר שפּיל. בעת די אַנדערע יינגלעך האָבן זיך אַרומגעשפּילט אין וואָג און מאָס, אין קויף און פאַרקויף, איז ער גאָר געווען פאַרטאָן אין באָלעקס הונט, אין אויפ־שטעלן שטייגן און כאַפּן פייגל, אין קריכן אויף די ביימער זוכן נעסטן און זען ווי די פייגל זיצן אויס זייערע קינדערלעך. ער האָט אויך שטאַרק גע־ליטן אַז די יינגלעך האָבן אים גערופן שנאָרער. כאָטש ער האָט מיט אַלע כוחות געוואָלט זיך אָפּהיטן נישט אָנצורירן ביי די יינגלעך, איז דאָך דער יצר הרע צו אַ שטיקל צוקערל געווען שטאַרקער. און היינט, ווען אַלע יינגלעך אין חדר האָבן אין איין כאָר אים גערופן: „שנאָרער, שנאָרער, די ביזט אַ שנאָרער״! האָט ער זיך פאַר אַלעמען אין די אויגן צעוויינט און זיך געשוואוירן נישט צוריק צו גיין אין חדר אָן אַ צווייער כדי צו קאָנען אָפּקויפן אַ מעסטל באָב און צוריקטיילן די יינגלעך. ער האָט אויך אָפּגעמאַכט

מיט אברם יאַנקלען, יענער זאָל אויך וועלן אַ צווייער. אין מיטן וועג אָבער, אַהיימגייענדיק פון חדר, האָט אברם יאַנקל חרטה געקראָגן. „יעך על ניש רעדן! האָט ער געזאָגט. די מאַמע האָט ניש קא געלט און דער טאַטע אייך ניש״! און טאָמער איז דאָס ווייניק האָט ער נאָך פאַרמסורט דעם קלענערן ברודער. ווי נאָר ער איז אַריינגעקומען אין שטוב האָט ער גיך אויסגעשריגן:

— מאַמע, ער וויל אַ צווייער!

יערמע דוד האָט נישט געוואוסט וואָס דאָ האָט געטראָפן. אַן אַנדערש מאָל וואָלט ער אַראָפּגענומען דעם פּאַסעק פון די הויזן און דעם תכשיט מקיים פּסק געווען ער זאָל האָבן צוגעדענקען „צווייערס״. איצטער אָבער איז ער געשטאַנען צעטומלט. ער איז אייגנטלעך באַלד אַריינגעקומען אין שטוב אַ צעמישטער. ביי דער באַן, וואוהין אַ גוי האָט אים אַרויסגערופן עפּעס קויפן, איז ער געוואויר געוואָרן אַז ס׳האָט אויסגעבראָכן אַ מלחמה מיט יאַפּאָניע. לויט זיין חשבון וועט ער אויך דאַרפן טאַנצן אויף דער אומגעבעטע־נער חתונה. איצט, שלעפּנדיק זיך צופוס אין דעם פראָסט, האָט ער אַ גאַנצן וועג געטראַכט ווי אַזוי ער זאָל דאָ אין שטוב אַרויספאָרן מיט דער בשורה. דאָ גאָר, נאַדיר אַ מעשה מיט צווייערס!

געוועלעך, אַז יערמע דוד קומט אַריין אין שטוב ווערט שטיל. די קדישים קאָנען זיך גאַנץ גוט איבערנעמען ביי דער מאַמען, אָבער נישט ביי אים! איצט אָבער איז ער געווען געפּלעפּט וואָס גראַד ווייל ער איז דאָ אין שטוב, עפּנט דאָס נתן חיימל אַ גרעסער פּיסקל. אָבער גאָר דערשטוינט איז ער געוואָרן ווען ער האָט געהערט דעם תכשיטס ענטפער אויף דער מאַמעס טענה:

— ווי זאָל מ׳דע נעמען צווייערס? דאַנק גאָט האָסט אַ שטיקל ברויט.

— יעך וועל ניש דאַנקען גאָט, האָט ער מיט נאָך מער רציחה געשריגן. — יעך האָב דיך ניש געבעטן זאָלסט מעך האָבן!

יערמע דוד האָט פאַרלוירן ס׳לשון. קיין קינד האָט נאָך ביי אים אַזוי נישט גערעדט. אויך חנה לאה איז פון דעם זאָג געווען געפּלעפּט. קוקנדיק זייטיק צו יערמע דודן איז זי געווען באַהערשט פון אַ טאָפּלט מורא־געפּיל. פון איין זייט האָט זי אַן אומקלאָרער פחד פאַר דעם גורל פון דעם יינגל

אַרומגעכאַפּט. ווער ווייס וואָס פון אים וועט נאָך ווערן? וואו ער וועט נאָך חלילה אָנשפּארן! זי האָט איצט געקוקט צו יערמע דודן, ער זאָל זיך אַריינמישן, ער זאָל עפּעס זאָגן. די אַנדערע מורא אירע איז אָבער געווען טאַקע פאַר זיין אַריינמישן זיך. זי קאָן יערמע דודן, זי ווייסט ווי ער טוט באַלד אַ שפּרונג אויף, ווי ער כאַפּט באַלד שלאָגן. זי האָט איצט נישט געמיינט צו שפּאָרן ס׳יינגל פון אַ קלאַפּ. זי האָט נאָר מורא געהאַט אַז אַ קלאַפּ וועט נאָך ערגער מאַכן. חנה לאה האַלט בכלל נישט פון שלאָגן קינדער. אָט שלאָגט יערמע דוד ווי קיין טאַטע טוט עס נישט, נו, העלפט עס?

יערמע דודן איז אָבער איצטער גאָרנישט איינגעפאַלן צו לויפן שלאָגן. צופיל דערשלאָגן איז ער איצטער געווען פון דער וויסטער מלחמה־בשורה. אָנשטאָט טוען אַ לויף, ווי זיין שטייגער, איז ער איצט פּאַוואָליע צוגעגאַנגען צום יינגל, זיך אַביסל איבערגעבויגן איבער אים און אים געלאַסן געפרעגט:

— וואָס עסטי טיען מיט דעם צווייער?

— יעך על קויפן ביבער און אָפּגעבן די יינגלעך זיי זאָלן מיך נישט ריפן שנאָרער!

יערמע דוד איז אַ ווײַלע געשטאַנען אַזוי איינגעבויגן און זיך איינגעקוקט אין דעם יינגל. עפּעס האָט ער איצט, ס׳ערשטע מאָל דאַכט זיך, דערפילט אַן אָנגעהעריקייט צו דעם קינד. אויך ער האָט דאָך פיינט עמעץ זאָל טראַכטן וועגן אים ווי וועגן אַ שנאָרער! אויך ער וויל דאָך קיינעם נישט קומען גאָרנישט!

פּאַוואָליע האָט יערמע דוד אַרויסגעגראַבלט דאָס לעדערנע בייטעל מיט די צוויי ניקלענע קעפּעלעך פון הינטער דעם שווערן פּאַלטן אָבער, אַרויסגענומען אַ קופּערנעם צווייער און דערלאַנגט דעם יינגל:

— נאַ און גיי צוריק אין חדר אַריין.

חנה לאה איז פון דעם גאָר געוואָרן צעמישט. זינט זי קאָן יערמע דודן האָט ער נאָך אַזוינס נישט געטאָן. נישט אַנדערש גאָט האָט אים היינט צוגעשיקט אַ כשרע מציאה. אָבער געפרעגט האָט זי אים גאָרנישט. זי האָט נאָר געהאָלפן דאָס פאַרוויינטע יינגל אויפשטיין פון דער פּאָדלאָגע, אויסגעווישט אים די אויגן מיט אַ שפּיץ פאַרטעך, אַוועקגעזעצט אים ביים

שיסעלע קאַלט געוואָרענע בעבלעך, געגעבן אים דאָס שטיקל ברויט אין הענטל אַריין און אים געזאָגט:

— עס שוין אָפּ און לויף גיך צוריק אין חדר אַריין. דער רבי עט דעך שלאָגן!

ערשט שפּעטער, ווען די יינגלעך זיינען אַוועק, גרייטנדיק יערמע דודן ס׳וואַרעמעס, קלייבנדיק אין געדאַנק פּאַסיקע ווערטער מיט וואָס צו פרעגן דעם מאַן ווי ס׳איז אים דערגאַנגען דער אינדערפרי, צי האָט ער עפּעס געקויפט ביי דער באַן, איז גאָר יערמע דוד געטאָן אַ פּאָר אַרויס מיט דער וויסטער בשורה.

חנה לאהן זיינען הענט און פיס אונטערגעהאַקט געוואָרן. איר בלאַס פּנים איז געוואָרן געל ווי וואַקס. עפּעס האָט זי גאָרנישט, ווי איר שטענדיקע טבע איז געווען, אָפּגעפרעגט און אויסגערעדט דאָס בייז. שטילערהייט האָט זי אַריינגעזעצט דאָס קינד אין וויגל און אַליין איז זי אַריין אין קיך און זיך אַוועקגעזעצט אויף לייבל משהס בעט, אַראָפּשלינגען דעם שטראָם טרערן וואָס האָט איר אַ זעץ געטאָן אין האַלז אַריין.

יערמע דוד איז געבליבן זיצן ביים טיש. ער האָט זיך נישט געוואַשן צום ברויט. ער האָט נישט אָנגערירט דאָס שיסעלע בעבלעך. ער איז געזעסן מיטן קאָפּ איןביידע הענט, די עלענבויגנס אויפן טיש און געקוקט אויף דעם קליינעם אסתר פּערעלען, דער מאַמעס נאָמען, וואָס איז איצט געזעסן און זיך געשפּילט לעבן וואַרעמען אויוון מיט אַ צענויפגעוויקלט טיכל פּאַר אַ ליאַלקע, דריקנדיק עס צום הערצל, ווי אַ קליין מאַמעלע. ער האָט געקוקט אויף דער קליינער רחלע אין וויגל. ער האָט ווידער פּאַר זיך געזען די נאָרוואָס אַוועקגעגאַנגענע צוויי יינגלעך און אויך לייבל משהן, דעם עלצטן בחור. וואָס וועט דאָ פון זיי אַלע ווערן? און פון איר, חנה לאהן? ווי וועט זי זיך אַן עצה געבן איינע אַליין מיט די קינדער? ער האָט איצט זייער געוואָלט צוגיין צו חנה לאהן, ווי זי זיצט דאָרטן אויפן קיך בעט, זי טרייסטן, רעדן צו איר גוטע רייד און זאָגן איר אַז מיטן אויבערשטענס הילף וועט מען אים באַפרייען. „אַ מענטש מיט אַזאַ מחיש ווי זיינער, וועט מען נישט שיקן אין מלחמה אַריין״. אָבער גראָד די טרייסט האָט ער איר מורא געהאַט צו ברענגען. ער האָט געוואוסט אַז דער מחיש זיינער איז אַ

וואונד אין איר האַרץ. איר גאַנץ איינקוירטשען זיך יעדערס מאָל ווען ער קומט צו איר נעמט זיך טאַקע פון דעם מחיש זיינעם. זי האָט דאָס חלילה קיינמאָל נישט געדאַכט, אָבער ער ווייס עס. אָך ווי ער וואָלט עס איצטער בעסער געוואָלט גיין אין דער מלחמה אַריין געהאַרגעט ווערן ווי אַ גאַנצער און ריינער מענטש, איידער שטענדיק צו פילן די געפאַלנקייט ביים דער־נענטערן זיך צו חנה לאהן.

אויך אין אַנדערע שטיבן איז געוואָרן תשעה באב ביים דערהערן די־מלחמה בשורה. טאַטעס פון קינדער, חתנים פון כלות, אַלע האָבן זיי אויפגע־הערט צו קאָנען אַרבעטן, זיינען אַרומגעגאַנגען אָן קעפּ און ווי נאָר מען האָט זיי געריפן, האָבן זיי זיך שוין געשטעלט מיט די קלומיקלעך אויף די פליי־צעס, לענגאויס דעם גערטל פון דער קאַנצעליאַר, גרייט אָפּגעשיקט צו ווערן קיין סיביר זיך שלאָגן מיט יאַפּאַניע פאַר פאָרט אַרטור און מוקדון.

און אָט איז געקומען דער טאָג פאַר יערמע דודן זיך צו גרייטן אין וועג אַריין. באַלד באַגין, פריער ווי יעדן טאָג, האָט ער אָפּגעדאַוונט, אַריינ־געלייגט דעם טלית און תפילין־זאַק אין קלומעקל, וואו חנה לאה האָט אים פאַרפּאַקט אַביסל וועש, עטלעכע פאָר קלאָרע אָניצעס, אַ ביסל זאַלץ, עטלעכע ציבלקעס און אַ האַלב קאָרן ברויט. אַוועקלייגנדיק ס׳פאַרבונדענע פּעקל אין קיך אויף אַ טאַבורעט, האָט ער זיך געוואַשן אין גענומען עסן דאָס לעצטע מאָל אַנבייסן פאַרן אַוועקפאָרן זיך שטעלן. בלויז יערמע דוד אַליין האָט געגעסן. חנה לאה מיטן קינד אויף דער האַנט איז געזעסן דערלעבן. פאַרן מאַנס אַוועקגיין אויף דער מלחמה האָט זי געוואָלט מיט אים איבער־שמועסן מכוח די סחורות און דער עיקר מכוח אברם יאַנקלען. אַזוי האָט דאָס יינגל נאָך געזאָלט גיין אין חדר אַריין ביז ער וועט בר מצווה ווערן. איצט אָבער, ווער קאָן דאָס אַ יינגל פון עלף יאָר נאָך האַלטן אין חדר?

אויך לייבל משה און די צוויי יינגלעך זיינען געבליבן אינדערהיים און געזעסן אַרום טיש זיך צו געזעגענען מיטן טאַטן איידער ער פאָרט אַוועק.

ס׳איז געווען שטיל. אַפילו די צוויי קליינע מיידעלעך האָבן נישט גע־לאָזט אַ פּיפּס פון זיך, ווי אויך זיי וואָלטן געוואוסט אַז דער טאַטע גייט אַוועק אויף דער מלחמה. עס האָט זיך בלויז געהערט יערמע דודס פאָרן זיך מיטן לעפל אין שיסעלע. באַלד אָבער האָט ער אַוועקגעלייגט דעם לעפל און אַ זאָג געטאָן:

— ני, כ׳האָ שוין געניג.

און חנה לאה האָט אויף דעם אַ זיפץ געטאָן:

— אוודאי, אַז דער האַלז איז פאַרשלאָסן, ווי קען מ׳עסן?

יערמע דוד האָט אָפּגעבענטשט. נאָכן בענטשן האָט ער זיך פּלוצים אַ ווענד געטאָן צו אברם יאַנקלען:

— וואָס זאָגסטו, ווילסט זאַאָן אַ שיסטער? און נישט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער פון יינגל האָט ער שוין גערעדט צו חנה לאהן: — יעך מיין זאָלסט אים אַראאנגעבן אויף דער לעער צום פּליוק. אַ גאַנץ גיטער שיסטער, לייזער פּליוק און ער האָט פּרנסה ברווח. וואָס עט ער זיך נאָך אַרימוואַלגערן פּיסט און פּוסט? קאַ רב עט ער דעך ניש זאַאָן.

חנה ג׳אהן איז אַפילו נישט אײַנגעפאַלן דעם מאַן צו דערווידערן. דעם עלטערן, לייבל משהן, וואָלט זי אוודאי נישט אָפּגעגעבן פאַר קיין שוסטער. אַ זיידן יינגל, שטיל ווי אַ טויב, און אַ פייערדיקן קאָפּ צום לערנען. אברם יאַנקלען אָבער נעמט נישט צום לערנען. מילא, ווען נישט דאָס אומגליק, וואָלט ער נאָך געגאַנגען צוויי יאָר אין חדר. אַזוי אָבער?

— יאָ, ביזט גערעכט, האָט זי שטיל, כמעט אָן ווילן געזאָגט. — מאָרגן, מ׳זאָל דערלעבן, על יעך מיט אים אַרײַנגיין צו לייזער פּליוק.

יערמע דוד איז אויפגעשטאַנען פון טיש. באַלד נאָך אים האָבן זיך אַלע אויפגעשטעלט. ער האָט גענומען ס׳קליינע אסתר פּערעלע אויף דער האַנט, עס אָנגעקושט, דערנאָך אַ קוש געטאָן דעם פּיצעלע רחלען. לייבל משהן האָט ער געגעבן די האַנט, אויך צו די צוויי קלענערע יינגלעך האָט ער אויסגעשטרעקט די האַנט — עך זאָלט זאַאן גיט צי דער מאַמען: עך זאָלט היטן יידישקייט און די, נתן חיים, געדענק! שפּיל זיך נישט מיטן שייגעץ! דערנאָך איז ער אַרײַנגעגאַנגען אין קיך גענומען ס׳קלומעקל אויף דער פּלייצע און זייטיק, געטאָן אַ קוק אויף חנה לאהן, וואָס איז געשטאַנען מיט די הענט פוסט פאַרלייגט אויפן בויך, די בלויע, פאַרטריקנטע ליפּן פאַרשלאָסן און צוויי פרישע רינענדיקע טרערן ריטשקעלעך אויף די בלאַס־געלע באַקן.

יערמע דודן האָט אָנגעהויבן צו שטיקן אין האַלדז. כדי אײַנצוהאַלטן זיך פון אַן אָנקומענדיק געוויין, האָט ער מיט דער האַנט־פּלאַך אַ וויש גע־

געטאָן ס׳מײל און פּאַװאָליע דורכגעפּירט די האַנט איבער דער לאַנגער, רויטער באָרד. גיכער װי ער האָט געהאַט בדעה איז ער צוגעגאַנגען צו דער טיר, אַ קוש געטאָן די מזוזה און ערשט אויף יענער זײט שװעל, מיט דער טיר אָפן אין פּראָסטיקן דרויסן אַרויס, האָט ער זיך אויסגעדרייט און געטאָן אַ זאָג אין שטוב אַריין!

— זאאטס מע געזינט...

ערשט איצט האָט חנה לאה אויסגעבראָכן אין אַ געװיין. אויך די קינדער האָבן זיך צעװיינט, װי ערב יום־כפּור ביי ליכט צינדן. די ייִנגלעך האָבן געװיינט אין זיך, אין דער שטיל, װישנדיק מיט די אַרבל די נאַסע אויגן און די צװיי מיידעלעך הויך, אויפן קול, טוליענדיק זיך דערשראָקן צו דער װיינענדיקער מאַמען.

אַ קורצע װיילע האָט אַזוי געדויערט דאָס װיינען. פּלוצעם האָט חנה לאה אַ כאַפּ געטאָן די שװערע פּאַטשיילע איבער דער פּלײצע און װי אַן אונטערגעשאָסענער פויגל געטאָן אַ פלי אין דרויסן אַרויס. מיטן גאַנצן אימפּעט איז זי געלאָפן אין מאַרק אַריין. אָניאָגנדיק די פור אין װעלכער ירמיע דוד איז געזעסן צעזאַמען מיט אַנדערע יידן, װעמענס װייבער, קלאָגנדיקע, העשנדיקע זיינען זיי נאָכגעגאַנגען װי נאָך אַ לװיה, האָט זי הויך, װעלנדיק איבערשרייען אַלעמען, אים נאָכגעװאונטשן:

— זאָלסט באַלד אין גיך אַהיים קומען, ירמיע דוד!

— אָמן, האָט ירמיע דוד געענטפערט און דער װאָגן האָט גענומען פאָרן גיך, גיך אַרויס פון שטאָט און איז באַלד פאַרשװאונדן געװאָרן פון אויג.

מירל ערדבערג-שאַטאַן

# קוטנע מיין היים-שטאָט

מיינע פריינט עוואַ און הערמאַן קירשבוים—געהייליקט*)

היים-שטאָט מיינע פון רב יהושיעלע קוטנער,
פון שלום אַש און י. י. טרונק,
מאַרטירער הערמאַן קירשבוים און חוה,
ביסט שטעטל פילפאַרביק געווען ווי אַ פּאַווע.

דו האָסט מיך באַפרוכפּערט מיט אַלערליי תורות,
פון הערצל ביז מאַרקס, טאָלסטאָי און רמב"ם.
פון פעלקער געראַנגל, טרויער פון דורות,
און טראָגן דעם יאָך פון מיין פאָלק, און מיין שטאַם.

עס האָט מיך דיין ליכט אין ווייטן באַגלייט,
געטרייסט אין דער פרעמד, געפורעמט מיין זיין,
איבער ימען, יבשות אין אָפּשניט פון צייט,
ביסט תמיד מיין צידה-לדרך געווען.

דיין יוגנט די האָפענונג, אָנזאָג אויף פרייד,
האָט מיט גלויבן געמינערט דעם אומעט, די נויט,

---

*) דאָס פּאָר־פּאָלק עוואַ און הערמאַן קירשבוים זיינען געווען באַ־קאַנטע בונדישע טוער אין קוטנע. הערמאַן איז געפאַלן אין שלאַכט אין קאַמף מיט די נאַציס בעתן וואַרשעווער אויפשטאַנד סוף זומער 1944. עוואַ איז פלוצלונג געשטאָרבן בעת מ׳האָט דעם קערפּער פון איר מאַן מיט עטלעכע חדשים שפּעטער איבערגעפירט און אַראָפּגעלאָזט אין קבר אויפן יידישן בית־עולם אין וואַרשע. — רעדאַקציע.

פֿאַר אַ ליכטיקן מאָרגן די קערנער פֿאַרזייט
איצט ליגסטו פֿאַרגליווערט אין אומקום פֿון טויט;

אַן יידישע קינדער, אַן יידישן ליד,
אַן בערל דעם טרעגער, אַן יאַנקל דעם שמיד,
אַן יידישע קראָמען, אַן זשעליכאָווס מיל,
אַן גרופּקעלעך יידן פֿאַרנאַכט אַרום שול.

אַן יידישע ספֿרים, אַן יידישן בוך,
אַן יידן פֿון שבת, אַן יידן פֿון וואָך,
אַן בענטשליכט, אַן זמירות, אַן קידוש אַן וויין,
עס שוועבט איבער אַלץ דער צער פֿון פֿאַרגיין.

***

פֿאַר זיי, פֿאַר די שכנים בליט אַלץ אויפֿסניי,
זיי האָבן שוין קאָרן און בלומען פֿאַרזייט,
עס גייט אויף דאָס ברויט פֿון יידישן וויי,
זיי האָבן שוין צוריק געפֿונען די פֿרייד.

ערשט נעכטן האָט דאָרט אונזער גאָרטן געבליט,
זינט דורות פֿאַרוואָרצלט געווען איז מיין שטאַם,
פֿאַרלאָשן איז איצט דיין זון און דיין ליכט,
געהייליקט אויף שייטערס און קידוש־השם.

שטיי איך אַן אבל געבויגן מיין קאָפּ,
פֿאַר דיר מיין היים פֿאַר קוטנע מיין שטאָט.
פֿאַר וואַרשע, וולאָצלאַוועק, לאָדזש און לובלין,
פֿאַר הונדערטער שטעטלעך פֿון אייגענעם מין.

פֿאַר מיר וועט דיין הימל שוין אייביק זיין גרוי,
דיין זון אַן ליכט, דיין גראָז אַן טוי.
מיט וואָרצל ביסטו פֿאַרשניטן געוואָרן,
ווער וועט מיין שטאַם דאָרט ווידער געבוירן?

היים־שטאָט מיינע און שטעטלעך פון פוילן,
מיט יידישן טרויער און ליכט פון בעל־שם,
איך טראָג אויף די אַקסל דיין צער, און די גרוילן,
דאָס ליכט און דיין טרויער, פון קידוש־השם.

---

# ווידער איז דיין נאָמען

וולאָצלאַוועק — געהייליקט

ווידער איז דיין נאָמען פאַר מיר אויפגעגאַנגען,
איבער ימען האָט צו מיר דיין צער דערגרייכט.
גרויל־קלאַנגען זיינען אמתן געוואָרן,
און האָסט פאַר מיר ווי אַ טויטע וועלט געבלייכט.

***

דיין זון גייט אויף שוין אין דער הויך,
פון קוימענס שלענגלט זיך שוין רויך,
און ווידער שמעקט מיט ברויט, מיט היי,
לעבן וועקט זיך אויפדאָסניי.

און פייגל קומען אויך שוין צוריק,
בויען נעסטן היימיש גליק.
וויגט דער וואַלד זיך אין געזאַנג,
ווייסל פליסט איר אייביק גאַנג.

נאָר אין מיר גייט אויף אַ גרויל־געוויין
פאַרשניטן ליגט דאָרט מיין געביין,
מאַסן קברים, אַש און ליים,
אַ זכר פון מיין דורות היים.

משה יעקב קויאווסקי

# חורבן קרושנעוויץ

## (איבערלעבונגען אין די יאָרן פֿון פּיין און אומקום)

אויף דער גרענעץ פון דער וואַרשעווער און לאָדזשער גובערניע ליגט אַ שטעטל מיטן נאָמען קרושנעוויץ. ווען מען קומט אַריין אין שטעטל זעט מען גלייך די מויער פון דעם גרויסן פּאַרק אויפן נאָמען פון פּוילישן גראַף רעמבעלינסקי. אַרום — שיינע פעלדער און קליינע טייכלעך. אויף שטיקלעך ערד, וואָס איז נישט געווען זייער אייגנטום, האָבן קרושנעוויצער איינוואוינערס אין משך פון יאָרן אויסגעבויט דאָס שטעטל. און נאָך ביז היינט ווער עס האָט פאַרקויפט אַ הויז האָט פריער געמוזט באַצאָלן רענט פאַר דעם פּלאַץ פון הויז. לויט דער פאָלקסציילונג פון יאָר 1921 האָט די יידישע באַפעלקערונג פון קרושנעוויץ געציילט 1259 נפשות פון דער אַלגעמיינער צאָל 3509.

דאָס שטעטל האָט זיך פאַרנומען דער עיקר מיט קרעמעריי, תבואה־מסחר, דאָרפס־גייעריי, פערד־האַנדל. געווען אויך די יידישע פאַכן ווי שניידערס, שוסטערס, בלעכער. דער תבואה־מסחר האָט זיך קאָנצענטרירט ביי עטלעכע יידישע פאַמיליעס און זיי האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט די „עליטע" פון שטעטל; מען האָט זיך מיט זיי געמוזט רעכענען און דער פאָלקס־מענטש פלעגט וועגן זיי זאָגן: „די הויכע פענצטער", און פאַרשטייט זיך, אַז אַלץ, וואָס זיי האָבן געוואָלט האָבן זיי געטאָן. אונדזער גאַנצער האַנדל איז געגאַנגען קיין לאָדזש און קוטנע, פון דאָרט ווידער האָט מען געברענגט דאָס, וואָס די קרעמערס האָבן געברויכט. דאָס לעבן איז געווען שווער פאַר אַ גרויסן טייל איינוואוינער פון שטעטל, ווייל אין יעדער שטוב האָט מען געקאָנט געפינען אַ סך קינדער; די טעכטער האָט מען געשיקט פאַר דינסטן אין די רייכע הייזער און די זין אָפּגעגעבן אין די יידישע פאַכן, ווי שניידערס און שוסטערס. איינעם האָט מען געוויינטלעך אָפּגעגעבן אין בית־המדרש, — מען זאָל האָבן אַ בן־תורה.

די יידן פון שטעטל האָבן זיך קאָנצענטרירט אויף דער קוטנער גאַס און אַרום מאַרק. איז מען אַריינגעקומען אין שטעטל פון קוטנער וועג, האָט זיך גלייך דערטראָגן דער געזאַנג פון די בחורים פון בית־מדרש און פון די חדרים.

יעדן טאָג, ווען עס איז נאַכט געוואָרן, האָבן זיך אַלע באַלמעלאָכעס און דאָרפס־גייער זיך געטראָפן אין בית־מדרש. נאָך מנחה האָט דער רב זיך געזעצט ביים טיש, וואָס איז געשטאַנען אויף דער גאַנצער לענג, יידן אַרום אים, און ער האָט געלערנט מיט זיי די פרשה פון דער וואָך. אַ פּאָר יידן פלעגן זיך אַוועקשטעלן הינטער די צוויי גרויסע אויוונס, וואָס זיינען געשטאַנען אין אַ זייט און פלעגן שמועסן וועגן דעם וואָס די פויע־רים דערציילן — צי ס׳וועט זיין מלחמה און נאָך אַזוינע וועלט־נייס. צייטונגען זיינען געקומען נאָר צו איין ייד דעם גביר אברהם ראָזען. ער האָט געהאַט אַ גרויס אייזן־געשעפט, געגאַנגען געקליידט דייטשמעריש, געטראָגן אַ צילינדער שוין אין יענער צייט. ווען ער איז געזעסן פאַר זיין קראָם און אַריינגעקוקט אין די צייטונגען, איז נישט געווען שייך צו אים צוקומען און פרעגן, וואָס מען שרייבט אין דער גרויסער וועלט...

דאָס לעבן איז זיך געפלאָסן מיט זיין נאָרמאַלן וועג. אין די פינצ־טערע נעכט, ווען דאָס גאַנצע שטעטל איז געווען באַלויכטן נאָר מיט דריי לאָמפּן, קומען אַרויס די מיידלעך און די ייִנגלעך פון זייערע אַרבעטס־פלעצער און טרעפן זיך ביי דער בודקע, וואָס שטייט אין מיטן מאַרק, האַנדלען דאָרט איין אַ ביסל קנאַק־ניסלעך אָדער צוקערלעך און מען וואַנדערט געהיים אַרויס פון שטעטל צו די גרויסע טאָפּאָל־ביימער פון פערנער וועג, אַז קיין שום אויג זאָל נישט באַמערקן. דאָרט איז טאַקע געווען דאָס אָרט, וואו עס איז אַלץ באַשטימט געוואָרן וועגן ווייטערדיקן צוקונפטיקן לעבן.

## אָנהויב פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג

די יוגנט נעמט זיך בונטעווען; אַ געוויסער טייל וויל שוין נישט גיין מער אין שפּאַן פון די רייכערע אין שטעטל. אָנהייב 20־טן י״ה נעמט קרושנעוויצער יוגנט וואַנדערן אין דער גרויסער שטאָט אַריין, אין לאָדזש.

דאָרט האָט מען זיך אָנגעהויבן באַקענען מיט אַן אַנדער לעבן, אַראָפּגע־וואָרפן פון זיך דאָס קליינשטעטלדיקע. די אַרבעטער־יוגנט נעמט אַריינ־טרעטן אין די יידישע סאָציאַליסטישע קרייזן, וואָס האָבן שוין דעמאָלט עקזיסטירט. געקומען אַהיים אויף יום־טובים, האָט מען זיך גענומען אָרגאַניזירן דאָס שטעטל. עס איז זיך לייכט פאָרצושטעלן, ווי אַזוי דאָס שטעטל האָט באַגעגנט די יום־טובדיקע געסט אָן די יידישע הי־טעלעך, נאָר אין קאַפּעלושן, קורצע אָנצוגן, אין הענטשקעס און מיט שטעקנס אין די הענט. אַרויסקוקנדיק פון די פענצטער, האָבן די שטעטל־שע יידן געקוקט אויף זיי ווי אַ חברה משומדים וואָלט אָנגעקומען. די „גרויס־שטעטישע" האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט — אויפצוקלערן די שטעטלדיקע מיידלעך און בחורים, זיי אַרויסגעפירט געהיים צו די זעלבע בוימער, דאָרט זיי דערציילט וועגן די נייס פון דער גרויסער שטאָט; דאָרט איז אויך געבוירן געוואָרן די בונדישע אָרגאַניזאַציע ביי אונדז אין קרושנעוויץ. די יוגנט האָט זיך מיט גרויס ברען געוואָרפן אין דער אַרבעט. מען האָט גענומען אָרגאַניזירן די שניידער־אַרבעטער צו שטרייקן פאַר ניט אַרבעטן שבת ביינאַכט. דאָס שטעטל איז געווען אויסער זיך, — וואָס איז עס פאַר אַ חוצפּה, — די יונגען וועלן זאָגן די באַלעבאַטים ווען יאָ צו אַרבעטן, ווען ניט! מען האָט געשלעפּט טאַטעס צום רב, — זייערע קינדער מאַכן אומגליקלעך דאָס שטעטל. און ווען דאָס אַלץ האָט נישט געהאָלפן, איז ביי אונז געווען אַ שניידער נאָסאַל אפרים, וואָס האָט געהאַט אַ שווער אַ פעלדשער. אַ פעלדשער אין יענע צייטן אין אַזאַ שטעטל איז געווען ווי אַ גרויסער שררה. האָט ער זיך גענומען צו דער אַרבעט און פאַרמסרט די אַרבעטער צו דער פּאָליציי. עס איז גלייך געקומען אין שטעטל צו רעוויזיעס און אַרעסטן. די אַרבעטער האָבן זיך נישט געשראָקן און באַשלאָסן דעם פּראָוואָקאַטאָר צו באַזייטיקן. זיין נאָמען איז געווען ראָזוואַדאָווסקי; ער פלעגט פאָרן אין אַ דערנעבנדיקער צוקער־פאַבריק צו קראַנקע; האָט אויף אים שוין דאָרט געוואַרט אַן אַרבעטער און ווען ער איז געזעסן אין אַ שטוב און געטרונקען טיי, האָט דער אַרבעטער אַריינגע־שאָסן דורכן פענצטער און אים אַוועקגעלייגט אַ טויטן. דער שאָס האָט אויפגערודערט דאָס שטעטל. די אַלע וואָס האָבן נאָר באַקעמפט די רעוואָלו־ציאָנערן האָבן זיך דערשראָקן און געשטעלט זיך צו אַ געריכט. פּאָפּולער

אין דער צייט איז אויך געווען איינער משה יאַקובאָוויטש. דאָס קאָן מען זען פון אַ ליד, וואָס איז געווען פאַרשפּרייט ביי אונז אין שטאָט אין יענע יאָרן:

„עס איז געשען אַן אומגליק,
אין שטאָט אַ גרויס גערודער,
ראָזדאָווסקי פעלדשער האָט געמסרט
אונזער ברודער.
אונזער ברודערס בלוט
האָבן מיר איבערגעמאָסטן,
אַ קולע אין קאָפּ וועט ער קריגן,
ווען עס זאָל בלוט קאָסטן.
אַ געוויסער יאַקובאָוויטש האָט זיך
גענומען פרייען,
ער איז אויך אַריינגעטרעטן
אין די פּראָוואָקאַטאָרסקע רייען;
ער האָט געמיינט מיר פאַרלירן אונזער מוט,
אָבער אַ קולע אין קאָפּ אַריין
וועט ער קריגן
און דאָס וועט זיין גענוג . . .״

אויף דעם פּראָצעס וואָס איז פאָרגעקומען קעגן יאַקובאָוויטשן, האָט ער אַלץ פאַר ליב גענומען און האָט עס שטענדיק געדענקט.

מען האָט אויך דערציילט, אַז אין שטעטל זיינען אַמאָל געקומען צופאָרן צוויי רעוואָלוציאָנערן און זיינען אַריין אין הויז פון סטאַרשי נאַטשאַלניק. ער האָט גראָד געהאַלטן זיין קינד אויף דער האַנט. זיי האָבן אים געהייסן איבערגעבן די פרוי דאָס קינד, ווייל זיי האָבן אים עפּעס וואָס צו זאָגן. אין דעם מאָמענט האָבן זיי אַרויסגענומען רעוואָלווערן און אים דערשאָסן. דאָס הויז איז געשטאַנען אין מאַרק לעבן דער שטעטל־דיקער קירך, האָבן זיי, פאַרלאָזנדיק דאָס הויז, אויך געשאָסן ביי דער קירך און דאָס האָט צונויפגערופן דאָס גאַנצע שטעטל. עס איז באַלד געוואָרן אַ געלויף און מ׳האָט זיך גענומען יאָגן נאָך זיי. זיינען זיי אַריין אין די

קאָרן־זאַנגען, וואָס זיינען געשטאַנען אין פעלד. קיין קוילן האָבן ווי שוין נישט געהאַט און זיינען דערשאָסן געוואָרן. די פויערים האָבן זיי געפונען אין פעלד. ס׳איז אויך אַראָפּגעקומען דער נאַטשאַלניק פּאָוויאַטאָווי פון קוטנע אַדורכצופירן אַרעסטן אין שטעטל. עטלעכע מאַן זיינען אַרעסטירט געוואָרן און אָפּגעפירט אין דער בריסקער טורמע, וואָס איז באַרימט געווען אין אונזער געגנט.



אַ גרופּע קרושנעוויצער בונדיסטן ביי דער מצבה-אויפדעקונג פון חבר איציק (דער בלינדער איציק). די חברה קדישא האָט צוליב זיין „אַפּיקורסת״ און געטריישאַפט צום „בונד״ זיך אָפּגעזאָגט אים מקבר צו זיין. אַ גרופּע בונדיסטן האָבן ביינאַכט אַליין דורכגעפירט די קבורה.

דאָס קומען פון נאַטשאַלניק איז פאָרגעקומען אין דער נאַכט. געקומען איז ער מיט זיין גומענער קאָטש און דאָס קלאַפּן פון די פערדישע קאָפּיטעס אויף דעם שטעטלדיקן ברוק האָט שטאַרק זיך געהערט. איז דעמאָלט גראָד געשטאַנען דער בלינדער וואַסער־טרעגער איציק אָפּעל אויך אַ מיטגליד פון די רעוואָלוציאָנערן, און ער האָט אויסגעשאָסן פון אַ הויז אַרויס גלאַט אַזוי. די קויל איז אַדורך די פערד און דעם נאַטשאַלניק האָט עס נישט געטראָפן. די זשאַנדאַרן זיינען אַראָפּ זוכן ווער עס האָט געשאָסן, נאָר אַז דער בלינדער וואַסער־טרעגער זאָל דאָס האָבן געטאָן — דאָס איז קיינעם אויפן געדאַנק נישט געקומען.

דער דורכפאַל פון דער רעוואָלוציע פון 1905 האָט אויך אין אונזער שטעטל געמאַכט אַ חורבן. די אַלע, וואָס האָבן אָנטייל גענומען האָבן גע־מוזט אַוועק ווער קיין ענגלאַנד ווער אַנדערשוואו, דער גרעסטער טייל קיין אַמעריקע. ווער עס איז פאַרבליבן אין פוילן האָט זיך געמוזט אויס־באַהאַלטן. פון די אַרעסטירטע האָט מען עטלעכע באַפרייט; אָבער די, וואָס זיינען געזעסן אין דער בריסקער טורמע זיינען זייער גאַנץ לעבן געבליבן קראַנקע מענטשן. די יידישע ווי די פוילישע רעאַקציע האָט זיך געפרייט מיט דער מפלה און געלאַכט פון די בונדיסטן.

## אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה

דאָס שטעטל האָט ווייטער זיך געלעבט רואיק, אָבער צוריק צום אַלטן לעבן איז עס שוין נישט געקומען. די רעוואָלוציע האָט איבער־געלאָזן שפּראָצונגען. עס האָבן זיך שוין באַוויזן אויפגעקלערטע, היינט־וועלטיקע, וואָס פלעגן ברענגען ביכער פון דער קוטנער ביבליאָטעק; מען האָט גענומען לייענען מענדעלען, פּרצן, דינעזאָנען און אַנדערע. מען האָט זיך אין דער שטיל געגרייט צוריק אויפצושטעלן אַ קולטורעל לעבן, אָבער דער אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה (1914) האָט צוריק־געהאַלטן אויף אַ געוויסע צייט. אַזוי נאָר ווי אונזער שטעטל איז באַזעצט געוואָרן פון די דייטשן אין נאָוועמבער 1914, האָט די יוגנט זיך גענומען אָרגאַניזירן און שאַפן פאַרשיידענע פאַראיינען. אַזוי איז געשאַפן גע־וואָרן דער „הזמיר״, וואָס איז געוואָרן דער טרעף־פּונקט אין שטעטל; עס איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ ביבליאָטעק וואָס איז איינגעאָרדנט גע־וואָרן ערגעץ אויף אַ בוידעם־שטיבל.

דעם ערשטן מאַי 1915 באַווייזן זיך אין די גאַסן בונדיסטן מיט רויטע שלייפעלעך; מען פאַרהאַלט אַזעלכע און מע פירט זיי אַוועק אין דער דייטשער קאָמענדאַנטור, וואו עס ווערן פאַרשריבן די נעמען פון אהרן קויאַווסקי און יונה סטריקאָווסקי. דער רב פון שטעטל האָט געשיקט רופן דעם טאַטן פון קויאַווסקין — ער זאָל ווירקן אויף אים נישט אַראָפּ־צוגיין פון „גלייכן וועג״.

עס פלעגן קומען אין שטעטל בונדיסטישע רעדנער, אָבער קיין לאָקאַל איז נישטאָ. פלעגט מען זיך צוזאַמענקומען אין דער שטיל אין דער בעקערײַ פון חיים שלמה מידלאַק פרײַטיק בײַנאַכט. ווײַל דעמאָלט שלאָפט דאָס גאַנצע שטעטל. דער הונגער, וואָס די מלחמה האָט מיט זיך געבראַכט, האָט אַ סך מענטשן פון דער גרויסער שטאָט לאָדזש געטריבן צו אונדז אין שטעטל, וואו שפּײַז־פּראָדוקטן איז געווען לײַכטער צו קריגן. מענטשן האָבן געוואוינט אין בוידעם־שטיבלעך, אין שטאַלן, אַבי צו האָבן וואו דעם קאָפּ אַוועקצולייגן. צווישן די געקומענע זײַנען אויך געווען זייער אַ סך באַוואוסטזיניקע מענטשן, און זיי האָבן פיל געהאָלפן צו דער אַנט־וויקלונג פון קולטורעלן לעבן בײַ אונדז.

אין יאָר 1916 ברעכט־אויס אין שטעטל די טיפוס־עפּידעמיע, אין יעדער שטוב זײַנען דאָ קראַנקע און טויטע. די שרעק איז זייער גרויס. די סאַניטאַרע באַדינגונגען זײַנען שלעכטע. די דײַטשן שטעלן אויף אַ באָד־אַנשטאַלט; חדרים ווערן געשלאָסן, די קינדער כאַפּט מען אַוועק אין באָד־אַנשטאַלט, צו רייניקן און דעזינפיקצירן. מען איזאָלירט, מען שיקט אַרויס פון שטאָט ווער עס האָט נאָר אַ קראַנקן אין שטוב. פון דער פּאָסט האָט מען געשאַפן אַ שפּיטאָל פאַר די טיפוס־קראַנקע. אין אַזאַ מאָמענט איז יעדער שאָרך צופיל. אַ פּאַניק האָט געהערשט אין שטעטל, און באַלד נעמען זיך די אַלטע יידן ריידן, אַז אַלע צרות קומען פון דער ביבליאָטעק און פון די פאַראיינען. דער רב פון שטעטל מיט דעם פרומען יעקב וואָלף כעלמינסקי, האָבן בײַ אַ הספד פון ראש ישיבה אויפן בית־עולם געשריגן געוואַלד — מען זאָל פאַרברענען די טריפהנע ביכער. מײַן עלטסטער ברודער מרדכי איז דעמאָלט קראַנק געווען און מײַן מאַמע, הערנ־דיק, אַז די ביכער ברענגען אַלע צרות, האָט זי אַהיימקומענדיק גענומען און פאַרברענט אַ בוך.

די טיפוס־עפּידעמיע האָט געבראַכט זייער אַ סך קרבנות; ענדלעך האָט זיך דאָס לעבן אײַנגעשטעלט. מען האָט שוין די ביבליאָטעק אַרויס־גענומען פון בוידעם־שטיבל און אַריבערגעפירט אין הויז פון פּישל קאַסן, אין צוויי שיינע צימערן. עס האָבן גענומען קומען יידישע וואַנ־דערנדיקע טעאַטער־טרופּעס פון די בעסטע אין יענער צײַט. די אַר־טיסטן האָבן זיך דאָ גוט געפילט, ווײַל עסן איז דאָ געווען בעסער און מער

ווי אין לאָדזש אָדער וואַרשע, זיי האָבן דאָ מיט זייער שפּילן אַרויסגערופן גערווין, געשפּילט „כּאַשע די יתומה", „די שחיטה" און אַנדערע דראַמעס.

דער אינטערעס צום געזעלשאַפטלעכן לעבן איז געוואַקסן. אַלץ האָט זיך געטראָפן אין דער ביבליאָטעק, דאָ האָט מען געפירט דיסקוסיעס, זיך געריסן, געקריגט. אין יאָר 1918 קומט צו אַ קאַמף ווער עס זאָל אָנפירן מיט דער ביבליאָטעק. דער קאַמף איז געווען זייער אַ פאַרביטערטער, מען האָט אַפילו געברענגט די דייטשע זשאַנדאַרן, די ביבליאָטעק האָבן געפירט די ציוניסטן; עטלעכע טעג האָט געדויערט דער קאַמף און די ביבליאָטעק איז דורך וואַלן אַריבער אין די הענט פון די בונדיסטן און פאָלקיסטן, די לעצטע זיינען דעמאָלט געווען געציילטע ביי אונז אין שטעטל. דער פאָלקיזם האָט ביי אונז לאַנג זיך האַלטן נישט געקאָנט. קיין יוגנט האָבן זיי נישט געהאַט און דער עלעמענט, וואָס האָט צו זיי געהערט איז געווען אַממערסטן פון צוגערייזטע פון לאָדזש. זיי האָבן גענומען פאָרן צוריק אין די אַלטע היימען און דאָרט זיינען זייער אַ סך, ווי אין אַנדערע שטעט, אַריינגעטרעטן אין די בונדישע אָרגאַניזאַציעס.

אין די יאָרן 1918־1919, ווען ס׳איז אַנטשטאַנען די פּוילישע מלוכה, האָבן מיר מיטגעמאַכט דאָס זעלבע וואָס אַלע יידן אין לאַנד. די ערשטע פאַרזאַמלונג וואָס איז פאָרגעקומען דעם 11־טן נאָוועמבער 1918 אויף דעם הויף פון אליהו קירשטיין האָט געוויילט אַ מיליץ פאַרן שטעטל און האָט אויך אַריינגענומען צוויי יידן. אָבער דער אַנטיסעמיטיזם האָט נישט פאַרטראָגן, אַז יידן זאָלן זיין לאַנג און מען האָט גענומען איינציקווייז זיי אַרויסשטופן. די פּוילישע מיליטער־אָרגאַניזאַציע פּ.אָ.וו. האָט געהאַט באַזעצט דאָס הויז, וואָס די דייטשן האָבן געהאַלטן פאַר קאַזאַרמעס; אַהין האָט מען אַריינגעשלעפּט יעדן, וואָס מען האָט נאָר געהאַט אַן אויג אויף אים און געשלאָגן. פּוילן האָט באַלד גענומען האַלטן מלחמה מיט רוסלאַנד און גענומען זיך מאָביליזירן. אַ סך זיינען אַרעסטירט געוואָרן. יעדן איינעם האָט מען טעראָריזירט. די ביכער פון ביבליאָטעק זיינען געווען צעשלעפּט, אַ קליינער טייל האָט זיך געפונען ביים יידישן לערער אברהם שלמה בוימגאַרטן ווי אַן אָנדענק פון דער שיינער יידישער אינסטיטוציע.

אין יאָר 1919 ברעכט ווידער אויס אין שטעטל אַ טיפוס־עפּידעמיע. דאָס מאָל נאָך אַן ערגערע ווי פריער, פאַר די דייטשן. די שרעק איז

גרויס, די דאָקטוירים שטאַרבן צוזאַמען מיט די קראַנקע, אַ ניי פּ"אַץ פֿאַר דעם בית־עולם ווערט מיט יעדן טאָג פֿולער. יידן פֿאָרן צו גרויסע רבנים. מען ברענגט פֿאַרשיידענע סגולות און איינע פֿון זיי איז: חתונה מאַכן אַ פֿאָר־פֿאָלק און די חופּה זאָל זיין אויפֿן בית־עולם לעבן די פֿריש־ע קברים. מען האָט אויסגעזוכט אַן אָרעמע מיידל מיט אַ בחור און צוגעגרייט אַ גרויסע שמחה. צו דער שמחה האָט זיך דאָס גאַנצע שטעטל געגרייט. חתן־כלה האָט מען געדאַרפֿט פֿירן צום בית־עולם צופֿוס, מיט מוזיק. דאָרט איז געשטעלט געוואָרן די חופּה און פֿון פֿון דאָרט האָט מען דאָס פּאָרל געפֿירט צוריק מיט מוזיק, דאָס גאַנצע שטעטל האָט געטאַנצט דעם גאַנצן וועג ביז אין בית־מדרש אַריין, וואו עס איז פֿאָרגעקומען די סעודה און טענץ אַ גאַנצע נאַכט. די קריסטלעכע באַפֿעלקערונג האָט זיך צוגעקוקט און האָבן דאָס פּאָרל גערופֿן מיט דעם נאָמען טיפֿוס, כאָלעראַ. דער נאָמען פֿון התן איז געווען יחיאל וואָלף גלאָטשטיין, אַ וואַסער־טרעגער ביז דער היטלער־מלחמה, ווען ער איז אומגעקומען פֿון אַ דייטשער באָמבע.

נאָך דער פּויליש־באָלשעוויסטישער מלחמה האָט ווידער גענומען זיך פֿריש אָרגאַניזירן די יוגנט. די מאַכט האָט קיין לעגאַליטעט אויף קיין געזעלשאַפֿט נישט געוואָלט געבן און עס האָט גענומען צייט ביז עס איז אין יאָר 1923 געלונגען צו אָרגאַניזירן אַ נאָדל־פֿאַראיין און ביי דעם פֿאַראיין האָבן מיר אויך ווידער גענומען בויען די ביבליאָטעק. דאָ זיינען ווידער געקומען שוועריקייטן מיט אַ לאָקאַל, ווייל קיינער האָט אונז נישט געוואָלט אַריינגעמען. דאָך איז געלונגען ביי דוד גאָסטינסקי מיט דעם נאָמען יענדריק, צו באַקומען אַ שטיבל פֿאַר אַ גוטן פּרייז. מיר זיינען דאָרט געוואָרן גערופֿן מיט דעם נאָמען יענדריקעס. נאָר דאָס האָט אונז נישט געשטערט צו פֿירן אונזער טעטיקייט. מיר האָבן מיט אונזערע גראָשנס געבויט די ביבליאָטעק, מיר האָבן געברענגט רעדנערס פֿון וואַרשע, לאָדזש, זיי האָבן געהאַלטן רעפֿעראַטן אויף פּאָליטישע און ליטעראַרישע טעמעס אין שטאָטישן זאַל. אונזער אַקטיווקייט האָט אונז באַרימט געמאַכט און מיר, בונדיסטן, זיינען געוואָרן אַ מוסטער פֿאַר דער גאַנצער אומגעבונג.

**אלג. ייד. ארב. בונד „בונד" אין פוילן**
**קרושניעוויצער ארגאניזאציע**

ג׳ ח׳ [illegible] 611.

דערמיט האבן מיר דעם כבוד אייך איינצולאדנען אויף דער פייערליכע

ערעפנונג פון אונזער אייגן

**„מעדעם הויז"**

וועלכע קומט פאר זונטיק דעם 7|28 אגהויב 1929. 6. אוונט.

**פראגראם!**

| | |
|---|---|
| ערעפנונג | באגריסונג |
| באריכט | רעפעראט כון פארשטייער |
| | פון צ. ק. א. ז. וו. |

איינלאַדונגס-קאַרטע צו דער דערעפענונג פון מעדעם-הויז אין קרושנעוויץ. אונזער ברענטש האָט פינאַנציעל צוגע-האָלפן אויפצובויען דאָס הויז.

## מיר בויען אַן אייגן קולטור-הויז

מיר האָבן זיך צעוואַקסן און מיר האָבן קיין פּלאַץ נישט געהאַט וואו זיך צונויפצוקומען; האָבן מיר אין יאָר 1926 געדונגען צוויי צימערן אין אַ קריסטלעך הויז אין מיטן שטאָט נישט ווייט פון קאָשטשאָל. אויך פאַר גוט געלט. אָבער דאָרט האָט אונזער פרייד לאַנג נישט געדויערט. דער אייגנטימער האָט אונז געשיקט רופן, אַז ער קאָן אונז די דירה נישט געבן. פאַרוואָס — האָט ער גלייך נישט געזאָגט. נאָר שפּעטער; עס האָט געהייסן, אַז די קירך האָט זיך דערוואוסט און זי האָט אויף אים געווירקט מיר זאָלן דאָרט נישט וואוינען. גראָד האָט זיך אָפּגערופן אונזער חבר און פריינט דזשעק קעי פון דער אַלטער גוואַרדיע בונדיסטן. ער האָט אונז געשיקט אַ ביסל געלט און מיר האָבן באַשלאָסן צו קויפן אַ פּלאַץ און צו בויען אַליין אַ הויז. עס האָט געדויערט צוויי יאָר דאָס בויען. זייער שווער איז דאָס אָנגעקומען. מיר האָבן אַליין געזאַמלט שטיינער ביינאַכט, געשלעפּט וואַסער פון ווייט, געהאָלפן יעדן בוי־אַרבעט. מיר האָבן געגעבן אַ וואָך אַרבעטס־לוין פון אונזערע פאַרדינסטן. און סוף

יולי 1929 האָבן מיר געפייערט די דערעפענונג פון הויז מיט גרויס פרייד. איבער טויזנט מאַן זיינען געקומען צו דער פייערונג. פון דער צענטראַלע איז געקומען דער חבר זעלמאַנאָוויטש פון לאָדזש.



אַ גרופּע בונדיסטן פון קרושנעוויץ, פאָטאָגראַפירט אין יאָר 1929.

מיר זיינען געווען די ערשטע אין פוילן צו האָבן אַן אייגן הויז. נאָך קרושנעוויץ איז שוין נאָכגעקומען קוטנע און אַנדערע שטעט. דאָס הויז האָט געהאַט אַ שטוב פאַר דער ביבליאָטעק און אַ זאַל אַ גרויסן פאַר פאָרלעזונגען. דאָרט איז געווען אַריינגעמויערט אַ שטיין מיט אַן אויפשריפט — אַ דאַנק פאַר מיין אַלטן פריינט שמעיה קויפמאַן, וואָס איז געווען אין יאָר 1928 אין שטעטל און האָט געלאָזט געלט צו ענדיקן דאָס הויז.

---

איך וויל דאָ דערמאָנען נאָך אַ פּאַסירונג פון אונזער שטעטל. באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה זיינען טייל פון די אַקטיווע בונדיסטן ווי דזשעק קויאַווסקי, יונה סטריקאָוו און אַנדערע געווען געצוואונגען צו עמיגרירן, זיי האָבן אָבער קיין מאָל נישט אָן אונז פאַרגעסן. פון וועיטן אַמעריקע האָבן זיי אונז געהאָלפן, סיי פינאַנציעל סיי מאָראַליש צוריק אויפשטעלן אונזער פּאָליטיש און געזעלשאַפטלעך לעבן. דעמאָלט האָט זיך אַרויסגערוקט איינער פון אונזערע בעסטע און טייערסטע חברים, וועלכן

מיר קענען מיט שטאָלץ אָנרופן — דער העלד פון אונזער שטעטל. אין די שווערסטע צייטן פון אונזער באַוועגונג האָט ער אונז מיט זיינע העלדישע טאָטן געגעבן מוט און באַגייסטערונג, און אונז געוועקט ווייטער צו פירן אונזער פּאָליטישע און קולטורעלע אַרבעט. דאָס איז געווען דער חבר ישראל האָפּמאַן.

דער חבר ישראל האָפּמאַן האָט דערצויגן אַ גאַנצן דור בונדיסטן. ער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ לעגענדע אין אַ סימבאָל פון דער קרושנעוויצער באַוועגונג.

ס׳ווילט זיך דערמאָנען אַ פאַל, ווען נאָך דער גרויסער אויסוואַנדערונג פון די אַקטיווע חברים, אין די יאָרן פון 1923 און 1924, האָבן די פּויּלישע אַנטיסעמיטן און רעאַקציאָנערן געווילדעוועט. ס׳האָט געהערשט אַן אַפּאַטיע צווישן די געבליבענע יידישע אַרבעטער. מיט זיין ענערגיע האָט חבר ישראל צוריק אויפגעבויט די באַוועגונג.

אין יאָר 1928 האָבן די ציוניסטן גערופן אַ פאַרזאַמלונג פון אַלע יידן פון דער שטאָט, ערב די וואַלן צום פּוילישן סיים (פּאַרלאַמענט). זיי האָבן אָבער באַשלאָסן קיינעם פון די בונדיסטן נישט אַריינצולאָזן. די ציוניסטן האָבן גערדונגען פּאָליציי, און אָנגעוויזן וועמען נישט אַריינצולאָזן אין זאַל. און ווען די פּאָליציי האָט געסטראַשעט צו שיסן די, וועלכע וועלן נישט אָפּטרעטן, האָט ישראל האָפּמאַן, אַראָפּגעוואָרפן פון זיך זיין מאַנטל און געגעבן אַ געשריי — שיסט!.. זיין געוואַגטקייט, האָט אַזוי אָנגעצונדן אַלע אונזערע חברים, אַז מ׳האָט זיך געוואָרפן אויף דער פּאָליציי. נאָך אַ קאַמף פון העכער אַ שעה צייט, איז די פּאָליציי באַזיגט געוואָרן. עטלעכע חברים זיינען אַרעסטירט געוואָרן. זיי האָבן געהאַט אַ פּראָצעס און באַקומען פאַרשיידענע שטראָפן. מיר זיינען אָבער ביי זיך נישט אַראָפּגעפאַלן. פאַרקערט, דער פאַל האָט באַגייסטערט און געמאַכט אונז מער אַמביציעז צו פאַרשטאַרקן אונזער באַוועגונג.

ווען מיר זיינען שוין פאַקטיש געווען אַ כוח און געהאַט אַ סך איינפלוס צווישן די היגע אַרבעטער און פאָלקס־מאַסן, האָט דער חבר ישראל געפילט, אַז ער האָט זיך שוין אויף וועמען צו פאַרלאָזן. די חברים וועלן די פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע אַרבעט ווייטער פירן אָן אים. אין דעם

קליינעם שטעטל איז אים געוואָרן צו ענג. ס׳האָט אים געצויגן צו ברײ־טערער און גרעסערער אַרבעט. ער איז געפאָרן קיין לאָדזש און וואַרשע. און כאָטש ער איז דאָרט געוואָרן איינער פון די פירער פון דער פּראָפעסיאָ־נעלער שניידער־באַוועגונג, איז ער אָבער אַלע מאָל געווען אין קאָנטאַקט מיט אונז, און זיך געפרייט מיט אונזער פאַרצווייגטער באַוועגונג, אין וועלכער ער האָט אַזוי פיל יאָרן פון זיין לעבן אַוועקגעגעבן.

⁂

דערביי איז כדאַי צו באַמערקן, אַז אין דעם יאָר 1942, ווען די דייטשישע נאַציס האָבן געווילדעוועט אין פּוילן, האָט ישראל האָפמאַן געאַרבעט אין דער קליינער געטאָ. אין דעם טעבענס שניידער וואַרשטאַט אין וואַרשע. דאָרט האָבן געאַרבעט 3000 אַרבעטער. נאָך דער אויסזידלונג פון דער גרויסער געטאָ איז אויך זיין פרוי חנהלע מיט זייער זון יורעק 8 יאָר אַלט, אַריין אין דער קליינער געטאָ. אין יאָר 1943 האָט מען זיין פרוי צוזאַמען מיט אַנדערע יידן אַרויסגענומען פון דעם טע־בענס שניידער שאַפּ, ווי זי האָט דאָרט אויך געאַרבעט און זיי פאַרשיקט אין דעם טויטן־לאַגער טרעמבלינקא. פאַר די געבליבענע קינדער פון די פאַרשיקטע עלטערן, האָבן די דייטשן אָרגאַניזירט אַ „קינדער־גאָרטן״, ס׳האָט געהייסן, אַז זיי זאָרגען פאַר די קינדער, אָבער פאַקטיש איז דאָס געווען אַ צוגרייטונג צו פאַרזאַמלען די קינדער אין גרעסערע גרופּן און אַלע צוזאַמען אומברענגען.

דער דירעקטאָר פון דעם טעבענס־וואַרשטאַט איז געווען אַ פאָלקס־דייטש מיטן נאָמען יאַק. בעת ס׳איז אַמאָל געשיקט געוואָרן צו דעם אכזריות־דיקן דירעקטאָר אַ דעלעגאַציע פון דער פאַבריק, וועגן דער אַרויסשלעפּונג פון די אַרבעטער, ווי מ׳האָט זיי כלומרשט צוגעזאָגט, אַז מ׳שיקט זיי אויף בעסערע פּלעצער צו אַרבעטן. האָט ישראל האָפמאַן געהאַט דעם מוט און דרייסטקייט צו וואָרנען דעם דירעקטאָר, און אים געזאָגט: „אויב איר גענאַרט אונז אָפּ, און אויב דאָרט ווי איר שיקט אונז וועט מען אונז אנשטאָט צו געבן אַרבעט אומברענגען, זאָלט איר געדענקען, אַז די וועלט וועט זיך דערפון דערוויסן און מיר וועלן מיט אַלע אונזערע מעגלעכקייטן נקמה נעמען אין אייך, אויב מיר וועלן עס נישט קענען טאָן, וועלן עס טאָן די פון אונז וועלכע וועלן בלייבן לעבן״. אין יענער צייט איז עס געווען אַ גרויסע

העלדישקייט פון אַ מענטש אַזוי דרייסט צו ריידן צו אַ דייטש, און נאָך דערצו צו אַזאַ הויכן באַאמטן פון דער פאַבריק.

אין דערזעלבער צייט איז פון דער גרויסער געטאָ אַריינגעשמוגעלט געוואָרן געהיימע אויפרופן פון „בונד" און פאַרשפרייט געוואָרן אין דער קליינער געטאָ, „אַז מ׳זאָל זיך נישט לאָזן אָפּנאַרן, און נישט פאָרן נאָך פּאָניאַטאָווו, ווייל דאָרט ווערן די אַלע וואָס ווערן אַהינגעשיקט פאַר־ניכטעט."

דער חבר הערמאַן גאָלדבערג, וועלכער געפינט זיך איצט אין ניו־יאָרק, איז די גאַנצע צייט מיט אים געווען אין דער געטאָ אין וואַרשע.

ווען זיין ריי איז געקומען אַוועקגעשיקט צו ווערן האָט ער זיך גע־זעגנט מיטן ח׳ גאָלדבערג און אים פאַרזיכערט, אַז ער וועט אַלע זיינע כוחות אָנווענדן און זען צו אָרגאַניזירן אַן אויפשטאַנד אין לאַגער און נישט לאָזן זיך אויסקוילן אָן אַ ווידערשטאַנד.

סוף 1943 האָט דער ח׳ גאָלדבערג נאָך באַקומען אַ געהיים בריוול פון ח׳ האָפמאַן, ווי ער האָט אים געשריבן אַ גרוס פון גאָלדבערגס טאָכטער רייזעלע, אים באַרואיקט אַז די טאָכטער געפינט זיך צווישן אייגענע חברים. מ׳טיילט זיך אַלע מיטן ביסל עסן וואָס מען באַקומט און מ׳האָפט איבער־צולעבן דעם גיהנום און קענען נקמה נעמען אין די דייטשן.

דער חבר ישראל האָפמאַן האָט זיין צוזאָג געהאַלטן. ער איז געווען איינער פון די הויפּט־אָרגאַניזאַטאָרן פון אויפשטאַנד פון פּאָניאַטאָווער לאַגער. און שפּעטער האָט מען זיך דערוואוסט פון די פּוילישע פּויערים, אַז דעם 11־טן נאָוועמבער 1943 האָבן די דייטשן 12 טויזנט יידן דערשאָסן.

אָבער ישראל איז געפאַלן עטלעכע טעג פריער, פירנדיק דעם באַ־וואָפנטן אויפשטאַנד קעגן די דייטשן. ער איז געפאַלן אין קאַמף מיטן אויסגעשריי: „נקמה צו נעמען אין די שונאים און ווייטער פירן דעם קאַמף קעגן די גרעסטע וועלט־מערדער"!

## דער אַנטי־יידישער באָיקאָט

דאָס עקאָנאָמישע לעבן אין פּוילן האָט גענומען ווערן שווערער, דער אַלגעמיינער קריזיס אין לאַנד האָט גענומען דריקן שטאַרק. די

פויערים האָבן געגומען קומען אין שטעטל אַריין צוליב דער אַרבעטסלאָ־זיקייט אין דאָרף. אין שטאָט האָט אויך קיין אַרבעטסלאָזיקייט נישט גע־פעלט; די שווערע לאַגע האָט געגומען אויסנוצן די קירך, מען האָט גע־נומען פרעדיקן יידן־האַס, גאַנץ פוילן איז דעמאָלט דערמיט געוואָרן אַרומגעכאַפּט. אין יעדן שטעטל האָט מען גענומען האַקן שויבן און ראַ־בירן. אונזער שטעטל איז נאָך אין דער הינזיכט געווען גליקלעך וואָס די באַפעלקערונג האָט זיך נישט געלאָזט נעמען צו דער אַרבעט. עס זיינען אַנטשטאַנען זייער אַ סך פוילישע קראָמען, ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דער אַנטי־יידישער באָיקאָט. אַ יונגער גלח האָט פאַרשיידענע צרות פאַרשאַפט דעם שטעטל. ער האָט פאָטאָגראַפירט יעדן קריסט וועמען ער האָט געזען אַרויסגיין פון אַ יידיש געשעפט און שפּעטער דאָס געקלעפּט איבערן שטעטל. מיר האָבן פיל שרעק איבערגעלעבט.

די יידן־העצער פלעגן דורכפירן אַנטי־יידישע ספּעקטאַקלען: גע־ברענגט אַ פיגור פון אַ יידן און אים אַרויפגעשטעלט אויף אַ וואָגן און אַ כאָפּטע אַנטיסעמיטן אַרום אים, געפירט אים איבער אַלע גאַסן און שפּעטער זיך אָפּגעשטעלט אין מיטן מאַרק דאָרט, וואו אַ סך יידן האָבן געוואוינט און די פיגור עפנטלעך פאַרברענט. ביי דעם האָט מען נאָך געהאַלטן גיפטיקע רעדעס. די מאַכט האָט זיך צוגעקוקט און גאָרנישט רעאַגירט. די פוילישע אַרבעטער האָבן זיך אין דעם אַלעם נישט גע־לאָזט נעמען און די יידן־העצער האָבן נישט געהאַט קיין מענטשן וואָס זאָלן וועלן העלפן מאַכן אַ פּאָגראָם. האָבן זיי אין אַ מאַרקטאָג געברענגט ספּעציעל מענטשן פון לובלין און קאָוואַל, אַז זיי זאָלן דאָ מאַכן די אַרבעט. געווען איז עס אין אַ דאָנערשטיק. יידן האָבן מורא געהאַט אויפצושטעלן די בוידן. די כוליגאַנעס זיינען געווען פאַרזאָרגט מיט שטעקנס און מעסערס און האָבן זיך געמאַכט שטופּן איינער דעם אַנדערן כדי צו מאַכן אַ טומל. דאָ האָבן זיך באַוויזן עטלעכע פּאָליאַקן, גראָד אַזעלכע פון די שטאַרקע אין שטעטל און האָבן זיי געהייסן אַהיימפאָרן, ווייל זיי וועלן דאָ שלעכט אָפּשניידן, — אונזער שטעטל איז נישט פאַר אַזעלכע זאַכן, און זיי זיינען אַוועק מיט גאָרנישט.

די היימישע אַנטיסעמיטן האָבן די אַרבעט ווייטער געפירט. דעם גלח האָט מען דאָ אין שטעטל גערופן לעפּנע פאַר זיין קלעפּן די אַנטיסעמיטישע

אויפרופן. יידן האָבן אַ סך דערפון געליטן. די פּרנסה איז געוואָרן שוואַכער. דער תבואה־מסחר, וואָס איז געלעגן אין יידישע הענט האָט גענומען קלע־נער ווערן, ווייל ס׳זיינען אַנטשטאַנען נ.ד.־קאָאָפּעראַטיוון. פיל קראָמען האָבן זיך געמוזט שליסן, ווייל זיי האָבן נישט געקאָנט באַצאָלן זייערע חובות. עס זיינען דעמאָלט אַנטשטאַנען צוויי יידישע אינסטיטוציעס, וואָס האָבן געבאָרגט געלט. איינע אַ יידישע קאָאָפּעראַטיווע באַנק, וואָס האָט גע־באָרגט געלט ביז 500 זלאָטעס און מער, זי איז אַריין אין חובות און האָט אַ סך געליטן פון קריזיס. שפּעטער איז ווידער געקומען די גמילות־חסדים־קאַסע, וואָס האָט געבאָרגט געלט אָן פּראָצענט.



די פירנדע באַאַמטע פון דער געוועזענער פּאָלקס-באַנק אין קרושנעוויץ (פאַר דער צווייטער וועלט-מלחמה).
(ס׳זיצן): ישראל רייזמאַן, בעריש ראָזען שיע שוואַרצבאַרט
(צווייטע רייע): באַנושקאַ פויגעל, ישראל טרוימאַן
און דוד ראָזען.

דאָס גיין האַנדלען אין דאָרף האָט אויפגעהערט, ווייל אין אַ סך ערטער האָבן יידן זיך ניט געקאָנט באַווייזן, מ׳פלעגט זיי באַוואַרפן מיט שטיינער. די עלעמענטן, וואָס האָבן געלעבט פון דאָרף זיינען נאָך מער געטראָפן געוואָרן. מיר האָבן פון גראָשנס געשאַפן אַ ביקור־חולים, ווייל עס איז נישט געווען קיין שום מעדיצינישע הילף. אויף דעם געביט האָט די אינסטיטוציע זייער אַ סך אויפגעטאָן. מיין

ברודער מרדכי קויאַווסקי האָט זייער אַ סך צייט פאַרברענגט, זייענדיק דער פּרעזעס פון ביקור־חולים.

אַ טייל פון די יידישע סוחרים זיינען געוואָרן פאָרמאַנעס און געגע־מען וואַרטן מען זאָל זיי רופן זיי זאָלן קענען פירן אַ וועגעלע תבואה קיין קוטנע.

## די היטלער-מלחמה

ערשט אין יאָר 1938 איז דער אַנטיסעמיטיזם אַ ביסל שטילער געוואָרן און עס האָט געגומען ווערן אַ ביסל בעסער. פּונקט דעמאָלט איז אָבער די מלחמה אויסגעבראָכן. מיר זיינען באַלד פריייטיק דעם 1־טן סעפּטעמבער 1939, געווען צווישן די ערשטע וואָס האָבן שוין דערפילט דעם ביטערן טעם פון דער מלחמה. היטלערס עראָפּלאַנען האָבן גענומען וואַרפן באָמבעס נישט ווייט פון שטעטל. דינסטיק דעם 5־טן סעפּטעמבער זיינען שוין עראָפּלאַנען געקומען און באַשאָסן אונזער שטעטל מיט מאַ־שין־געווער, צומאַרגנס מיטוואָך דעם 6־טן איז שוין אונזער שטאָט באַ־וואָרפן געוואָרן מיט באָמבעס און מיר האָבן שוין געהאַט אַ סך געהרגע־טע. צוליבן פּאַניק פון די באָמבעס האָבן מענטשן גענומען לויפן אַרויס פון שטעטל אין די דערפער זיך אויסצובאַהאַלטן ביי די פּויערים. נאָך צוויי טעג און דאָס שטעטל האָט זיך געהאַט באַרואיקט, מענטשן האָבן גענומען צוריקקומען אין שטעטל.

שבת דעם 10־טן סעפּטעמבער האָבן זיך ווידער באַוויזן עראָפּלאַנען דייטשישע און פּוילישע, ס׳איז אַנטשטאַנען אַ לופט־שלאַכט און צוויי עראָפּלאַנען זיינען אַראָפּגעפאַלן, איין דייטשער און איין פּוילישער. דער פּוילישער איז געפאַלן לעבן אַ דייטשער פאַרם, זיינען די פּאָליאַקן אַריין און דעם פאַרמער מיט דער פאַמיליע דערשאָסן, ווייל זיי האָבן נישט גע־ראַטעוועט די פליערס. אויף מאָרגן, זונטיק, זיינען געקומען דייטשע עראָפּלאַנען און באָמבאַרדירט אונזער שטעטל. מיר האָבן דעמאָלט געהאַט זייער אַ סך קרבנות. גענוי וויפל קען איך נישט זאָגן, ווייל אַ סך פון די אומגעקומענע זיינען געווען פּליטים פון אַנדערע שטעט און קיינער האָט

זיי נישט געקענט. פון אונזער שטעטל זיינען געפאַלן: מאיר פאַסטערנאַק, אברהם נאפקא, שרה אַפּעל, אַ בלינדע, יחיאל וואָלף בלאטשטיין דער וואַסער־טרעגער, וואָס זיין חתונה איז בעת דער טיפוס־עפּידעמיע געווען אויפן בית־עולם און פריידל קויאווסקי. די לעצטע איז אומגעקומען בעת זי האָט געהאַלטן דאָס קינד ביי דער ברוסט; ביי איר האָט די באָמבע אַראָפּגעריסן דעם קאָפּ און דאָס קינד איז אַוועקגעשליידערט געוואָרן פון איר און איז געבליבן לעבן. אויסער דעם האָבן מיר געהאַט אַ סך פאַרוואונדעטע. דאָס שטעטל איז באַלד אויסגעליידיקט געוואָרן פון מענטשן און די משפחות פון די אומגעקומענע האָבן אַליין געמוזט באַגראָבן זייערע טויטע.

## אין די נעגל פון דער היטלער-חיה

דעם 15־טן סעפּטעמבער זיינען אין שטעטל אַריין די דייטשן. זיי האָבן אַלע איינוואוינער געהייסן קומען אויפן מאַרק. דאָרטן האָבן זיי אַ שטיקל צייט אַלעמען געהאַלטן אויסגעשטעלט אין רייען און דערנאָך זיי געהייסן גיין אַהיים.

אין די אַלע דערפער, וואו יידן האָבן זיך געהאַט אויסבאַהאַלטן, האָבן די פּויערים זיי געהייסן גיין, ווייל זיי האָבן מורא געהאַט פאַר די דייטשן. די יידן האָבן זיך געשראָקן צו קומען צוריק אין שטעטל. זיי האָבן אָבער קיין אַנדער ברירה נישט געהאַט. די וואָס האָבן זיך אומגעקערט האָבן זיך געוואונדערט וואָס אין שטעטל איז אַזוי רואיק.

עס זיינען אַוועק עטלעכע טעג און עס האָט באַלד אָנגעהויבן אַרבעטן דער דייטשער אַפּאַראַט. ס׳איז אַרויס אַ באַפעל, אַז אַלע יידן פון 16 ביז 60 יאָר מוזן זיך מעלדן צו דער אַרבעט. עלטערע יידן וואָס זיינען געגאַנגען דאַווענען זיינען צעשלאָגן געוואָרן, די טלית ותפילין האָט מען ביי זיי אַרויסגעריסן און אַוועקגעוואָרפן. מען האָט אויך געזוכט מענטשן אין די הייזער און געשלאָגן יעדן איינעם. באַלד האָט די קאָמענדאַנטור געפאָדערט אַ קאָנטריבוציע פון 15 טויזנט זלאָטעס, מיט אַכט טאָג שפּעטער האָט זי שוין געפאָדערט נייע 15 טויזנט. ס׳איז זייער שווער געווען

צו שאַפן דאָס געלט. גלײַכצײַטיק האָבן דײַטשן אָנגעהויבן קומען אין ייִדישע שטובן נעמען מעבל אָדער גאָר אַרויסטרײַבן ייִדן פֿון זייערע היימען. יעדן טאָג זײַנען ייִדן געשלאָגן געוואָרן בײַ דער אַרבעט, מען האָט פּשוט נישט געטאָרט אַרויסגיין אין גאַס. איינמאָל האָט מען געכאַפּט עטלעכע ייִדן: שלמה קוויאַטקאָווסקי, שלמה אָכאָטניק, יעקב וואָלף כעלמינסקי, יעקב פֿוקס, יצחק פּייוויש ריבסקי און זיי געצוואונגען צו רייניקן די גאַס מיט בעזימער אָדער גאָר מיט די הענט. איך האָב זיך גראָד דעמאָלט געפֿונען אויף אַ בוידעם־שטיבל נישט ווײַט פֿון דער שול און האָב געזען, ווי דער דײַטשער זשאַנדאַר האָט באַהאַנדלט די דאָזיקע עלטערע מענטשן און ווי דערשלאָגן די ייִדן זײַנען געווען.

ווען די ייִדן האָבן געזען, אַז דאַוונען אין שול קענען זיי שוין נישט גיין, האָבן זיי באַשלאָסן צו ראַטעווען די ספֿרי־תורות; דאָ איז אינטערעסאַנט צו דערמאָנען איינע אַ דײַטשקע, וואָס האָט געדינט בײַ לייזער מרדכי סטריקאָווסקי אַ סך יאָרן און איז אויף אַזוי ווײַט געווען אַרײַנגעצויגן אין ייִדישן לעבן, אַז זי האָט די ספֿרי־תורות אײַנגעוויקלט אין אַ פּאַטשיילע אַזוי ווי אַ קינד און זיי געטראָגן אויפֿן בית־עולם. זי האָט עטלעכע ספֿרי תורות באַוויזן אַזוי צו ראַטעווען, מער האָט מען נישט געקאָנט.

דאָס שלאָגן ייִדן האָט אַלץ אָנגעהאַלטן. אויסער דעם האָט מען סתּם געמאַכט חוזק פֿון ייִדן: געהייסן זיי זיך אויסדרייען צו דער וואַנט און דערנאָך געשאָסן אויף אַ געלעכטער. אַזאַ פֿאַל האָט געטראָפֿן מיט ישׂראל מרדכי קאָרן. ער איז פֿון שרעק געפֿאַלן אין חלשות, האָבן זיי אים אָפּגעגאָסן מיט אַן עמער וואַסער און אַרויסגעוואָרפֿן.

ייִדן זײַנען געלאָפֿן פֿון איין שטאָט אין דער צווייטער. אַזוי זײַנען צו אונדז קיין קרושנעוויץ געקומען ייִדן פֿון וולאָצלאַוועק, לענטשיץ און לאָדזש. די דײַטשן הייסן יעדן ניי־געקומענעם זיך מעלדן. ווען מען כאַפּט אַ ייִד ווערט ער פֿון ציווילע דײַטשן געצוואונגען רוימען זייערע היימען, טראָגן וואַסער און טאָן אַנדערע שטוב־אַרבעט.

עס ווערן אַרויסגערופֿן עטלעכע ייִדן און מען הייסט זיי שאַפֿן אַ ייִדן־ראַט. איך ווער אויך דאָרט גערופֿן. איך בעט זיך בײַ דעם פּוילישן באַ־

אַמטן ער זאָל קיין יונגע מענטשן נישט נעמען נאָר עלטערע. עטלעכע אַזעלכע דאַרפן זיך צושטעלן צו די זשאַנדאַרן. דאָרט ווערט זיי געמאָלדן, אַז זיי זיינען די פאָרשטייער פון די יידן און זיי מוזן זאָרגן פאַר אַלץ. מען האָט גלייך גענומען שלמה שולמאַן און געזאָגט, אַז ער מוז זיין דער עלטסטער. מען האָט אים מיט אַ שער אַרומגעשאָרן די באָרד. דער מענטש איז פון דעם קראַנק געוואָרן און זיין אָרט האָט פאַרנומען שלמה מאיר באַגנאָ.

דעם 15־טן נאָוועמבער זיינען דייטשן אַריין אין שול, האָבן פון דאָרטן אַלץ אַרויסגעטראָגן אויפן פלאַץ, באַגאָסן מיט בענזין און אונטער־געצונדן. די גאַנצע קוטנער גאַס איז געווען פינצטער פון רויך. דער פאַרמעט האָט ניט געוואָלט ברענען. יידן האָבן פון באַהאַלטענע ווינקלען הינטער די טויערן זיך צוגעקוקט צום וואַנדאַלישן בילד. אַ ייד האָט זיך מורא געהאַט צו באַווייזן אויף דער גאַס. מיר איז עס גראָד אויסגעקומען צו זען, ווייל איך האָב געמוזט לויפן נאָך אַ דאָקטאָר און מיין אויסזען איז נישט יידיש.

דער ווינטער איז געווען זייער אַ קאַלטער, עס איז נישט געווען מיט וואָס צו הייצן; האָבן די דייטשן געהייסן די פוילישע באַפעלקערונג זיך נעמען דאָס האָלץ, וואָס איז געלעגן ביי דער שול. שלמה מאיר באַגנאָן איז געלונגען מיט עפּעס אונטערצוקויפן דעם עלטסטן פון די זשאַנדאַרן און זיין באַציאונג איז אַ ביסל מילדער געוואָרן.

דערווייל איז דאָס שטעטל לובין אַרומגערינגלט געוואָרן און אַלע יידן זיינען פון דאָרט אַרויסגעפירט געוואָרן. דאָס האָט אונז געטראָפן ווי אַ דונער, מיר האָבן זיך גערעכנט, אַז יעדע מינוט קען דאָס זעלבע געשען מיט אונז. מענטשן האָבן אָנגעהויבן לויפן אויף דער סאָוועטישער זייט. נישט אַלעמען איז געלונגען אַריבערצוגיין די גרענעץ. מען האָט גענומען זוכן בנימין פלאַכטע און מיך, ווי די פאָרשטייער פון דער ביבליאָטעק. זיי האָבן בנימינען נישט געפונען אין דער היים, האָבן זיי געשלאָגן זיין ווייב און איר אָנגעזאָגט, אַז ער זאָל זיך תיכף מעלדן. זיי האָבן זיך אויך גע־פרעגט אויף מיר. זי האָט מיר גלייך געגעבן צו וויסן. גייענדיק צו מיר האָבן זיי זיך אויפן וועג אַריינגעכאַפּט אין שענק און איך בין דערווייל

אַוועק אויף צוויי טעג. מיין חבר בנימין איז אַוועק אין שטעטל פּישטשאַט און איז דאָרט ביי דער רוסישער גרענעץ געווען צוזאַמען מיט זיינעם אַ זון ביזן יאָר 1943. דאָרט איז ער אין אַ וואַלד דערשאָסן געוואָרן צוזאַמען מיט נאָך 300 יידן. מיך האָט מען שוין מער נישט געזוכט.

יעדן טאָג ווען עס פלעגן זיך באַווייזן אויטאָס אין שטעטל פלעגן מיר מיינען, אַז מען איז שוין געקומען אונז אַוועקפירן. די שרעק איז געווען גרויס, מען איז געזעסן איינגעפּאַקט מיט די פּלעצאַקעס, די קינדער האָט מען אָנגעהאַנגען צעטעלעך אויף די העלדזער מיט זייערע נעמען — טאָמער פאַרלירט מען זיך, זאָל מען וויסן וועמעס קינד דאָס איז. אַזוי זיינען מיר צוויי חדשים צייט געשלאָפן אין די קליידער.

אין מערץ 1940 איז צו אונז געקומען אַ געסטאַפּאָ־אַגענט פון קוטנע און אַ בירגערמייסטער פאַר אונזער שטאָט. ער איז אַריין אין שענק, וואָס איז געווען אין מאַרק. ער האָט געהייסן ברענגען צו זיך דעם עלטסטן פון די יידן. ווען שלמה מאיר באַגנאָ איז צו אים געקומען, האָט ער אים געהייסן ברענגען 10 בייטשן — ער וויל גיין אין שטעטל שלאָגן די יידן. שלמה מאיר באַגנאָ איז אַוועק זיך אויסבאַהאַלטן. ווען דער דייטש האָט געזען, אַז ער קומט נישט, איז ער אַוועק צו אים אין הויז און גענומען שלאָגן זיין טאָכטער און צעריסן אויף איר די קליידער. זי איז אַראָפּגעשפּרונגען דורכן פענצטער פון ערשטן שטאָק און איז געבליבן ליגן אויפן ברוק מיט צעבראָכענע פיס. ער איז פאַרבליבן אין שטוב און דאָרט אַלץ צעהאַקט. די אומגליקלעכע איז אַ לאַנגע צייט געלעגן אָן שום הילף, ווייל כל־זמן ער איז געווען אין שטוב האָבן מענטשן מורא געהאַט אַרויסצוגיין. פון דאָרט איז ער אַוועק אין אַנדערע יידישע היימען, האָט דאָרט געשמיסן, אַראָפּגעריסן פון די פרויען די קליידער און זיי געטריבן נאַקעטע איבער די שטובן. אַ סך פרויען, וואָס איך האָב געקענט, האָבן שפּעטער נאָך דער איבערלעבונג זיך געשעמט צו ווייזן פאַר מענטשן. ווען ער האָט זיך נאָכדעם אַ צווייטן מאָל באַוויזן אין שטעטל האָבן זיך אַלע יידן אויסבאַהאַלטן. ער האָט דעמאָלט געטראָפן צוויי יינגלעך אין עלטער פון 17 יאָר, משה הערצקע האָפמאַן און שמואל נאַשעלסקי. ער האָט זיי אויפן וועג הינטער דער שטאָט געצוואונגען אויסצוטאָן זיך

נאַקעט און האָט זיי געפּייניקט. די צוויי יינגלעך זיינען שפּעטער גע־בראַכט געוואָרן מיט אַ סך צייכנס פון זיינע קלעפּ איבער די פּנימער און קערפּערס.

דער געקומענער בירגערמייסטער האָט זיך אויך תיכף גענומען פּיי־ניקן די יידן. די געלט בענדער, וואָס די יידן האָבן ביז דעמאָלט גע־טראָגן, האָט ער געענדערט אויף מגן־דודס פון פאָרנט און פון הינטן. ער וויל בעסער זען ווען אַ ייד גייט אין גאַס. פּרויען האָבן זיך געמוזט בויגן פאַר אים און ער האָט זיי געשלאָגן. עטלעכע יידישע מיידלעך האָט ער אין זיין אַמט־שטוב אויסגעטאָן נאַקעט און זיי סאַדיסטיש גע־שלאָגן.

אין שטעטל איז אויך געקומען אַ גרופּע עס־עס. באַלד ווי זיי האָבן זיך באַזעצט, האָבן זיי זיך אַוועקגעלאָזט איבער די יידישע הייזער און גענומען אַלץ, וואָס איז זיי נאָר געפעלן געוואָרן. ביי אונזער זייגערמאַכער פישל פראַנקענטאַל האָבן זיי צוגענומען אַ זאַך, וואָס האָט נישט געהערט צו אים. ער האָט געבעטן שלמה מאיר באַגנאַ, אַז ער זאָל גיין צו די דייטשן פועלן מען זאָל עס אים אָפּגעבן. דער ייד האָט עס נישט געוואָלט טאָן. דעמאָלט האָט זיך פישל אַליין געווענדעט צו די דייטשן און שוין אַגב דערציילט, אַז מען האָט אויך ביי אַנדערע יידן צוגענומען זאַכן. מען האָט אים געהייסן גיין אַהיים, פאַרשרייבן אַלץ וואָס מען האָט צוגענומען און דערנאָך ברענגען די אַלע מענטשן, וועלן זיי באַקומען זייערע זאַכן. מיי־נענדיק אַז די גערעכטיקייט האָט געזיגט, זיינען צוזאַמען מיט פישל פראַנ־קענטאַל אַוועק צו די דייטשן שלמה מידלאַק, יוסף קויאַווסקי, ליבע סילקע אָפּאָטשינסקי און אברהם גלאַנץ.

מען האָט אויסגעשטעלט אַלע זעלנער אויסגעפּוצטע אין העלמען און מיט לייצעס פון די פערד אין די הענט, מען האָט געהייסן די יידן זיי גיין דערקענען. ווי נאָר זיי האָבן אָנגעהויבן גיין, זיינען די זעלנער זיי באַפאַלן און מוראדיק געשלאָגן. דערנאָך האָבן זיי אָנגעגאָסן וואַסער אויפן באָדן און געצוואונגען די יידן אויסשעפן עס מיט די הענט און אַרויסטראָגן אין דרויסן. ווען די יידן זיינען שוין געווען גוט אויסגעמאַטערט, צעשלאָ־גענע, מיט צעבראָכענע ביינער, האָט מען זיי געהייסן גיין. יעדער פון

זיי איז דערנאָך לאַנגע וואָכן אָפּגעלעגן צו בעט. פישל פראַנקענטאַלן האָבן זיי בכלל נישט אַרויסגעלאָזט. ער איז שוין דעמאָלט געווען אַ האַלב טויטער און וואָס זיי האָבן מיט אים געטאָן איז געבליבן אַ סוד. מען האָט בלויז געהערט, אַז אַ דייטש האָט געזאָגט, אַז זיי האָבן אים אַריינגעוואָרפן אין מיסקאַסטן.

די אימה אין שטעטל איז געווען זייער גרויס. יידן זיינען דערשלאָגענע געלעגן אויף בוידעמער און אין קעלערן און בעת עס איז עמעצן צוגעטיילט געוואָרן צו גיין צו זיי אויף אַרבעט, האָט ער זיך געזעגנט מיט דער משפחה און שוין נישט געהאָפט זיך אומצוקערן אַהיים. פּלוצלונג איז מען באַפאַלן יידישע הייזער, אַרויסגעשלעפּט פון דאָרט די מענטשן און אַרויסגעפירט זיי אין הויף פון די בלאָניע און אַריינגעלאָזט דאָרט אין אַ שטאַל. אַהין האָט מען אויך געבראַכט אויף אַרויסצושיקן עטלעכע קריסטלעכע פאַמיליעס. האָט מען פון די יידן אַרויסגענומען יאַנטשע קירשטיין, אַ ייד פון עטלעכע און זעכציק יאָר און די פרוי רובינשטיין פון עטלעכע און פופציק יאָר, זיי געצוואונגען אויסצוטאָן זיך נאַקעט. דער ייד האָט געמוזט אָנטאָן טלית און תפילין, און דערנאָך האָט מען זיי געצוואונגען עפּנטלעך פאַר אַלעמען טאַנצן נאַקעטערהייט. שפּעטער האָט מען די יידן אַרויפגעזעצט אויף פורן און זיי אַוועקגעפירט קיין זשיכלין, אַ שטעטל נישט ווייט פון אונז.

אַזעלכע אַרויסשיקונגען האָבן זיך איצט אָנגעהויבן איבערחזרן אַלע צוויי וואָכן. צווישן אַנדערע איז מען אויך באַפאַלן דאָס הויז פון וואָלף אַפּעל און אַלעמען פון דאָרט אַרויסגעפירט. מען האָט כסדר געכאַפּט יידן, געשיקט זיי קיין קוטנע, אין די מאַגאַזינען פון מאָנאָפּאָל און דאָרט זיי ווידער געשלאָגן.

עטלעכע יידן האָבן זיך צונויפגענומען און האָבן אָנגעהויבן טראָגן מתנות צום בירגערמייסטער און בעטן אים ער זאָל אויפהערן אַרויסשיקן. איינזעענדיק, אַז אויב ער וועט אַרויסשיקן אַלע יידן וועט ער נישט האָבן ביי וועמען צו נעמען, האָט ער די אַרויסשיקונגען אָפּגעשטעלט. דער קאָמיטעט איז באַשטאַנען פון שפּעטער טרויעריק־באַרימטן מאיר זילבער, יאָסל דאַנציגער, יאָסל יאַקובאָוויטש און בנימין באַגנאַ. זיי האָבן אָפּ־

געמאַכט, אַז מען זאָל ניט כאַפּן קיין מענטשן צו דער אַרבעט, זיי וועלן אַליין צושטעלן וויפל מענטשן עס וועט נויטיק זיין. האָבן זיי דאָס אָנגעהויבן דורכפירן. האָבן גענומען געלט ביי די, וואָס האָבן נישט געוואָלט גיין צו דער אַרבעט און אויף זייער אָרט געשיקט אַ צווייטן. מען האָט זיך דערפון געמאַכט אַ געשעפט. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שרעקלעכע דעמאָראַליזאַציע, מען האָט גענומען אונטערטראָגן דעם בירגערמייסטער פאַרשיידענע מסירות. דער בירגערמייסטער האָט געוואוסט וועלכער ייד עס האָט עפּעס באַהאַלטן און ווער עס איז אַ פרעמדער אין שטאָט. אי־בערהויפּט האָט זיך ספּעציאַליזירט אויף דעם דער מילנער מאיר זילבער. דער בירגערמייסטער פלעגט אַריינקומען מיט אַ שטעקן, האָט געשלאָגן און געטריבן צו פאַרלאָזן די שטאָט. איז מען געלאָפן צו דער חברה מוסרים זיך אויסקויפן. דאָס האָט אַלעמען פאַרביטערט דאָס לעבן.

## די געטאָ ווערט איינגעפירט

בעת אין קוטנע איז געשאַפן געוואָרן די געטאָ האָבן מיר, די קרושנעוויצער, זיך ווידער אָנגעהויבן שרעקן. די יידן פון די אַרומיקע שטעטלעך ווי דאָמבראָוויץ און אָסטראָוו האָט מען געפירט אין קוטנער געטאָ. דאָרט איז געווען דאָס גרעסטע גיהנום, וואָס מען קען זיך נאָר פאָרשטעלן און מיר האָבן זיך אויך אויף דעם געריכט. אָבער אונזער בירגערמייסטער וואָס האָט געהאַט פון אונז „פרנסה" בשפע, האָט געהייסן מיר זאָלן זיך ניט וויזן אין גאַס, וועט ער אונז דאָ איינהאַלטן. אַזוי איז טאַקע געווען. ער האָט געהיט זיין פרנסה און באַשטימט צו מאַכן פאַר אונז אַ געטאָ אין קרושנעוויץ גופא, אויף דער קוטנער גאַס. זי האָט זיך געדאַרפט ציען פון די הייזער פון משה שמעון גראַבאָווסקי ביז נאָך משה טראָמאַן און פון אברהם קאשיב ביז אהרן דוד גאָסטינסקי און נאָך אַ קליי־נע געטאָ ביי הערש זאַקשעווסקי. די געטאָ האָט געדאַרפט זיין פאַרמאַכט; יידן פון אַנדערע גאַסן האָבן זיך געמוזט אַריבערקלייבן אַהער. דעמאָלט האָט זיך דער יידן־ראַט ווידער געמאַכט אַ געשעפט פון געבן דירות.

די געטאָ איז געשלאָסן געוואָרן יום־כיפור צו כל־נדרי אין יאָר

1940. אויף דער נאַכט איז מאיר זילבער אַרומגעגאַנגען מיטן בירגערמייס־טער און געוויזן אים, ווי די יידן האָבן זיך איינגעאָרדנט און ווי זיי דאַווענען. אונזער בונדיש הויז איז אַגב געוואָרן דער צענטער, וואו יידן האָבן גע־בעטן צו גאָט. אין דער פאַרשלאָסענער געטאָ האָט מען זיך דערפילט ווי אין אַ תפיסה. מען האָט נישט געטאָרט אַרויסגיין און קיין וואַסער האָבן מיר ניט געהאַט. פון 6 ביז 9 פרי איז דערלויבט געוואָרן אַרויסצוגיין נעמען וואַסער פון איציק שמואלס פלומפּ. פּאָליציי האָט געהיט, אַז יידן זאָלן גאָרנישט מיטברענגען מיט זיך אין געטאָ אַריין. עטלעכע טעג נאָכדעם איז געמאַכט געוואָרן אַ פּאַס און מען האָט געפירט וואַסער אין געטאָ אַריין, מיט יידן איינגעשפּאַנט אָנשטאָט פערד. עס איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ גרויסער אָפּצאָל פאַרן אַריינקומען אין געטאָ פון די, וואָס האָבן גע־דאַרפט האָבן אַ שניידער אָדער אַ שוסטער. אַלע צוויי דריי טעג האָט מען בכלל אָפּגעשלאָסן די געטאָ און געשראָקן די מענטשן נישט אַריינצוגיין. דאָס איז געמאַכט געוואָרן, כדי צו צווינגען די יידישע בעל־מלאכות אַוועקצוגעבן די מאַכערס דעם לעצטן גראָשן און זיי זאָלן ווערן די באַ־לעבאָטים איבער זיי.

יעדן פרימאָרגן 6 אַזייגער זיינען מיר געוועקט געוואָרן אויף צוצו־שטעלן זיך צום יידן־ראַט אין אַ הויז לעבן דער שול, וואו עס האָט זיך אויך געפונען די יידישע פּאָליציי. דאָ פלעגט מען אונז איבערציילן און אַוועק־פירן צום פונקט, וואו דער בירגערמייסטער איז געווען. דאָרט איז שוין געווען יאַנקעלעוויטש און ער האָט אויסגעשריען: אַכטונג פאַר דעם ביר־גערמייסטער! הונדערט יודן צו דער אַרבעט! דערנאָך האָט ער מיטן שטעקן, וואָס ער האָט שטענדיק געטראָגן, געטיילט אויף וועלכע שטעלן מען וועט גיין אַרבעטן. דאָרט האָבן שוין געוואַרט דייטשן און יעדעס אָרט האָט געהאַט אַן אַנדער מזל אויף קלעפּ צו באַקומען. אָבער אויך די וואָס זיינען פאַרבליבן אין געטאָ, איז נישט געווען וואָס מקנא צו זיין. פון דער קליינער געטאָ, וואָס איז געווען אין הערש זאַקשעווסקיס הויז איז שווער געווען אַרויסצוגיין אין דער גרויסער געטאָ אַריין. דער פּאָליציאַנט, וואָס איז דאָרט געשטאַנען האָט נישט געוואָלט אַרויסלאָזן, און יעדע זאַך, וואָס מען האָט געמוזט קויפן, האָט מען געדאַרפט גיין אין דער גרויסער געטאָ.

סוף 1940 איז דער בירגערמייסטער פלוצלונג געקומען און געהייסן זיך שוין אַרויסציִען פוןביידע קליינע געטאָס. דער טאָג איז געווען אַ רעגנדיקער, מען האָט געמוזט אַרויס ווי מען שטייט און גייט און אַזוי זיינען מיר אַלע געבליבן ליגן פאַר דער שול, ווייל ס׳איז ניט געווען וואו זיך אַריינצוציִען. פאַרנאַכט איז ווידער געקומען דער בירגערמייסטער און דערלויבט זיך צוריק אַריינצוציִען, אָבער שוין נישט אין הויז פון הערש זאַקזשעווסקי. דערביי האָט ער עטלעכע מאָל אויסגעשאָסן. די פרייד איז געווען גרויס. מיר האָבן ווידער געהאַט אַ דאַך איבערן קאָפּ! מען האָט זיך אָבער נישט באַוויזן אַרומצוזען, ווי עס זיינען געקומען נייע אומגליקן. זשאַנדאַרן האָבן אָנגעהויבן קומען אין געטאָ, אַרויסנעמען יידן און שלאָגן. עמעצער האָט געמסרט, אַז יידן פירן אַרויס עסנוואַרג אין קוטנער געטאָ. עס ווערן אויך אַרעסטירט צוויי יידן גרשון קאָשיב און שמואל וואָלף זשאלנע (היינט אין ישראל) פאַר דערמאָרדן אַ דייטש אין דער צייט פון דער מלחמה. דאָס האָט אויסגעטראַכט אויף זיי אַ בלבול אַ פוילישער אויסוואורף. זיי האָבן זיך ביידע אָנגעליטן גרויסע צרות. גרשון קאָשיב איז באַפרייט געוואָרן און זשאַלנע נישט. ס׳איז אָבער געלונגען צו ווירקן, אַז מען זאָל דערלויבן ברענגען מענטשן, וואָס וועלן עדות־זאָגן, אַז דער אויסוואורף איז גאָרניט געווען אין שטעטל בעת דער מלחמה. איך מיט שרה גאָלדמאַן זיינען עס געפירט געוואָרן אין דער דייטשער זשאַנדאַרמעריע צו זיין די עדות. מען האָט אָבער ביי אונז גאָרנישט געפרעגט און דער ייד איז באַפרייט געוואָרן.

עס האָט לאַנג נישט געדויערט און מיר האָבן געמוזט פאַרלאָזן די קליינע געטאָ און גיין אין דער גרויסער. דאָס איז געשען אומגעריכט און מיר האָבן געמוזט אַוועק מיט דעם, וואָס מיר האָבן געקאָנט מיטנעמען. וועגן דעם ווי דאָס לעבן האָט דאָרט אויסגעזען איז גענוג צו זאָגן, אַז אין בית־מדרש האָבן געוואוינט אַ 40 מענטשן. די פענצטער זיינען געווען אָן שויבן, פאַרהאַנגען מיט ליילעכער. איך מיט קאָפּל גייזלער זיינען אַוועק איבער יידישע שטובן צו שאַפן שויבן פון די דאָפּלטע פענצטער, מען זאָל קענען דאָרט אַריינשטעלן. ס׳איז געווען צווישן פסח און שבועות, אָבער די מענטשן האָבן די פענצטער באַהאַלטן און נישט געוואָלט געבן, כדי זיי זאָלן האָבן די דאָפּלט־פענצטער אויף ווינטער.

די לאַגע אין געטאָ איז געוואָרן זייער שלעכט. מענטשן האָבן פאַרקויפט פון זיך אַלץ, זיינען געזעסן אין די בעטן און געהונגערט. עט־לעכע מענטשן איז געלונגען צו שאַפן אַ קיך. איך וועל דאָ אָנגעבן זייערע נעמען: סאַלע קאַלסקי, אנדזשאַ גייזלער, די פרוי פון יחיאל בער דבורה מידלאַק, חיים גראַבינסקי און איך, משה יעקב קויאַווסקי, אַלס פּי־רער, און בויטע יאַנקעלעוויטש, אַלס סעקרעטערין. מיר האָבן יעדן טאָג געקאָכט מיטאָג, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ טעלער זופּ און אַ שטיקל ברויט און האָט געקאָסט 10 גר. און ווען מיר האָבן געוואוסט, אַז יענער האָט ניט, האָבן מיר דאָס אויך ניט גענומען. עס זיינען אויך געווען עלטערע מענטשן וואָס האָבן ניט געהאַט קיין היימען, האָבן מיר געזאָרגט פאַר זיי. אַזוי זיינען געווען צוויי יידן פון דייטשלאַנד יאַקובאָווסקי, האָבן מיר געזען זיי זאָלן זיך ניט אַרומוואַלגערן. דאָס געלט האָבן מיר באַקומען פון פּריוואַטע באַשטייערונגען און יעדער האָט עס געטאָן ווי אַ וויכטיקע פליכט.

## מען שלעפּט אויף שקלאַפן־אַרבעט

מיטאַמאָל הויבט זיך אָן אין געטאָ אַ רעגיסטראַציע פון אַלע אַר־בעטספעאיקע מענטשן. מען ווערט אונטערזוכט פון דאָקטוירים פון אַרבעטס־אַמט. וואָס זיי זיינען אויסן דערמיט ווייס מען ניט. אָבער אין יאָר 1941 אין יוני, ברעכט־אויס די מלחמה מיט רוסלאַנד און די דייטשן נעמען באַלד טרייבן יידן פון קאָוואַל, כאָדעטש און פון נאָך שטעטלעך. אַלע אַרבעטס־פעאיקע מענטשן ווערן געשלעפּט קיין פּויזן און באַלד קומט אויך אַ באַפעל צו נעמען ביי אונז מענטשן. דעם 15־טן יולי 1941 האָט מען ביי אונז צוגענומען 140 מאַן. אַ סך יונגע, וואָס האָבן געהאַט געלט זיינען געבליבן אין דער היים און אויף זייער אָרט האָט מען גענומען טאַטעס פון עטלעכע קינדער. דאָס אַרויספירן איז פאָרגעקומען אין מיטן העלן טאָג. ווער עס איז אַוועק מיט געוויין און ווער עס האָט געמיינט, אַז ס'איז אַ געלעכטער און נאָך געשלעפּט מיט זיך פּעק צו דער באַן.

אין געטאָ האָט זיך גלייך געלאָזט פילן דאָס פעלן פון יונגע מענטשן. מען האָט זיי אין די היימען באַוויינט ווי טויטע. ס'איז געווען עפּעס

אַזוי ווי אַ חרפה צו זיין אין דער היים בעת יענע האָבן שוין קיין היים ניט. די שטימונג אין געטאָ איז געוואָרן שטאַרק געדריקט און אויך דער הונגער האָט אָנגעהויבן מער צו דריקן. קיין געלט פאַר דער קיך האָב איך שוין אויך צופיל נישט געהאַט. כ׳האָב זיך דעמאָלט געווענדט צום יידן־ראַט. אָבער מאיר זילבער האָט מיר אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז איך מוז בלייבן און ווייטער פירן די קיך. איך האָב אַליין אויך נישט געוואָלט ליקווידירן, ווייל עס זיינען מיט יעדן טאָג גרעסער געוואָרן די רייען נאָך דעם עסן. דער בירגערמייסטער האָט ווידער געפאָדערט צו דער אַרבעט אַזוי פיל מענטשן ווי פריער און אַזוי פיל זיינען איצט נישט געווען.

הינטער דער שטאָט, לעבן דער באַן זאַלעשיע האָט מען אָנגעהויבן בויען אַ לאַגער. מיר האָבן נאָך דעמאָלט נישט פאַרשטאַנען צו וואָס די הייזער זיינען. אָבער מיר האָבן געמוזט געבן 50 אַרבעטער און אין אויגוסט איז מען ווידער געקומען פון אַרבעטס־אַמט און פאַרלאַנגט נאָך 40. מיר זיינען אַלע גערופן געוואָרן אויפן פלאַץ פאַרן יידן־ראַט. דאָרט לייענט מען אויס נעמען. מיר ווייסן נישט, צי די וואָס מען רופט אויס פאָרן אָדער עס פאָרן די אַנדערע, וואָס מען רופט נישט אויס. מיטאַמאָל עפנט זיך אָבער דער טויער און מען פירט אַוועק אַ פאַרטיע, דאָס מאָל איז עס אויף דער נאַכט. מען פירט זיי אין דער קינאָ און צומאָרגנס אין דער פרי צו דער באַן. קינדער וויינען נאָך די טאַטעס, דאָס בלוט ווערט פאַרגליווערט זעענדיק ווי יידישע היימען ווערן פאַרוויסט

אויף מאָרגן זוכט מען ווידער מענטשן צו דער אַרבעט. ס׳איז שוין כמעט נישטאָ וועמען צו נעמען און דער יידן־ראַט וויל אויך שיקן וויניקער און בעסער נעמען געלט פון יידן, וואָס קענען נאָך עפעס פאַרדינען. אָבער איינמאָל אין אַ דאָנערשטיק צוויי וואָכן פאַר ראש־השנה, 11 אַזייגער אין דער פרי, איז געקומען אַ גאַנצע כאָפטע דייטשע היטלער־יונגען אונטערן נאָמען אַרבעטס־קאָמאַנדע און געמאַכט אַן אָבלאַווע אין געטאָ. זיי האָבן אַרויסגעשלעפט די מענטשן פון די הייזער און אויב אַ שטוב איז געווען פאַרשלאָסן, האָבן זיי צעהאַקט די שלעסער, צעבראָכן שענק און עס געטאָן אַזוי סיסטעמאַטיש ביז זיי האָבן צונויפגעטריבן דאָס גאַנצע

שטעטל אויף אַ פּלאַץ און פון דאָרט געשלעפּט מענטשן צו דער אַרבעט. אויף מאָרגן האָבן שוין אַלע געמוזט גיין צו דער אַרבעט. די זעלבע וואָך זיינען פון דער גאַס אויסגעשאָסן געוואָרן עטלעכע קוילן אין געטאָ אַריין. צום גליק האָבן זיי קיינעם נישט געטראָפן, זיי האָבן בלויז אויסגעהאַקט עטלעכע שויבן. ערב ראש־השנה זיינען געקומען עטלעכע דייטשע זשאַנדאַרן און געזוכט די יידן, וואָס האָבן זיך יענעם טאָג נישט געמאָלדן צו דער אַרבעט. מען האָט זיי אַריינגעשלעפּט אין געוועזענעם בית־מדרש און זיי דאָרט אַזוי געשלאָגן, אַז זיי זיינען שפּעטער געלעגן קראַנק צו בעט. דערביי האָט איין ייד געמוזט האַלטן דעם אַנדערן ביים קאָפּ איבער אַ בענקל. ס׳איז געווען אַ טרויעריקער ראש־השנה, — ווייניק מענטשן אין שטעטל און די ווייניקע, וואָס זיינען געווען האָבן געמוזט גיין צו דער אַרבעט.

איצט האָט זיך דער בירגערמייסטער ווידער גענומען צו די שניידער, האָט זיך נאָכגעפרעגט וועגן מאַשינען און מען האָט דערביי געמאַכט אַ געשעפט. עטלעכע האָט מען צוגענומען און אַנדערע האָט מען צונויפגעפירט צו צוויי אויף איין מאַשין. דאָס איז געווען אַ פּאַך, וואָס האָט נאָך געקענט עפּעס געבן פּרנסה, ווייל שניידעריי איז געלעגן אין יידישע הענט.

יום־כפור 1941 איז אין געטאָ אַ טויטע שטילקייט, עס פעלן זייער פיל מענטשן. אין די ערטער וואו אַ ביסל יידן דאַווענען, שטופּן זיך אַ פּאָר עלטערע צו הערן וואָס די דייטשע צייטונגען שרייבן וועגן די פראָנטן. און די נייס זיינען זייער שלעכטע. אַלץ פאַלט אונטערן דייטשן שטיוול און מיר יידן אַוודאי. די אומלעגאַלע ליטעראַטור פון מיין ברודער לייזער קויאַווסקי, וואָס ווערט אַריינגעבראַכט דורך זיינע באַקאַנטע פּאָליאַקן, זאָגט אויך גאָרנישט אין שייכות מיט אונזערע ליידן. דאָרט רעדט זיך אַלץ וועגן דעם וואָס מען קלערט צו טאָן און מיר ווערן מיט יעדן טאָג ווייניקער און דאַרפן שוין באַלדיקע הילף.

דעם 26־טן נאָוו. 1941 ווערט די געטאָ אַרומגערינגלט. מען שלעפּט אַלעמען צוזאַמען און מען פירט זיי אַריין אין קינאָ. איך האָב זיך אויסבאַהאַלטן און געבליבן אין דער היים. אַ סך יידן האָבן זיך באַפרייט דורך מאיר זילבער. פאַרשטייט זיך, פאַר גוט געלט. דער יידן־ראַט איז שוין געווען אַ קלענערער אין צאָל, אָבער מאיר זילבער האָט אויך פון

זיי געוואָלט פּטור ווערן. ער האָט מיטגעשיקט מיט די פאַרשלעפּטע יידן אויך עטלעכע פון זיינע מענטשן, ווי די באַנגאַס. ס'איז אויך אונטערגע־שיקט געוואָרן אַ מסירה און מען האָט די מענטשן אין דער נאַכט־פינצטער־ניש געשיקט צו דער באַן מיט קוילן איבער די קעפּ. ס'איז געווען אַ טרויעריקע נאַכט אין געטאָ. מיטאַמאָל דערוויסט מען זיך פון אַ באַפעל: ווער עס וועט נישט קומען זיך צושטעלן וועט דערשאָסן ווערן. איך בין אַריין אין שטאַל ביי די כאָדזיצקיס און האָב זיך געוואָלט באַהאַלטן. אָבער מיין פרוי איז צו מיר געקומען מיט מיין קינד אויף די הענט און מיט די ווערטער: „גיי און שטעל זיך צו, וועלן מיר בלייבן לעבן וועלן מיר זיך שוין געפינען, אָבער מען זאָל דיך דערשיסן פאַר מיינע אויגן, דאָס וויל איך נישט!“ דעמאָלט בין איך געגאַנגען זיך צושטעלן. פאַרן אַרויס־גיין האָב איך געזען אַ ביסל יידן אַלץ אַלטע לייט. יחזקאל זיידע איז געלעגן אויף דער ערד און מען האָט אים געשלאָגן מיט אַ גומענעם רימען. דער זשאַנדאַר האָט געמיינט, אַז ער איז טויט און ער האָט אים געהייסן אַוועקטראָגן.

פאַר אונז האָט מען געעפנט דעם טויער און אונז געפירט צו דער קינאָ. דאָרט זיינען מיר געווען אַ האַלבע שעה צייט, דערנאָך זיינען געקומען די זשאַנדאַרן אויף פערד און אונז גענומען פירן קיין קוטנע. ווען מיר זיינען פאַרבייגעגאַנגען די געטאָ האָב איך געזען ווי מענטשן האָבן זיך געריסן די האָר פון קאָפּ, די קוילן זיינען געפלויגן און דאָס לעצטע געוויין פון מיין מאַמען וועט מיר פאַרבלייבן אין זכרון כל־זמן איך וועל לעבן.

אין קוטנע האָט מען אונז אַריינגעפירט אין דער גרויסער קאַטוי־לישער קירך. דאָרט האָבן מיר געטראָפן די אַלע, וואָס זיינען אין דער פרי צוגענומען געוואָרן פון שטעטל און מיר זיינען שוין געווען צוזאַמען. מיט צוויי שעה שפּעטער האָט יעדער איינער באַקומען אַ פּעקל פון דער היים, וואָס די פרויען האָבן צוגעשיקט. צווישן אונז האָט זיך אויך געפונען אונזער יונגער רב שמואל חיים ליפשיץ און אַ פּאָר יידן האָבן געוואָלט אַז ער זאָל כאָטש אַהיימגיין. שפּעטער איז מלך מילאָשערני געלונגען אַרויסצונאַרן דעם רב און אים אַרויפזעצן אויף אַ וואָגן ער זאָל זיין אין

שטעטל. אָבער אויפֿן וועג האָט אַ זשאַנדאַר אָפּגעשטעלט דעם וואָגן, פֿעסטגעשטעלט ווער ער איז און אים גלייך דערשאָסן. מען האָט געהייסן דעם יידן־ראַט אַרויספֿאָרן אים ברענגען, דערווייל איז ער ביז צו דער קבורה געלעגן דריי טעג אויף דער גאַס. מיט דריי טעג שפּעטער האָט מען ווידער געשיקט עטלעכע מענטשן אין לאַגער, אַזוי אַז קיין מענער זיינען שוין מער נישט פֿאַרבליבן. מאיר זילבער האָט געזיגט ער האָט געפּטרט דעם גאַנצן יידן־ראַט.

ווי עס איז איצט געוועזן די לאַגע אין געטאָ דאָס קען איך שוין נישט באַשרייבן, דאָס מוז מען אַליין פֿאַרשטיין. און דאָס לעבן אין לאַגער, דאָס קען נאָר פֿאַרשטיין אַ מענטש, וואָס האָט עס מיטגעמאַכט. די ערשטע בריוו, ווי די לעצטע, וואָס זיינען געקומען פֿון דער היים זיינען געוועזן זייער ביטערע. די דייטשע מערדער האָבן נישט געהאַט קיין מענער צו דער אַרבעט האָבן זיי געשלעפּט פֿרויען און קינדער. זיי האָבן אויך געמוזט באַצאָלן אַ שטייער פֿון 8 מאַרק ווען מען וועט זיי דאַרפֿן איבערזידלען. זיי האָבן אויך געהאַט אַ מעגלעכקייט צו האָבן אין שטעטל צוויי יידן, וואָס זיינען אַנטלאָפֿן פֿון כעלמנאָ און זיי האָבן זיי דערציילט וואָס דאָרט קומט פֿאָר. יעדן טאָג האָבן זיי געהערט וועגן אַן אַנדער שטעטל, וואָס מען פֿירט שוין אַרויס און זיי האָבן געוואַרט אויף זייער ריי. צוויי חדשים האָבן זיי אַזוי געוואַרט ביז עס איז געקומען דער שרעקלעכסטער טאָג, דער 2־טער מערץ 1942, אַלץ וואָס איז פֿאַרבליבן פֿון יידישן שטעטל קרושנעוויץ איז אַוועקגעפֿירט געוואָרן קיין כעלמנאָ אויף אומקום. ס׳איז שווער צו באַשרייבן, ווי אַזוי דאָס האָט אויסגעזען. קאָפּל גייזלער און נאָך עטלעכע זיינען משוגע געוואָרן. מענטשן וואָס זיינען נישט אַזוי גיך אַרויס זיינען געשאָסן געוואָרן אין די שטובן. מיין חבר שמחה דער בלינדער זאָל אויך האָבן דערשאָסן געוואָרן. און דאָרקע סטריקאָווסקי, די טאָכטער פֿון וואָלף געצל קאָרן זאָל האָבן געוועזן אַ טאָג אין קימפּעט, האָט מען זי מיט דעם קינד אין אויטאָ אַריינגעוואָרפֿן.

דאָס איז די געשיכטע פֿון מיין שטעטל קרושנעוויץ.

מיר האָבן זיך שפּעטער צונויפֿגעטראָפֿן בלויז מענער. קיין איינע פֿון די פֿרויען פֿון שטעטל זיינען נישטאָ. איך דאַרף נאָך צוגעבן, אַז

צוויי טראַנספּאָרטן מיידלעך זיינען אויך אַוועק אין די טעג פון סוכות 1941. זיי זיינען געקומען קיין אוישוויץ אין אויגוסט 1943, אַלע זיינען אומגעקומען בעת אַ סעלעקציע, מיט צוויי חדשים שפּעטער. לעבן געבליבן זיינען אַ 40 מאַן פון די קאַצעטן און אַ 20 מאַן, וואָס זיינען געקומען פון רוסלאַנד. דאָס איז אַלץ וואָס איז פאַרבליבן פון די 1.300 יידן פון קרושנעוויץ.



לעבן-געבליבענע נאָך די נאַצישע שחיטות. אַ גרופּע קרושנעוויצער אין אולם (דייטשלאַנד), אין יאָר 1947. צוזאַמענגעקומען זיך צום ערשטן יאָרצייט נאָך די אומגעקומענע יידן פון קרושנעוויץ. אין דער דריטער רייע, דער צווייטער פון לינקס איז חבר משה קויאַווסקי, דער שרייבער פון דער געשיכטע פון דער שטאָט קרושנעוויץ. געפינט זיך איצט אין קאַנאַדע.

עליאַש אַש

# מיין שטעטל קרושנעוויץ

(אַ ביסל זכרונות)

איך בין נאָך געווען זייער יונג ווען איך האָב פאַרלאָזט מיין געבוירן־שטאָט קרושנעוויץ. אינגאַנצן אַכט יאָר אַלט געווען. אָבער די בילדער אין דאָס לעבן פון דעם שטעטל, שטייט מיר פאַר די אויגן, נישט ווי ס׳וואָלט שוין 45 יאָר געווען, נאָר ווי ס׳וואָלט ערשט נעכטן געשען.

איך זע די גרויסע מאַרק־גאַס, וועלכע איז געווען די הויפט־גאַס פון דער שטאָט, נישט ברוקירט און ווען ס׳איז געווען אַ רעגן, האָט מען טיף אין די בלאָטעס געטאָפטשעט. דאָך איז דאָ דער הויפט־האַנדל פאָרגעקומען. פויערים פון די אַרומיקע דערפער האָבן פאַרשידענע פראָדוקטן אַהער גע־בראַכט צו פאַרקויפן, און אין די יידישע געוועלבער געקויפט די נויטיקע זאַכן, און אין דאָרף אַריינגעבראַכט. יידן פאָרן אויף מערק אין די נאָענטע שטעטלאַך, מ׳איז פאַרהאַוועט מיט קויפן און פאַרקויפן, שטענדיק פאַר־נומען און פאַריאָגט, און נאָך די גרויסע האָרעוואַניע מאַכט מען אַ שווער געמוטשעט לעבן.

דאָס גאַנצע גייסטיקע לעבן פון דעם שטעטל שטייט פאַר מיינע אויגן. די שיינע שול, ווי יידן קומען זיך צוזאַמען דאַווענען, און שמועסן וועגן פרנסה און... וועלט־פאָליטיק. די גבירים זיצן אויבן אָן לעבן זייערע שטענדערס, אויך די דאָזאָרעס די פאָגעלס, גראַבינסקיס, ראָזנס און יאַקי־באָוויטשעס און אַנדערע זיצן אין מזרח־וואַנט. דער אָרעמער קלאַס און אַפילו דער מיטל־קלאַס וואַגט נישט דאָרט צו צוגיין, מ׳קוקט נאָר אַריבער פון דער ווייטנס, און אַביסל אויך מיט קינאה.

נאָך איצט קלינגט מיר אין די אויערן דאָס זינגענדיקע קול פון שמש יעדן פרימאָרגן ווי ער האָט גערופן די יידן אויפצושטיין צו גיין אין בית

המדרש, תהילים זאָגן. מיין פאָטער זכרונו לברכה פלעגט אונז, די פיר בנים זיינע, אויפוועקן און צוזאַמען געגאַנגען אין בית המדרש לערנען אַ פרק משניות פאַרן דאַווענען.

דאָס גאַנצע שטעטל איז שוין אויפגעשטאַנען, אָבער די בעקער־געזעלן זעט מען גיין אויסגעמאַטערטע פון אַ גאַנצער נאַכט אַרבעט, זיי איילן זיך צו גיין שלאָפן, ווייל די אַרבעטס־נאַכט הויבט זיך אָן נאָך איידער ס'ווערט נאַכט. דער בלינדער איצעק, דער וואַסער־טרעגער, גייט מיט שווערע מידע טריט און שטעלט צו וואַסער צו יעדן הויז.

איך וויל דאָ דערמאָנען די טייערע און האַרציקע פאָלקס־מענטשן פון אונזער שטעטל: שלום בעקער, דער אַלטער טעפּיע, אהרן אלי, יונה לייבוש, משה היטלמאַכער, און אויך דער רב און דיין, אמתע פאָלקס־טיפּן, וועלכע מ'קען נישט פאַרגעסן.

אַ ביסל שפּעטער ווען ס'איז אָנגעקומען דאָס יאָר 1905. רעוואָלוציאָנערע שטימונגען האָבן אָנגעהויבן אַריינצודרינגען אויך איז אונזער שטעטל. די גבירים און סתם יידן, קאָנען נישט פאַרטראָגן, וואָס די „פּראָסטע יונגען" גייען אַרום מיט אויפגעהויבענע קעפּ. עפּעס רעדט מען אַז ס'האָט זיך געגרינדעט אַ חברה בונדיסטן, סאָציאַליסטן, מען עפנט אַ ביבליאָטעק, האָבן די יידן אָנגעהויבן צו סטראַשן, אַז מ'וועט די „וואוילע יונגען" נאָך סיביר פאַרשיקן. — ס'האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן. די יוגנט האָט געלעכצט נאָך אַ פריי קולטורעל לעבן. מ'האָט אָנגעהויבן לייענען יידישע ליטעראַטור און פּאָליטישע ביכער. פאַר מיר שטייט נאָך איצט דאָס בילד, וואָס איך געדענק פון חודש אָקטאָבער 1905 ווען בונדיסטן און פּוילישע סאָציאַליסטן קומען זיך צוזאַמען אין מאַרק מיט אַ סך רויטע פענער.

די פרומע יידן פון שטעטל ציטערן. ווער ווייס וואָס פאַראַ צרות עס וועט נאָך פון דעם אַלעם אַרויסקומען. און ס'האָט לאַנג נישט געדויערט, און אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען שוין געהערט ווי מען האָט אַרעסטירט מענטשן. פאַרשיקט נאָך סיביר. אַ געדריקטע שטימונג האָט די יוגנט און די אַרבעטער אַרומגענומען. אָבער ווען איך בין שוין געווען אין אַמעריקע, ווען איך האָב געהערט ווי דאָס קולטורעלע און פּראָגרעסיווע לעבן האָט ווידער

אויפגעלעבט אין מיין שטעטל, האָט מיך אַלעמאָל אַרומגענומען מיט אַ געוויסן שטאָלץ און צופרידנקייט.

ליידער איז דאָס גאַנצע יידישע לעבן פון דעם שטעטל צוזאַמען מיט די יידן אומגעבראַכט געוואָרן פון די דייטשישע נאַצי־באַנדיטן.

און ווען איך טראַכט, אַז דער ברענטש 611 אַרבעטער־רינג, פון וועלכן מיר, די פיר ברידער אַש זיינען געווען פון די גרינדערס, פייערט איצט זיין 25־יאָריקן יובילעאום און ס׳ווערט אַרויסגעגעבן אַ יובילײ־בוך, ווי אַ חוץ די אַרבעט פון ברענטש ווערט אויך פאַראייביקט ווערן דאָס לעבן פון דעם שטעטל קרושנעוויץ, באַגריס איך אין נאָמען פון אונז פיר ברידער אַשס, די טוער און פירער פון ברענטש, פאַר זייער אַרבעט, מי און צייט, וועלכע זיי גיבן אַוועק לטובת דעם ברענטש, און פאַר דער וויכטיקער אַרבעט, וועלכע זיי האָבן אונטערגענומען אַרויסצוגעבן אַזאַ יובל־בוך, וואָס וועט פאַרבלייבן אַלס אַ היסטאָרישער דאָקומענט אין וועלכן אויך דאָס שטעטל קרושנעוויץ וועט דאָרט זיין ווי געהעריק פאַרטראָטן.

זאָל אייער אַרבעט געקרוינט זיין מיטן גרעסטן דערפאָלג.

מ. ד. אַלטער

# וולאָצלאַוועק אין דער צייט פון צאַריזם, ביז דעם יאָר 1920

(דערינערונגען)

## דער באַשטאַנד פון דער באַפעלקערונג

וולאָצלאַוועק, די גרעסטע שטאָט פון וואַרשעווער גובערניע, האָט פאַרמאָגט אַ באַפעלקערונג פון אַרום 80 טויזנט נפשות. דערפון 15 טויזנט יידן.

די שטאָט איז געווען פאַרבונדן מיט אַן אייזנבאַן, און אויף דער ווייסל מיט שיפן, (סטאַטקעס), האָט פאַרמאָגט אַ גרויסע צאָל פאַבריקן, אַ פאַפיר־פאַבריק „צעלולויזאַ" מיט העכער אַכט הונדערט אַרבעטער, פאָרצעלאַן, מעטאַל, צעקאָריע, גלאָז און פאַרשיידענע אַנדערע פאַבריקן, די אַרבעטער־באַפעלקערונג איז באַשטאַנען פון העכער 20 טויזנט.

די יידישע באַפעלקערונג, כאָטש זי איז געווען אַ קליינער פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג, האָט זי אָבער פאַרנומען אַ זייער אָנגעזען אָרט אין האַנדל און אין פאַבריקאַציע.

זייער ווייניק יידן האָבן געאַרבעט אין די גרויסע פאַבריקן.

יידישע אַרבעטער זיינען באַשטאַנען פון שניידער, קאַמאַשן־שטעפּער, טישלער, גלעזער, היטל־מאַכער, בעקער, פריזירער און פאַרשיידענע אַנדערע קלענערע פאַכן.

אַזוי ווי די שטאָט איז געאָגראַפיש געלעגן נאָענט פון דער דייטשער גרענעץ, אינגאַנצן צוויי באַן־סטאַנציעס, איז די יידישע שפּראַך וואָס די באַפעלקערונג האָט גערעדט געווען אַ ווייכע און געמישט מיט דייטשע ווערטער, די שטאָט איז געווען זייער ריין און ציכטיק, און אין אָנהויב פון דעם ניינצנטן יאָרהונדערט, האָט די כלומרשטדיקע יידישע אינטע־

ליגענץ זיך פשוט געשעמט צו ריידן יידיש, און ספּעציעל אין דעו גאַס, האָט מען נאָר גערעדט פּויליש.

ערשט אין די שפּעטערדיקע יאָרן ווען ס׳איז אַנטשטאַנען די סאָ־ציאַליסטישע אַרבעטער־באַוועגונג דער „בונד״, וועלכער האָט אָנגעפירט אַ שטאַרקע באַוועגונג נישט צו שעמען זיך מיט דער יידישער שפּראַך. האָט מען שוין געהערט ריידן יידיש אין דער גאַס.

בכלל האָט מען געהאַלטן די שטאָט פאַר אַ „פאַרפּוילישטע״ און נישט קיין פרומע. און אַזוי ווי יעדער שטאָט און שטעטל אין פּוילן האָט געהאַט אַ צונאָמען, האָט מען די וולאָצלאַוועקער יידן גערופן „וולאָצ־לאַוועקער משומדים״.

ווי אין אַלע אַנדערע שטעט אין פּוילן איז אויך אין וולאָצלאַוועק געווען אַ געזעלשאַפטלעך לעבן צווישן די רעליגיעזע און בירגערלעכע עלעמענטן.

די חסידים האָבן געהאַט דעם קאָנטראָל אויף די חדרים, און געזען ס׳זאָל גוט אָפּגעהיט ווערן די רעליגיעזע דערציאונג פון די קינדער. זיי האָבן זיך געהאַלטן אין טומלען און נישט מסכים געווען מיט דעם וולאָצלאַוועקער רב, לייב קאָוואַלסקי, וועלכן זיי האָבן געהאַלטן פאַר אַן אַפּיקורס. דער רב, לייב קאָוואַלסקי, איז געווען איינער פון דער גרופּע פּראָגרעסיווע רבנים וועלכע האָבן זיך געפונען אין פּוילן. ער איז געווען איינער פון די הויפּט־פירער פון דער „מזרחי״, די רעליגיעזע ציוניסטן.

די בירגערלעך־ציוניסטישע באַוועגונג איז באַשטאַנען פון די מער פאַרמעגלעכע מענטשן, און אויך פון מיטל־קלאַס. זיי האָבן געהאַט אַ ביב־ליאָטעק און לייען־זאַל, וועלכע איז געווען באַוואוסט אַלס ציוניסטישע ביבליאָטעק, און אַרום דער אינסטיטוציע האָט זיך גרופּירט זייער גאַנצע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט. זיי האָבן אויך געהאַט, אַ גרויסע צאָל יוגנט, וועלכע איז געווען מער אַסימילירט. יידיש האָבן זיי נישט געוואָלט ריידן, העברעאיש האָט מען נישט געקענט, איז זייער אומגאַנגס־שפּראַך געווען פּויליש.

ס׳איז געווען אַ געוויסע צייט, ווען די בונדישע גרופּע האָט באַשלאָסן,

כדי צו קענען פירן אַ ביסל קולטור־אַרבעט, צו פאַראייניקן די אומלעגאַלע ביבליאָטעק פון די בונדיסטן מיט דער ציוניסטישער ביבליאָטעק.

דער שידוך האָט אָבער לאַנג נישט אָנגעהאַלטן, צוליב די דיסקוסיעס וועגן ציוניזם און פאַרשיידענע אַנדערע פּאָליטישע שטעלונגען, און די ביבליאָטעקן זיינען ווידער געוואָרן באַזונדער.

אונטערן איינפלוס פון די ציוניסטן איז אויך געגרינדעט געוואָרן אַ יידישע באַנק, אַ ליי־קאַסע, וואו קליינע סוחרים און האַנטווערקער האָבן געקענט קריגן קליינע הלוואות.

די ציוניסטישע יוגנט האָט אויך געהאַט אַ טורן־פאַראיין אונטערן נאָמען „מכבי" מיט אַן אייגענע געביידע.

אָט אַזוי האָט זיך דאָס יידישע בירגערלעכע לעבן געפירט ביז דער אַנטשטייאונג פון דער יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין שטאָט.

## דער אָנהויב פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג

די שטאָט האָט אויך געהאַט אַ שם מיט איר רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, שוין אין יאָר 1902 איז פאָרגעקומען דער ערשטער דורכפאַל. אין אַ וואוינונג פון אַ שניידערין, איז פאָרגעקומען אַ געהיימע פאַרזאַמלונג פון אַ גרופּע בונדיסטן. די פּאָליציי האָט זיך דערוואוסט פון דעם און די שניידערין מיט איר מאַן זיינען אַרעסטירט געוואָרן. די איבעריקע איז געלונגען באַצייטנס צו אַנטלויפן. דער דורכפאַל האָט געמאַכט אַ רושם אין שטאָט, יידן האָבן אין דער גאַס, אין די בתי מדרשים און שטיבלעך, געזידלט די „יונגען" „וואָס ווילן אַראָפּוואַרפן דעם רוסישן קיסר", „אַלע אומגליקן וועלן זיי ברענגען"... מ'האָט זיך שפּעטער דערוואוסט אַז ביים פּראָצעס האָבן די אַרעסטירטע זיך זייער שטאָלץ געהאַלטן, און זיי זיינען פאַרמשפּט געוואָרן אויף פאַרשיקונג אין טיף רוסלאַנד. דער דורכפאַל איז פאַקטיש געווען אַ גוטע פּראָפּאַגאַנדע פאַר די יידישע אַרבעטער צום אָרגאַניזירן זיך.

ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאַמף פון די רייכע, קלעריקאַלע און סתם אָפּגעשטאַנענע עלעמענטן, קעגן די יידישע אַרבעטער, מ'האָט געסטראַ־

שעט מיט מסרן צו דער פּאָליציי. אָבער די בונדישע גרופּע וו'אָס איז פּאַקטיש געווען די ערשטע ביים אָנהויב פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין שטאָט, איז נישט קוקנדיק אויף די אַלע שטערונגען און גע־פאַרן, וואָס אַמאָל גרעסער געוואָרן.

## די ערשטע מאַניפעסטאַציע

די ערשטע מאַניפעסטאַציע איז פאָרגעקומען ביי פאָלגנדיקע אומ־שטענדן.

אין יאָר 1904 איז אַ רייכער יידישער סוחר פון אָדעס געקומען צו פאָרן, אָנצוקניפּן געוויסע האַנדלס־באַציאונגען, אָבער אַזוי ווי ס'איז געווען ביינאַכט ווען די באַן איז אָנגעקומען אויפן וואָקזאַל איז ער אַריינ־געגאַרט געוואָרן אין דעם פּלאַץ וואו ס'ווערט געהאַלטן דער „באַגאַזש“ און דאָרט פון עטלעכע סטראַזשניקעס און באַן־אָנגעשטעלטע, צוליב אַנ־טיסעמיטיזם און אויך צוליב געלט, דערמאָרדעט געוואָרן. די ידיעה האָט זיך באַלד פאַרשפּרייט איבער דער שטאָט, ס'האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע אויפרעגונג צווישן דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג. ס'זיינען אַרויסגערופן געוואָרן די קרובים פון אָדעס פון דעם געהרגעטן ייד. ס'איז געקומען די פרוי און צוויי קינדער. די יידישע קהילה, אָדער גמינע האָט איינגעאָרדנט די לוויה. פון זיך אַליין, נישט אָרגאַניזירטערהייט, זיינען אויף אַ האַלבן טאָג אַלע יידישע געשעפטן פאַרמאַכט געוואָרן, די אַרבעט פון אַלע יידישע פאַבריקן און וואַרשטאַטן איז אָפּגעשטעלט גע־וואָרן און כמעט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג האָט זיך באַטייליקט אין דער לוויה. ווען דער צוג איז שוין געווען אונטער דער שטאָט, אויפן וועג צום בית־עולם, איז אויף די אַקסלען פון עטלעכע יידישע אַרבעטער אויפגעהויבן געוואָרן אַ מאַן, דעם הוט אַראָפּגערוקט אויפן פּנים מ'זאָל אים נישט דערקענען און געהאַלטן אַ רעוואָלוציאָנערע רעדע קעגן צאַריזם און די בלוטיקע מערדער. באַלד האָט זיך אויך באַוויזן אַ רויטע פאָן, יידן האָבן אָנגעהויבן מורא צו קריגן. אַ סך זיינען אַרויס פון די רייען, פּאָליציי וועלכע האָט באַגלייט דעם צוג, האָט זיך אַריינגעריסן צווישן עולם

געוואָלט ארעסטירן דעם רעדנער. ס'איז זיי אָבער נישט געלונגען. ער איז אײַסגעהיטן געוואָרן פֿון די מאסן. אויפֿן בית־עולם נאָכן פֿאַרשיטן דעם קבר איז נאָך אויך געהאַלטן געוואָרן אַ רעוואָלוציאָנערע רעדע. ס'זײַנען שפּעטער פֿאָרגעקומען עטלעכע אַרעסטן, אָבער די אָרטיקע נאַטשאַלסטווע האָט זיך עפּעס אַליין געשעמט, סיי מיטן מאָרד, סיי מיט איר דורכפֿאַל ביי דער מאַניפֿעסטאַציע. און נישט וועלנדיק נאָך מער אויפֿרייצן די יידישע באַפֿעלקערונג, זײַנען די אַרעסטירטע נאָך עטלעכע טעג זיצן, אָן אַ פּראָצעס באַפֿרייט געוואָרן.

די געשעעניש האָט געגעבן אַ סך פּרעסטיזש די יידישע אַרבעטער, אין דער פּשוטער עולם, האָט אָנגעהויבן צו קוקן מיט אַנדערע אויגן אויף די „יונגען" און געזאָגט אַז זיי זײַנען די איינציקע וואָס האָבן נישט מורא. זיי האָבן אָפֿן פּראָטעסטירט קעגן דעם באַגאַנגענעם יידישן מאָרד.

## שמואל לאַנדאַו

צוליב די רעפּרעסיעס פֿון דער רוסיש־צאַרישער מאַכט, האָבן מיר אין דער עפֿנטלעכקייט פֿיגורירט אַלס די „יידישיסטישע" גרופּע. מיר האָבן אָנגעפֿירט אַ גרויסע פּראָפּאַגאַנדע פֿאַר דער יידישער שפּראַך און קולטור. דער הויפּט־קאַמף איז געפֿירט געוואָרן קעגן די ציוניסטן, וועלכע האָבן יידיש געהאַלטן פֿאַר „זשאַרגאָן" און „דינסט־מויד שפּראַך". זייער אָפּט האָט עס פֿאַרשאַפֿט בייז בלוט און מען איז פּשוט געוואָרן פֿערזענלעכע שונאים.

יוען קאַמינסקיס דראַמאַטישע טרופּע האָט געשפּילט אין וואַרשע. האָבן מיר זיך באַמיט, אַז זי זאָל אויך קומען קיין וואָלאָזשין און געבן עטלעכע פֿאָרשטעלונגען. מיר האָבן געוואוסט, אַז שמואל לאַנדאַו, אונזערס אַ בן־עיר, איז איינער פֿון די הויפּט־אַרטיסטן פֿון קאַמינסקיס טרופּע. אין נאָמען פֿון דער גרופּע „יידישיסטן" האָבן מיר געשריבן אַ בריוו צו לאַנדאַו וועגן אונזער פֿאַרלאַנג, אַז די טרופּע זאָל קומען קיין וואָלאָזשין. ס'איז אונז טאַקע געלונגען אַריבערצובריינגען די טרופּע.

דאָס ערשטע צוזאַמענטרעפֿן זיך מיט לאַנדאַו איז געווען אונטער

די קוליסן פון טעאַטער צווישן דעם ערשטן און צווייטן אַקט פון „מירעלע אפרת״. צוזאַמען מיט זיינס אַ שוועסטער, אַן אינטעליגענט מיידל, אַ לע־רערין, האָבן מיר, אַ דעלעגאַציע פון פינף בונדיסטן, אין נאָמען פון דער „יידישיסטישער״ גרופּע, אויסגעדריקט אַ דאַנק צו אים און צו דער גאַנצער טרופּע, וואָס האָבן אונזער פאַרלאַנג דערפילט און זיינען געקומען אין אונ־זער שטאָט. מיר האָבן זיך באַמיט, אַז דער פינאַנציעלער דערפאָלג זאָל זיין אַ גרויסער, און דאָס האָט זיך אונז איינגעגעבן. אויך דער מאָראַלישער דערפאָלג איז געווען אַ גרויסער. דעם גוטן איינדרוק, וואָס דאָס טעאַטער האָט איבערגעלאָזט אין שטאָט, האָבן מיר באַטראַכט ווי אַ ניצחון פאַר דער יידישער שפּראַך און קולטור און פאַר אונז „יידישיסטן״, וואָס האָט פּאַקטיש געמיינט די בונדישע גרופּע.

לאַנדאו האָט זיך מיט אונז זייער דערפרייט און אויסגעדרוקט גרויס צופרידנהייט, וואָס אין זיין געבוירן־שטאָט, אין דעם פאַרפוילישטן וולאָצ־לאַוועק, ווערט פון יידישע אַרבעטער אָנגעפירט אַ באַוועגונג פאַר דער יידישער שפּראַך און קולטור. ביים געזעגענען זיך האָט ער געזאָגט: „איך ווייס וואָס דער נאָמען „יידישיסטן״ באַטייט, און איך בין זייער נאָ־ענט מיט אייך״.

שמואל לאַנדאו האָט זיך גערעכנט פאַר איינעם פון די בעסטע אַר־טיסטן אויף דער יידישער בינע. ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין טאַלאַנט און טעאַטער־קולטור. במשך פון לאַנגע יאָרן האָט ער געהערט צו דער קאַמינסקי־טרופּע און געשפּילט צוזאַמען מיט דער „מאַמע פון יידישן טעאַטער״ אסתר רחל קאַמינסקי. ער האָט זיך באַצויגן מיט ערנסט צו זיינע ראָלן און דער יידישער טעאַטער עולם האָט געוואוסט, אַז ער האָט פאַר זיך אַ וויכטיקן אַקטיאָר.

שמואל לאַנדאו האָט זיין טעאַטראַלע עובדה געטאָן ממש ביז זיין לעצטן אָטעם־צוג. דעם 7־טן דעצעמבער, 1940, איז דער 70־יעריקער לאַנדאַו גע־שטאַנען אויף דער סצענע אין ביאַלאָסטאָקער טעאַטער און געשפּילט זיין ראָל אין שעקספּירס „שטורעם״. ביים סוף פון ערשטן אַקט האָט ער באַקומען אַ האַרץ־אַטאַקע און איז באַלד געשטאָרבן.

## פּראָפּעסיאָנעלע פאַראיינען און סטרייקס

אין דעם זעלבן יאָר פון 1904 איז פאָרגעקומען דער ערשטער עקאָנאָמישער סטרייק פון קאַמאַשן־שטעפּער.

די הויפּט־פאָדערונג איז געווען אַ 10־שעהדיקער אַרבעטס־טאָג.

אין דער זעלבער צייט איז אויך געגרינדעט געוואָרן אַן אומלעגאַ־לער פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין. נאָך עטלעכע טעג סטרייקן, איז דער סטרייק געוואונען געוואָרן.

אַחוץ דעם 10־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג: אָנערקענונג פון פאַראיין, העכערונג פון שכירות, און אויך באַקומען באַצאָלט פאַר דער צייט פון סטרייק.

דער געוואונענער סטרייק האָט שוין אויך געגעבן אַ שטויס די שניידער־אַרבעטער, און אויך אַנדערע קלענערע פאַכן, זיך צו אָרגאַני־זירן.

עס איז געגרינדעט געוואָרן אַ צענטראַל־ביוראָ פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען וועלכער איז געווען גוט אָרגאַניזירט, און די לאַגע פון די אַרבעטער, סיי אויפן עקאָנאָמישן געביט, סיי אויפן געביט פון מענטשלע־כערע באַציאונגען, פון „מייסטער“ צום אַרבעטער איז זייער אַ סך פאַר־בעסערט געוואָרן.

## אָקטאָבער־טעג פון יאָר 1905

ווען ס'איז אָנגעקומען דאָס יאָר 1905 האָט דער „בונד“ שוין געהאַט אַ גוט אָרגאַניזירטע פּאַרטיי.

די פאַרשיידענע ציוניסטישע אַרבעטער־גרופּן האָבן זיך ערשט גע־האַלטן אין אָרגאַניזירן. אויך אויף דער פּוילישער אַרבעטער־גאַס איז פאָרגעקומען אַן אויפלעבונג. די אַרבעט פון די יידישע אַרבעטער, האָט אויך געהאַט אַן אָפּקלאַנג אויף דער פּוילישער אַרבעטער־גאַס. די „פּוי־לישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי“ פּ. פּ. ס., האָט אָנגעהויבן אָרגאַניזירן די פאַבריק־אַרבעטער, דאָרט איז דער ווידערשטאַנד פון די גרויסע אונטער־

נעמער געווען אַ סך שטאַרקער. ס׳זיינען פאָרגעקומען קאַמפן מיט דער פּאָליציי און אַרעסטן, ס׳האָט אָבער נישט אָפּגעהאַלטן די רעוואָלוציאָ־נערע שטימונג און טויזנטער פוילישע אַרבעטער פון די פאַבריקן זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן. די פּ. פּ. ס. איז אויף דער פוילישער אַרבעטער־גאַס געווען די איינציקע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי.

דער „בונד" האָט געהאַט געמיינזאַמע באַציאונגען מיט דער פּ. פּ. ס. און אויף די אומלעגאַלע פאַרזאַמלונגען פון פּ. פּ. ס. זיינען אויך פאָרשטייער פון „בונד" אַרויסגעטראָטן, און ביים „בונד" — פאָרשטייער פון פּ. פּ. ס.

ווען ס׳איז אָנגעקומען דער חודש אָקטאָבער 1905 און די צאַרישע רעגירונג איז געצוואונגען געווען אַרויסצוגעבן דעם באַרימטן מאַניפעסט, מיט אַ „קאָנסטיטוציע", האָט מען שוין אין סעפּטעמבער געקענט זען אויף אַ טעלעגראַף־סלופּ, אָדער אויף אַן אַנדערן הויכן מויער אַ רויטע פאָן, וועלכע פּאָליציי האָט באַלד אַרונטערגעריסן, אָבער טויזנטער מענטשן האָבן די פאָן געזען, מ׳האָט אָפט אויף די אָרגאַניזירטע „בירזשעס", סיי פון „בונד", סיי פון פּ. פּ. ס. געהערט אויסרופן קעגן דער צאַרישער אָר־דענונג.

## ישראל ליכטענשטיין

ווען דער „מאַניפעסט" איז דעם 15־טן אָקטאָבער געגעבן געוואָרן, איז גראָד דעמאָלט פאָרגעקומען דער „פּריזיוו" צום מיליטער. ישראל ליכטענשטיין, דער שפּעטערדיקער פירער פון „בונד", הויפּטזעכלעך פון לאָדזש, איז געבוירן געוואָרן אין וולאָצלאַוועק, זיין פאָטער יעקב, אָדער ווי מ׳האָט אים אין דער שטאָט גערופן יאָקיוו ליכטענשטיין איז געווען אַ מלמד, ער איז אויך געווען מיין רבי און אַחוץ דעם לערנען דאָרט, בין איך אָפט געווען אין דעם הויז, און נאָענט געקענט ישראלן און אויך די קינדער פון פאָטערס צווייטער ווייב, אַ גרויסע אָרעמקייט האָט געהערשט אין דעם הויז, די „שטיף־מאַמע" ישראלס, איז נישט געווען קיין שלעכטע אָבער די נויט און דאָס נישט האָבן אָפט אויף קיין מיטאָג פאַר דער שטוב מיט קינדער האָט זי געמאַכט נערוועז און אויסגעלאָזט דעם כעס מער, צו די קינדער, פון ערשטן ווייב...

ווען ישׂראל האָט טיילמאָל אַהיים געבראַכט אַ ברויט פון דער בעקעריי וואו ער האָט געאַרבעט אַלס לערן־יינגל, איז עס אין אַ מינוט אַרום צע־כאַפּט געוואָרן.

איך האָב אים אָפּטמאָל פריער געזען איינגעשמירט דאָס פּנים ווען ער האָט זיך געלערנט צו זיין אַ „מעשן־גיסער".

כאָטש ער איז געווען מיט אַ פינף־יאָר עלטער פון מיר, האָבן מיר זיך אָבער נאָענט פאַרהאַלטן, ער איז אויך געווען אַן אָפטער איינגייער אין אונזער הויז, זיך געחברט מיט מיינעם אַן עלטערן ברודער. ער האָט אָפט געזאָגט צו מיין מוטער אַז ער וועט מוזן אַנטלויפן פון דער שטאָט, ווייל דאָ וועט גאָרנישט ווערן פון אים.

ווען ער איז אַוועק פון דער שטאָט האָט ער גאַנץ זעלטן געשריבן אַ בריוו, מיר האָבן אָבער געוואוסט אַז ער איז אין וואַרשע, און אַז ער איז אַ בונדיסט און אויך אַ גוטער רעדנער.

אין דעם יאָר 1905 האָט ער געמוזט קומען נאָך וולאָצלאַוועק, זיך צוצושטעלן צום „פריזיוו".

ער האָט זיך פריער „צוגעשטעלט" צו דער פּאַרטיי, און ערב דעם „מאַניפעסט" שוין געהאַט אַ פאַרזאַמלונג אין דער גאַס וואו עס איז געווען פאַרזאַמלט פוילישע און יידישע אַרבעטער.

דעם טאָג ווען ער האָט געדאַרפט זיך צושטעלן צו דער „פּריסוסטוויע" (מעדיצינישער אונטערזוכונג) האָבן שוין אין דער גאַס פאַר דעם מאַגי־סטראַט, געוואַרט טויזנטער פוילישע און יידישע אַרבעטער.

ווי ס'האָט זיך געפירט ביי דער צאַרישער קאָמיסיע, האָט מען יעדן „רעקרוט" געהאַלטן פאַר אַ צוקונפטיקן סאָלדאַט, און אים „געדוצט", ליכטענשטיין האָט זיי אָבער שטרענג געזאָגט „איך בעט מיך נישט צו דוצן" (פּראָשען ניע טיקאַטש), „איך וועל אייך אויף קיין פראַגע נישט ענטפערן, אויב איר וועט צו מיר נישט ריידן מענטשלעך."

ער האָט גערעדט צו דער „קאָמיסיע" פון די נאַטשאַלניקעס און רו־סישע דאָקטוירים, אַזוי הויך, אַז מ'האָט עס געהערט אין דער אַנדערער שטוב. צוליב זיין קורצזיכטיקייט פון די אויגן, איז ער באַפרייט געוואָרן, ער איז באַלד אַרויף אויפן באַלקאָן פון מאַגיסטראַט, אויפן ערשטן שטאָק,

און פון דאָרט געהאַלטן אַ רעדע אויף פויליש, צו דעם טויזנטער קעפּיקן עולם, וועלכער איז געווען פאַרזאַמלט אין גאַס. קעגן צאַריזם, קעגן דער נעבעכדיקער „קאָנסטיטוציע״, קעגן די אַלע עוולות וואָס די רוסישע זעלבסטהערשנדיקע מאַכט באַגייט. פאַר אמתער פרייהייט און סאָציאַליזם. ווען ער איז אַרונטער פון באַלקאָן, האָט די מאַסע אים אויפגעכאַפּט און טראָגנדיק אויף די אַקסלען אים געפירט אַ סך גאַסן, ביז צום גרינעם מאַרק. זיצנדיק אין דער הויף האָט ער געהאַלטן אין איין ריידן, רויטע פענער זיינען געווען אין די צענדליקער, און ערשט אויפן גרינעם מאַרק איז געווען אַ כוואַליע פון מענטשן, דאָרט איז שוין פאָרגעקומען אַ גרויסער געמיינזאַמער מאַסן־מיטינג פון פּ. פּ. ס. און „בונד״.

ווען די מאַסע מיט ליכטנשטיינען האָט זיך דערנענטערט צום מאַרק, איז ער איבער די קעפּ פון דער וויגנדיקער מאַסע צוגעטראָגן געוואָרן ביז צו דער רעדנער־בינע, די פּ. פּ. ס.ישע פירער האָבן זיך מיט אים צעקושט, און דאָ האָט ער ערשט מיט זיין קלינגעדיקער שטים אויפגעשטורעמט די מאַסע, ער האָט גערעדט אויף פויליש און אויף יידיש. דער איינדרוק איז געווען גוואַלדיק גרויס.

## רעפּרעסיעס און אַרעסטן

נישט לאַנג האָט די פרייהייט אָנגעהאַלטן, די הערשנדיקע צאַרישע מאַכט האָט אָנגעהויבן צוריק צו קומען צו זיך. אַרעסטן און שיסערייען זיינען פאָרגעקומען. אַלע פרייהייטן זיינען אייניקוייז צוריקגעצויגן געוואָרן. די רעאַקציע האָט צוריק אויפגעלעבט, און אויף דער יידישער גאַס, האָט די גאַנצע כלי קודש צוגעהאָלפן די צאַרישע משרתים אונטערצודריקן די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג.

אַ גרויסער טייל פון די פירער וועלכע זיינען באַשטאַנען פון דער אינטעליגענץ זיינען געווען די ערשטע וואָס זיינען אַוועק פון דער באַוועגונג, טייל אין אויסלאַנד, אָדער אין אַנדערע שטעט אין פּוילן.

די פּ. פּ. ס. האָט פיל געליטן, צוליב אינערלעכן שפּיאָנאַזש און פאַררעטער, וועלכע האָבן אַרויסגעגעבן די פירער אין די אַקטיווע אַרבעטער־טוער.

עטלעכע פּראָוואָקאַטאָרס זיינען דורך זיי דערשאָסן געוואָרן, נאָר אַ קליינע גרופּע, זייער קאָנספּיראַטיוו, איז געבליבן אויף אַ קורצער צייט. סוף 1906 איז שוין אַפילו די קליינע גרופּע אויך נישט געווען.

די בונדישע אָרגאַניזאַציע האָט זיך אַ ביסל לענגער געהאַלטן. ווייל קיין שפּיאָנאַזש איז נישט געווען, קיינער פון די פירער איז נישט פאַר־בליבן. אָפיציעל איז די אָרגאַניזאַציע פון זיך אַליין ליקווידירט געוואָרן. אָבער פאַקטיש האָט אַ גרופּע אַלע מאָל עקזיסטירט.

## די ערשטע אומלעגאַלע ביבליאָטעק

סוף 1906 איז דורך צוויי יונגע אַרבעטער, וועלכע זיינען אַריין אין „בונד" ערשט אין יאָר 1905, באַשלאָסן נישט אויפצוגעבן די פּאַרטיי. דאָס איז געווען דער חבר קלמן זשעליאַנקא און מיין ווייניקייט. (דער חבר קלמן זשעליאָנקאַ איז אומגעקומען צוזאַמען מיט די זעקס מיליאָן יידן פון די דייטשישע נאַציס, ער איז פאַרשיקט געוואָרן קיין זאַמאָשטש און דאָרט אומגעבראַכט געוואָרן).

מיר האָבן באַשלאָסן צו גרינדן אַן אומלעגאַלע יידישע ביבליאָטעק, אַרויסגעבנדיק ביכער צום לייענען, כדי מען זאָל קענען זיין אין קאָנטאַקט מיט די אַרבעטער און אַ טייל פון זיי אַריינציען אין דער אַרבעט פון דער אָרגאַניזאַציע. עס איז געווען אַ שווערער פּראָבלעם צו קריגן אַ וואוינונג וואו מען זאָל קענען האַלטן די ביכער.

מיר האָבן געפונען אַן אַלטן בחור. זייער אַ קאַרגער. ער האָט געהאַט אַ וואוינונג פון דריי צימערן, און מיר האָבן ביי אים באַקומען אַ צימער, דערפאַר האָבן מיר אים באַצאָלט פאַר דער גאַנצער וואוינונג דירה־געלט.

די ביכער פלעגן מיר האַלטן אונטער די פּאָלעס און אין גאַס זיך טרעפן מיט די אַרבעטער, טוישן, און צוריקבריינגען די געטוישטע ביכער.

מיר האָבן זיך אָבער נישט געוואָלט באַנוגענען נאָר מיטן טוישן די ביכער, און האָבן באַשלאָסן איין מאָל אין דער וואָך, אין אַ שבת, זאָל מען אָנהויבן זיך צוזאַמענצוקומען.

נאָר געקליבענע לייענער האָט מען געקענט רופן. און עס האָט לאַנג נישט געדויערט און די גרופּע איז שוין באַשטאַנען פון דרייסיק מענטשן. מיר האָבן פאַר זיי געלייענט אַרטיקלען פון דער „פאָלקס־ציייטונג" וועלכע איז דערשינען אין ווילנע, און געהאַט דיסקוסיעס איבער פאַרשיידענע פּאָליטישע פראַגן.

דער אַלטער בחור ביי וועמען מיר האָבן „געוואוינט", האָט אָנגעהויבן מורא צו קריגן ווען ער האָט געזען אַז אַזוי פיל מענטשן קומען זיך צו־זאַמען, און האָט אָפן געזאָגט, אַז אויב די פּאָליציי וועט געוואָר ווערן, אַז עס קומען דאָ פאַר פאַרזאַמלונגען קען מען אים, און אונז אַלע אַרעסטירן, און ער וועט דערוויייל פאַרלירן דאָס דירה־געלט.

האָט מען אים געגעבן נאָך עטלעכע רובל, און ווען מיר זיינען זיך צוזאַמענגעקומען איז ער אַליין געשטאַנען אין דער גאַס אויף דער „וואַך" און אונז געהיט, אַז עס זאָל קיין דורכפאַל נישט זיין.

אין יאָר 1908 האָבן מיר געפונען אַ שילדן־מאַלער און מיר האָבן געפּועלט ביי אים, אַז ער זאָל אָנגעבן אַ בקשה וועגן אַ דערלויבעניש פאַר אַ ביבליאָטעק אויף זיין נאָמען.

אַחוץ די שילדן, וואָס ער האָט געמאָלן, האָט ער אויך געהאַט בילדער צום פאַרקויפן און עס האָט גראָד אַריינגעפּאַסט ער זאָל האָבן אויך אַ ביבליאָטעק.

אין אַ קורצע צייט איז די ביבליאָטעק שטאַרק אויסגעוואַקסן און מיר זיינען געווען אין קאָנטאַקט מיט העכער הונדערט מענטשן, וועלכע זיינען אָפיציעל געווען אַבאָנענטן פון דער ביבליאָטעק, אָבער נישט אָפיציעל געטאָן בונדישע אַרבעט.

## פאַרבינדונגען מיטן אויסלענדישן קאָמיטעט פון „בונד"

אין יאָר 1909 האָט זיך אונז איינגעגעבן דורך אַ צופאַל איינצושטעלן אַ פאַרבינדונג מיטן אויסלענדישן קאָמיטעט פון „בונד".

די קאָרעספּאָנדענץ האָבן מיר געפירט מיט אַ חבר אין ניצאַ, פראַנקרייך. מיר האָבן אויך געקראָגן אין בריוו נומערן פון דעם אומלע־

גאַלן אָרגאַן, „די שטימע פון בונד" און דעם רוסישן אָרגאַן „אָטקליקי בונדאַ", וועלכער האָט זיך געדרוקט אויף ביבל־פּאַפּיר.

מיר האָבן שפּעטער אויך אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן, אַז גאַנצע פּעקלעך פון די „אָטקליקי בונדאַ" זאָלן קומען נאָך טוירן (דעמאָלט געהערט צו דייטשלאַנד), און פון דאָרט דורך אַ יידישן שמוגלער איבערגעשמוגלט צו אונז. און מיר האָבן באַקומען אַדרעסן אויף איבערצופּאַקן עס אין קלענערע פּעקלעך און עס שיקן אין אָדעס, מינסק, קיעוו, און לאָדזש. עטלעכע מאָל איז עס דורכגעגאַנגען, ביז דער שמוגלער איז אַמאָל דורכגעפאַלן און אַרויס־געגעבן פאַר וועמען ער האָט עס געבראַכט, און אין יאָר 1910 בין איך דעריבער אַרעסטירט געוואָרן.

עס איז ווערט צו דערמאָנען אַז וואָצלאַוועק איז כמעט געווען איינע פון די שטעט, וואָס האָט אין דער גרעסטער צייט פון דער רעאַקציע, נישט אויפגעגעבן די פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע, אַמאָל אין אַ קלענערער אָדער גרעסערער גרופּע, אָבער אַלע מאָל אָפּגעהיט אַז דאָס הייליקע פייערל זאָל נישט פאַרלאָשן ווערן.

## ערשטע וועלט-מלחמה

עס איז אָנגעקומען דאָס יאָר 1914 אין חודש אויגוסט, די ערשטע וועלט־מלחמה איז אויסגעבראָכן.

אין דער שטאָט איז אַלע מאָל געווען אַ סך רוסיש מיליטער, הויפּט־זעכלעך קאַוואַלעריע, אַרטילעריע, און קאָזאַקן.

נישט איין מאָל האָבן מיר געהאַט גענוג צרות פון זיי, ווען זיי זיינען געשיקט געוואָרן צו צעטרייבן די „בירזשעס" וועלכע זיינען עטלעכע מאָל אין דער וואָך פאָרגעקומען, און מיט די פערד האָבן זיי זיך געלאָזט אויף די מענטשן און מיט די קאַזאַצקע נאַגייקעס, געשלאָגן רעכטס און לינקס.

אָבער, ווען די מלחמה איז דערקלערט געוואָרן, און אַזוי ווי די שטאָט איז נישט געווען קיין סטראַטעגישער פּונקט, האָט דער רוסישער גענעראַל־שטאַב באַשטימט אַז דאָס גאַנצע מיליטער זאָל אַריבער די ווייסל, אויפן רעכטן זייט.

צוויי טעג שפּעטער, אין אַ זונטיק פֿאַרטאָג, האָבן זיך שוין געהערט דאָס אויפֿרייסן פֿון די קאַזאַרמעס, די גאַנצע באַפֿעלקערונג איז געווען אין גאַס, און מיר האָבן פּשוט רחמנות געהאַט צו זען די פֿאַרלאָרנקייט פֿון די מיליטערישע פֿירער.

מיט טרערן אין די אויגן האָבן זיי זיך געזעגנט מיט דער באַפֿעלקע־רונג, און ווען דער לעצטער סאָלדאַט איז אַריבער די ווייסל־בריק, איז די בריק באַלד אויפֿגעריסן געוואָרן.

די אָרדענונג פֿון דער שטאָט איז באַלד איבערגענומען געוואָרן פֿון דער שטאָטישער ציווילער מיליץ, וועלכע איז מיט דער הילף פֿון די רוסישע שטאָט־באַאַמטע אָרגאַניזירט געוואָרן, און עס איז נישט געווען קיינע אַנטיסעמיטישע אויסברוכן, די פּאָליאַקן זיינען געווען אַרומגענומען מיט אַ מורא פֿאַר די דייטשן. זיי האָבן די דייטשן געהאַלטן פֿאַר „פֿריינד" פֿון די יידן.

מען האָט זיך אין יענעם מאָמענט גאָר נישט געקענט פֿאָרשטעלן די צרות און פּיין וואָס די מלחמה קען ברענגען.

אַזוי ווי די רוסישע רעאַקציע און אונטערדריקונג איז געווען זייער גרויס, האָט מען זיך פֿאָרגעשטעלט, אַז ווען די דייטשן וועלן אָקופּירן דאָס לאַנד וועט מען אויך געניסן פֿון די דייטשע קאָנסטיטוציאָנעלע רעכט און פֿרייהייטן.

און באַלד מיט אַ טאָג שפּעטער ווען די דייטשע פֿאָרפּאָסטנס זיינען אַריין אין שטאָט זיינען זיי אויפֿגענומען געוואָרן מיט פֿרייד אַלס די „באַ־פֿרייער" פֿון דער באַפֿעלקערונג.

(צי האָט זיך אַ מענטש דעמאָלט געקענט פֿאָרשטעלן, אַז מיט אַ 35 יאָר שפּעטער וועט ווידער זיין אַ נאָך גרעסערע און שרעקלעכע וועלט־מלחמה, און די זעלבע דייטשן וועלן אויף אַזאַ אַכזריותדיקן אופֿן אויסמאָרדן איבער זעקס מיליאָן יידן). דערווייל האָט געהערשט אַ כאַאָס אין שטאָט, עס איז נאָך קיין אָפֿיציעלע שטאָטישע רעגירונג נישט געווען צוזאַ־מענגעשטעלט.

## קולטור-געזעלשאַפט „צוקונפט"

די דייטשישע אַרמייען האָבן אָנגעהויבן אַריינצודרינגען אין פּוילן. מיר האָבן אויסגענוצט די צייט, זיך לעגאַליזירט, אָנגענומען אַלס אַ געשעענעם פאַקט, ווי מיר וואָלטן שוין געווען אַ לעגאַלע געזעלשאַפט פון פריער.



ביבליאָטעק-קאָמיסיע אין וולאָצלאַוועק. האָט זיך „ליקווידירט" אין יאָר 1917 צוליבן ענדערן דעם נאָמען אויף „בראָניסלאַוו גראָסער-ביבליאָטעק".

מיר האָבן געדונגען עטלעכע צימערן, איינגעאָרדנט אַ ביבליאָטעק, און לייען־זאַל, און ווען עס איז פון די דייטשן איינגעשטעלט געוואָרן די דייטשע ציווילע שטאָט־רעגירונג, זיינען מיר שוין געווען אַ לעגאַלע אינסטיטוציע. מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער האָבן מיר שוין געהאַט אַ זייער גרויסן לאָקאַל.

געגרינדעט אָפיציעל אַ קולטור־געזעלשאַפט „צוקונפט", אַגב זיינען מיר געווען די ערשטע וואָס האָבן דעם נאָמען פון „צוקונפט" אָנגענומען אין פּוילן. שפּעטער איז אַנטשטאַנען אין אַ גרויסער צאָל שטעט, ענלעכע קולטור־געזעלשאַפטן.

עס האָט נישט לאַנג גענומען, און די געזעלשאַפט „צוקונפט" האָט געהאַט העכער 800 מיטגלידער, איינגעשטעלט אַ דראַמאַטישע גרופּע אין וועלכער ס'האָט אַן אַקטיוון אָנטייל גענומען די ח'טע מאַניאַ ראָזען,

(שפּעטער געוואָרן דעם ה׳ אַרטור זיגעלבוימס פרוי און וועלכע איז אויך געווען אַ לערערין אין דער מעדעם־סאַנאַטאָריום אין אָטוואָצק, און אומ־געקומען דורך די דייטשע מערדער): אַ גרויסן כאָר, קלוב, קיך, ביבליאָ־טעק, מיט 4 טויזנט יידישע ביכער און צוויי טויזנט אין אַנדערע שפּראַכן,



מאַניאַ (ראָזען) זיגעלבוים, פרוי פון מאַרטירער שמואל (אַרטור) זיגעלבוים, אַקטיווע בונדיסטקע פון וולאָצלאַוועק. שפּעטער געווען לערערין אין דער „מעד־עם-סאַנאַטאָריע" אין מיעדזעשין, ביי וואַרשע.

אַ לייען־זאַל און אַ אוידיטאָריום וואָס האָט אַריינגענומען זעקס הונדערט מענטשן. עס איז פאַקטיש געווען די איינציקע גרויסע געזעלשאַפט אין שטאָט, וואו אַלע יידישע אַרבעטער און ראַדיקאַלע עלעמענטן האָבן זיך גרופּירט, און האָט געהאַט אַ גרויסן אָנזען אין שטאָט.



אַ גרופּע פון וולאָצלאַוועקער בונדיסטן פון 1915. עס זיצט דער צווייטער פון רעכטס, וולאַדימיר מעדעם, וועלכער איז געקומען פון וואַרשע אויף אַ פאַרלעזונג. דאָס איז געווען די ערשטע לעגאַלע פאַרלעזונג בעת דער ערשטער וועלט-מלחמה אונטער דער דייטשישער אָקופּאַציע.

## לעקציעס און קולטור־אַרבעט

די ערשטע פאָרלעזונג וועלכע מיר האָבן איינגעאָרדנט איז געווען פון אונזער חבר וואָלאַדימיר מעדעם, אין יאָר 1915. די לעקציע איז פאָרגעקומען אין טעאַטער „נאָוואָשטשי״, דער גרעסטער פּלאַץ אין שטאָט, מיט עטלעכע טעג פריער זיינען אַלע בילעטן שוין געווען אויספאַרקויפט.

מענטשן פון אַלע שיכטן זיינען געקומען הערן מעדעמען, דער איינדרוק פון דער לעקציע איז געווען אומגעהויער גרויס, און אונז געגעבן אַ סך פּרעסטיזש אין שטאָט.

## דייטשישע רעפּרעסיעס

כמעט יעדן חודש האָבן מיר איינגעאָרדנט אַ פאָרלעזונג פון אַ פּי־רער פון „בונד״ אין וואַרשע. עס זיינען אָבער אויך געווען עלעמענטן אין שטאָט וועלכע האָבן נישט געקענט פאַרגינען אונזער גרויסע אַרבעט און דעם איינפלוס וואָס מיר האָבן אַלץ מער באַקומען אין שטאָט. און האָבן פאַרמסרט ביי די דייטשן, אַז אונטער דער מאַסקע פון אַ קולטור־געזעלשאַפט פירן מיר סאָציאַליסטישע אַרבעט און קעגן די דייטשן.

די דייטשע מאַכט האָט די פירער פון דער „צוקונפט״ אָפט גערופן אויף פאַרהערן, געשטערט אונז אין דער אַרבעט, נישט געוואָלט לעגאַ־ליזירן קיין לעקציעס און דראַמאַטישע פאָרשטעלונגען, און אויך גע־וואָרנט, אַז זיי וועלן אין גאַנצן פאַרמאַכן די „צוקונפט״ געזעלשאַפט.

מיר האָבן אָנגעגעבן בקשות קיין בערלין, געווענדט זיך אויך צו דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פראַקציע פון רייכס־טאַג, (פּאַר־לאַמענט), און אָפטמאָל האָט עס טאַקע געהאָלפן און די רעפּרעסיעס זיינען שוואַכער געוואָרן.

עס האָט אָבער לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. און אין יאָר 1916 האָט מען דעם סעקרעטאַר פון דער „צוקונפט״ גערופן אין דער דייטשער קאָמענ־דאַנטור און געזאָגט אַז זיי האָבן זיך דערוואוסט אַז ס׳וועט פאָרקומען דעם

ערשטן מאַי אַ דעמאָנסטראַציע. וואָרנט ער, אויב די דעמאָנסטראַציע, אָדער מאַניפעסטאַציע, וועט פאָרקומען, וועט ער פאַרמאַכן די געזעלשאַפט „צוקונפט". „עס איז קריגס־צייט, זיינען קיינע ערשטע מאַי־דעמאָנסטראַציעס נישט דערלויבט."



אַקטיווע גרופּע וואָלאָצלאַוועקער בונדיסטן געכומען ביי אַ בלימל־פּאַרקויף אין יאָר 1919.

## ערשטער מאַי

די מאַניפעסטאַציע איז פאָרגעקומען. די דייטשן האָבן זי צעטריבן נישט ערגער פון די רוסישע קאָזאַקן. צומאָרגנס, ווען מען איז געקומען אויפמאַכן דעם לאָקאַל, איז די טיר מיט אַ זיגל פון טריוואַקס געווען פאַרמאַכט, און אַ פאַראָרדענונג נישט אויפצומאַכן אָן אַ דערלויבעניש פון דער דייטשער מאַכט.

נישט קוקנדיק אויף דעם דייטש־קריגערישן פאַטריאָטיזם, וואָס יע־דער דייטשישער זעלנער איז געווען אַרומגענומען, און די מורא וואָס עס איז ביי זיי געווען נישט צו מישן זיך אין סאָציאַליסטישער פּאָליטיק אין דער צייט פון דער מלחמה, דאָך זיינען מיר געווען אין אַ נאָענטן קאָנטאַקט מיט אַ גרעסערער גרופּע דייטשע זעלנער, און אָפט מיט זיי געהאַט געהיימע פאַרזאַמלונגען.

ערב דעם ערשטן מאַי אין אָוונט זיינען מיר זיך געהיים צוזאַמענגעקו־מען וואו עס האָבן זיך אויך באַטייליקט זעקס דייטשע זעלנער, איינער פון זיי איז געווען אַ רעדאַקטאָר פון דער „לייפּציגער דייטשער ס. ד. פאָלקס־צייטונג", די ביקסן האָבן זיי אַוועקגעשטעלט אין אַ ווינקל, און אין דייטש איז געשטאַנען אין גאַס און געהיט, אַז, עס זאָל קיין דורכפאַל נישט זיין. דער רעדאַקטאָר, האָט געהאַלטן אַ רעפעראַט וועגן ערשטן מאַי.

דאָס פאַרמאַכן פון דער געזעלשאַפט האָט שטאַרק געווירקט אויף אונז, מען איז שוין נישט געוואוינט געווען בכלל צו רעפּרעסיעס, און אומלעגאַלער אַרבעט. נאָך שווערע מי איז נאָך עטלעכע חדשים געלונגען די געזעלשאַפט זאָל צוריק געעפנט ווערן.

די פאַרפאָלגונגען האָבן אָבער נישט אויפגעהערט. מען האָט גע־האַלטן אין איין שלעפּן די פירנדע באַאַמטע אין דער קאָמענדאַנטור, און געסטראַשעט מיט אַרעסטירן.

זייער אָפט איז טאַקע אויסגעקומען צו שלאָפן אין פרעמדע פלעצער, צוליב די רעוויזיעס, וואָס זיינען פון די דייטשן געמאַכט געוואָרן, און אויב זיי וואָלטן ווען פון אונז געכאַפּט, האָט זיך דער קאָמענדאַנט אויס־געדריקט, וואָלטן זיי געוואוינט אין האָוועלבערג, (אַ דייטשער געפאַנגען־לאַגער פאַר פּאָליטישע). אונזער אָנזען אין שטאָט איז אָבער געווען גרויס ווען עס איז געקומען צו שטאָט־ראַט־וואַלן, האָבן מיר אַלע מאָל געהאַט אַ גרויסע פאַרטרעטערשאַפט.

די אומגעקומענע חברים ראַטמענער שלמה הילער, אברהם טאַראָנ־טשיק, איגנאַץ כאַימאָוויטש, און אַנדערע זיינען געווען באַליבט ביי די יידישע און פּוילישע אַרבעטער און פאָלקס־מאַסן. אויפן קאָאָפּעראַטיוון געביט זיינען געעפנט געוואָרן צוויי גרויסע שפּייז־געוועלבער. עס איז געווען שווער צו באַקומען פּראָדוקטן, אָבער אַ דאַנק דער מי און ענערגיע פון די דערמאָנטע בונדישע ראַטמענער, האָט דער קאָאָפּעראַטיוו פּראָ־דוקטן באַקומען. און פאַר אַ ביליקן פּרייז פאַרקויפט צו די קאָאָפּעראַ־טיוו־מיטגלידער, וועלכע זיינען באַשטאַנען כמעט אויסשליסלעך פון אַר־בעטער און אָרעמע פאָלקס־מאַסן.

ביי דער געלעגנהייט ווילט זיך אָנמערקן אַן עפּיזאָד וואָס האָט פּאַסירט מיט אונזער חבר

## שמולעק שוואַרץ

מיט כבוד וויל איך דערמאָנען אַן אינטערעסאַנטן יונגן חבר וועלכן אונזער אומלעגאַלע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע, האָט אַריינגעצויגן אין אירע רייען און איז שפּעטער געוואָרן איינער פון די אָנפירנדע חברים אין יענער צייט.

אין יאָר 1909 אין דער צייט פון די גרויסע רעפּרעסיעס פון דער רוסישער צאַרישער רעגירונג, ווען מיר האָבן מיט שווערע אָנשטרענגונגען געפירט אונזער אומלעגאַלע ביבליאָטעק, און אין דער שטרענגסטער קאָנספּיראַציע זיך צוזאַמענגעקומען מיט קליינע גרופּן אַרבעטער ווי מיר האָבן געלערנט מאַרקס „קאַפּיטאַל״, פּאָליטישע עקאָנאָמיע, און צוזאַמען געלייענט אַרטיקלען פון דעם בונדיסטישן זאַמל־בוך „צייט־פראַגן״, האָט מיך אין גאַס איינמאָל אָפּגעשטעלט אַ יונגער בחור אַרום 17 יאָר אַלט, מיט אַ זייער נישט דרייסטער און ציטערנדיקער שטים, מיר שטילערהייט געזאָגט, „איך פאָלג אייך נאָך שוין אַ לענגערע צייט, איך ווייס איר זייט בונדיסטן, איך וויל זיין מיט אייך.״

איך האָב געקענט די פאַמיליע, די מוטער איז געווען אַן אַקושערין, דער פאָטער האָט געהאַט אַ גרויסע שלעפּ־שיף (זעגל־שיף) און געפירט סחורות אויף דער ווייסל. שמולעק איז געווען אַ בוכהאַלטער אין אַ ציקאָריע־פאַבריק.

איך האָב זיך געוואונדערט. ווי קומט ער צו האָבן אַ פאַרלאַנג צו זיין פאַרבונדן מיט אונזער געהיימע גרופּע, און אויך זיין אויסגעשטעלט אויף געפאַרן, פון ווערן אַרעסטירט. איך האָב אים פּרובירט אָפּצורעדן, אָבער ער האָט זיך נישט געלאָזט, זיין ערלעכע ערנסטקייט האָט אונז באַלד גובר געווען. און מיר האָבן אים אַריינגענומען אין דער אָרגאַניזאַציע. שמולעק שוואַרץ איז באַלד געוואָרן איינער פון אונזערע טייערסטע און איבערגעגעבנסטע מענטשן. מיר האָבן זיך געניטיקט אין אַן אינטעלי־

גענטן מענטשן, וואָס זאָל גוט קענען די פוילישע שפּראַך. מיר זיינען געווען אין קאָנטאַקט מיט אַ קליינער צאָל פוילישע אַרבעטער פון דער געבליבענער פּ. פּ. ס. פּאַרטיי, און אויך עטלעכע פּ. ס. ד.עקעס (פוילישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן).

דעם ערשטן מאַי האָבן מיר אַרויסגעלאָזט אַ העקטאָגראַפירטע פּראָקלאַמאַציע אויף יידיש, און דער חבר שמולעק, האָט עס איבערגעזעצט אויף פויליש, און מיט דער הילף פון אַ פּ. ס. ד.עק, וועלכער איז געווען אַ זעצער אין אַ שטאָטישער פוילישער צייטונג אַרויסגעגעבן אַ געדרוקטע פוילישע ערשטע מאַי פּראָקלאַמאַציע.

די פּראָקלאַמאַציע איז ביינאַכט אויסגעקלעפּט געוואָרן אויף אַ סך הייזער און פאַבריקן. די פּאָליציי איז אַרומגעלאָפן, ווי פאַרסמטע מייז, געריבן די ווענט און געוואָלט כאַפּן די, וועלכע האָבן עס געטאָן. מען האָט אַרעסטירט עטלעכע פוילישע אַרבעטער, וועלכע מ׳האָט געכאַפּט ביים לייענען די פּראָקלאַמאַציע. עס האָט געמאַכט אין שטאָט אַ שטאַרקן רושם, דאָס איז דעמאָלט דורכגעפירט געוואָרן אַ דאַנק דער אַרבעט פון דעם חבר שמולעק. די גרעסטע צאָל געהיימע זיצונגען זיינען פאָרגעקומען ביי אים אין הויז.

זיינע עלטערן, זייער ליבעראַלע און פּראָגרעסיווע מענטשן, האָבן געוואוסט וואָס דאָ קומט פאָר, אָבער האָבן זיך געמאַכט נישט זעענדיק און קיין מאָל נישט געשטערט אונזערע צוזאַמענקונפטן.

אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה זיינען מיר טאַקע אַ דאַנק דעם חבר שמולעק געקומען אין קאָנטאַקט מיט עטלעכע דייטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע סאָלדאַטן, מיט וועלכע מיר פלעגן אָפט זיך צוזאַמענקומען, און האָבן אונז אַפילו באַזאָרגט מיט אַ ביסל רעוואָלווערן, אין פאַל מען וועט עס אַמאָל דאַרפן.

ליידער האָבן מיר זיך מיטן חבר שמולעק לאַנג נישט געקענט פרייען. ער איז קראַנק געוואָרן אויף דער פּראָלעטאַרישער קראַנקהייט, שווינדזוכט.

אָבער ביזן לעצטן אָטעם זיינעם, האָט ער ליגנדיק אויפן קראַנקן־בעט זיך אינטערעסירט וועגן אונזער אַרבעט.

זיינע לעצטע ווערטער צו אונז זיינען געווען אַ וואונטש, אַז מיר זאָלן ווערן אַ גרויסע באַוועגונג, און דער „בונד“ זאָל אַרומנעמען אַלע יידישע אַרבעטער אין פאָלקס־מענטשן. און געבעטן מיר זאָלן נישט דערלאָזן אַז די „חברה קדישא“ זאָל זיך מיט אים נאָכן טויט פאַרנעמען. נאָר די פּאַרטיי זאָל אַליין די לוויה דורכפירן. מיר האָבן זיין וואונטש געטריי אַדורכגעפירט, ער איז געשטאָרבן דעם 20־טן יוני 1916 אין בליענדיקן עלטער פון 24 יאָר.

מיר האָבן די לוויה איינגעאָרדנט. כמעט אַלע יידישע אַרבעטער האָבן געוואָרפן די אַרבעט. דער לוויה־צוג, מיט קרענץ און רויטע בענדער מיט שוואַרצע אויפשריפטן איז געטראָגן געוואָרן איבער די הויפּט־גאַסן פון שטאָט, און אין געשלאָסענע רייען צוגעקומען צום בית־עולם.

מיט רעוואָלוציאָנערע רעדעס און לידער האָבן מיר זיך געזעגנט מיט דעם טייערן חבר וועלכער איז אַזוי יונג אַוועק פון אונז. זיין קבר איז באַצירט געוואָרן מיט די קרענץ און אויפשריפטן, וועלכע זיינען אין אַ ספּעציעל שענקל מיט גלעזערנע פענצטער ביים קאָפּ פון קבר אַוועקגע־שטעלט געוואָרן. אַ סך יאָרן איז עס אַזוי געשטאַנען, ביז די נאַציס זיינען געקומען, און האָבן צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע מצבות אויך דעם קבר פון אונזער חבר שמולעק שוואַרץ געשענדעט און פאַרניכטעט.

## בונדישע ראַטמענער אין שטאָט-ראַט

אין יאָר 1917. די רעפּרעסיעס פון דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן, אָבער אונזער באַוועגונג האָט דאָך געהאַלטן אין איין וואַקסן, און מיר האָבן געקראָגן זייער אַ גרויסן אָנזען אין שטאָט. מיר האָבן זיך אַלע מאָל אָפּגערופן אויף אַלע פראַגן וואָס דאָס לעבן האָט אַרויסגערופן, סיי אויפן פּאָליטישן און סיי אויפן עקאָנאָמיש־ווירטשאַפט־לעכן געביט, וואָס פאַר אַ נייע פאַראָרדענונג עס זאָל נישט אַרויסגעגעבן ווערן פון דער דייטשישער שטאָטישער אַדמיניסטראַציע, האָט מען גע־וואָלט הערן וואָס דער „בונד“ וועט וועגן דעם זאָגן. און אונזערע ראַט־

מענער האָבן אויף די זיצונגען פון שטאָט־ראַט אַלע מאָל דרייסט און אָפן אונזער שטעלונג פראָקלאַמירט.

אָפטמאָל, אין ספּעציעל יידישע פראַגן איז פאָרגעקומען אַ קאַמף מיט די פוילישע נאַראָדאָוועס (אַנטיסעמיטן) ראַטמענער, און דראָאונגען פון כאַפּן זיך שלאָגן. אָפטמאָל האָבן פּ. פּ. ס.ישע ראַטמענער באַשיצט אונזערע חברים פון פיזישע אָנגריפן מצד די אַנטיסעמיטישע ראַטמענער. די אַרויסטרעטונגען פון אונזערע ראַטמענער אויף די זיצונגען האָט אונז געגעבן אַ סך פּרעסטיזש, ווייל דאָס איז געווען די איינציקע יידישע פראַק־ציע אין שטאָט־ראַט, וועלכע האָט געפאָדערט רעכט און שטיצע פאַר יידישע שולן, ביבליאָטעקן און אַנדערע יידישע קולטור־אינסטיטוציעס.

זייער זעלטן האָבן ציוניסטישע ראַטמענער געהאָלפן אונזערע ראַט־מענער, אין קאַמף פאַר יידישע רעכט.

זייער שטעלונג איז אַלע מאָל געווען: „נאָר מיט גוטן" קען מען עפּעס אויסבעטלען פאַר די יידן.

ווען די דייטשן האָבן אין סוף יאָר פון 1917 אָנגעהויבן צו כאַפּן גרעסערע מפּלות אויף די שלאַכטפעלדער, זיינען זיי וואָס אַמאָל געוואָרן מער דענערווירט און האָבן אָנגעהויבן שטאַרקער צו פאַרפאָלגן אונזער אָרגאַניזאַציע.

מיר האָבן ווידער אונזער פּאָליטישע בונדישע אַרבעט געמוזט אָנ־הויבן פירן זייער אומלעגאַל, די טוער האָבן זיך געמוזט אויסהיטן נישט צו ווערן אַרעסטירט.

אונטער שווערע באַדינגונגען האָבן מיר אָבער ווייטער אָנגעפירט אונזער אַרבעט אויפן פּאָליטישן און קולטורעלן און אויך ווירטשאַפטלעכן געביט.

## די דייטשע רעוואָלוציע

נאָוועמבער 1918. ס׳האָט אויסגעבראָכן די דייטשע רעוואָלוציע. דער קייזער ווילהעלם האָט אָפּגעדאַנקט. אַ פרייד האָט אַרומגעכאַפּט צו זען ווי די דייטשע סאָלדאַטן גייען אַרום מיט רויטע שלייפלעך און בלו־מען אָנגעשטאָכן אין די מונדירן. עס זיינען געפאָרן צוריק באַנען מיט

דייטשישע סאָלדאַטן פון די פראָנטן מיט רויטע פאָנען אַרויסגעהאַנגען איף די וואַגאָנען און מיטן געזאַנג פון „אינטערנאַציאָנאַל". אויסגעשרייען קעגן מלחמה, אין קאַפּיטאַליזם, מען איז געווען אַרומגענומען מיט אַ זי־כערקייט, אַז ס׳איז דער אָנהייב פון סוף פון דעם קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם. און די מענטשן פון דער גאַנצער וועלט וועלן שוין ענדלעך קענען אָנהויבן צו לעבן פריי און אָן מורא.

## די פוילישע אומאָפּהענגיקייט

די געשעענישן זיינען אָבער זייער שנעל געלאָפן.

ס׳איז דערקלערט געוואָרן אין דעם זעלבן חודש נאָוועמבער פון יאָר 1918, די אומאָפּהענגיקייט פון פוילן.

די פרייד פון די פּאָליאַקן האָט אַרויסגערופן שרעק ביי דער יידישער באַפעלקערונג. אַ כוואַליע פון אַנטיסעמיטיזם פון פּאָליאַקן קעגן יידן האָט זיך פאַרשפּרייט.

דער דייטשישער סאָלדאַטן־ראַט וועלכער איז געגרינדעט געוואָרן באַלד נאָכן אַבדיקירן פון ווילהעלמען, האָט זיך געווענדעט צו אונזער אָרגאַניזאַציע, מען זאָל צו זיי שיקן אַ דעלעגאַציע, זיי ווילן האָבן מיט אונז אַ קאָנפערענץ וועגן אַ וויכטיקע פראַגע.

דריי חברים זיינען באַשטימט געוואָרן און אויף דער זיצונג פון סאָל־דאַטן־ראַט האָבן זיי אונז געמאָלדן, אַז זיי זיינען מיטגלידער פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. זיי האָבן אונז אויך דער־קלערט, אַז זיי האָבן גענויע אינפאָרמאַציע אַז די פּאָליאַקן גרייטן צו א פּאָגראָם אויף די יידן.

עס איז זיי מער נישט דערלויבט צו האַלטן די אָרדענונג פון דער שטאָט, ווילן זיי דעריבער אונז איבערגעבן דאָס גאַנצע געווער און אַמו־ניציע וועלכעס איז אין זייער באַזיץ, כדי מען זאָל זיך קענען באַשיצן קעגן די פּאָגראָמשטשיקעס.

מיר האָבן זיי דערקלערט, אַז מיר ווייסן נישט צי אין אַזאַ קורצער צייט וועלן מיר קענען אָרגאַניזירן אַ זעלבסטשוץ, און די פּאָליאַקן האָבן

באַלד אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג, אַז ווען זיי וועלן נאָר כאַפּן מיט געווער פון דער ציווילער באַפעלקערונג וועלן זיי אויפן אָרט דער־שיסן. האָבן מיר דעריבער דעם אָנבאָט פון דעם דייטשישן סאָלדאַטן־ראַט נישט געקענט אָננעמען. נאָר אַ צען רעוואָלווערן און קוילן האָבן מיר גענומען און באַהאַלטענערהייט איבערגעפירט אויף אַ זיכערן פּלאַץ.

די דייטשן האָבן באַשלאָסן, אַז דאָס געווער וואָס זיי וועלן נישט קענען צוריקפירן קיין דייטשלאַנד זאָלן זיי אויפן אָרט פאַרניכטן, אַזוי אַז עס זאָל נישט אַריינפאַלן צו די פּאָליאַקן אין די הענט.

## פּאָגראָם

די פּאָליאַקן האָבן טאַקע זייער אומאָפּהענגיקייט באַלד „געפייערט" מיט אַ פּאָגראָם אין שטאָט וועלכער האָט געדויערט דריי טעג.

אָנגעהויבן האָבן זיי דעם פּאָגראָם, ווען עס איז פאָרגעקומען אַ גרוי־סער מיטינג אין איינעם פון די גרעסטע זאַלן פון שטאָט. דער מיטינג איז גערופן געוואָרן פון די לינקע פּ. פּ. ס. און פּ. ס. ד.

אַ סך פון אונזערע חברים האָבן זיך אין דעם מיטינג באַטייליקט. אין זאַל האָט מען געהערט די געשרייען פון די כוליגאַנעס אין דרויסן, וועלכע איז באַשטאַנען פון הונדערטער פּוילישע סטודענטן פון די שולן, צוזאַמען מיט די אונטערוועלט מענטשן, און אַזוי ווי זיי האָבן זיך נישט געקענט אַריינרייסן אין זאַל, האָבן זיי געוואַרט אויפן גאַס, און יעדן אַרויסגייענדיקן ייד, מיט שטעקנס און אייזנס געשלאָגן, און צוגערויבט דאָס געלט פון די קעשענעס וואָס איינער האָט נאָר געהאַט.

ליידער האָבן נישט די פּ. פּ. ס. און נישט די פּ. ס. ד. געפּרואווט העלפן און באַשיצן די יידישע אַרבעטער. ווי נאָר איינער האָט גע־קענט, האָט ער זיך אַליין פאַרטיידיקט.

די וואָס האָבן זיך שטאַרקער פאַרטיידיקט זיינען פון דער פּוילישער פּאָליציי אַרעסטירט געוואָרן.

אַלע וואָס זיינען אַרויס פון די כוליגאַנישע הענט, זיינען געלאָפן אין לאָקאַל פון דער קולטור־געזעלשאַפט „צוקונפט".

עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, ווי די „צוקונפט״ איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שפּיטאָל, מען האָט אָפּגעוואַשן דאָס בלוט, און פאַרבונדן די וואונדן.

אין אָוונט האָבן די כוליגאַנעס געשטורעמט דעם לאָקאַל פון דער „צוקונפט״, מען האָט זיך אָבער שטאַרק פאַרבאַריקאַדירט און זיי האָבן נישט געקענט אַריינקומען.

נאָך דריי טעג פון פריי אַרומווילדעווען, האָבן די פירער פון די פּאָליאַקן זיך אַרומגעזען אַז עס איז שוין צייט איינצושטעלן אָרדענונג, און האָבן אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג צו דער פּאָליציי צוריק איינצושטעלן די אָרדענונג אין שטאָט.

די לאַגע פון דער יידישער באַפעלקערונג איז געווען זייער אַ דער־שלאָגענע.

אָבער איינציקווייז האָט מען זיך אָנגעהויבן צוצוגעוואוינען צום נייעם רעזשים.

די פּאָליאַקן האָבן אויך איינגעזען אַז צום אויפבויען דאָס צעשטערטע פּוילן, נויטיקן זיי זיך דערווייל אין דער הילף פון די יידן.

דאָס לעבן האָט אָנגעהויבן צו ווערן צוריק נאָרמאַל אין שטאָט.

## פּוילישע רעפּרעסיעס, פאַרמאַכט די „צוקונפט״

אונזער פּאַרטיי איז אין גאַנצן געוואָרן אונטערדריקט. דעם גרויסן לאָקאַל פון דער קולטור־געזעלשאַפט „צוקונפט״ מיטן גאַנצן פאַרמעגן, וואָס איז געשאַפן געוואָרן מיט אַזוי פיל מי, אַרבעט, און געלט פון די יידישע אַרבעטער, איז קאָנפיסקירט געוואָרן.

מיר האָבן ווידער אַן אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע געגרינדעט.

עס איז זייער שווער געווען דאָס צוזאַמענקומען זיך, מיר האָבן די אָרגאַניזאַציע איינגעטיילט אין גרופּן, און לויט די מעגלעכקייטן ווידער געפירט אונזער פּאָליטישע אַרבעט.

## רוסיש-סאָוועטיש פוילישע מלחמה

אין מערץ 1920 ווען ס'האָט אויסגעבראָכן די רוסיש־סאָוועטיש פוילישע מלחמה, איז דער אַנטיסעמיטיזם ווידער געשטאַרקט געוואָרן. פאָליאַקן האָבן געשריען אַז „טראָצקיס יידישע אַרמייען ווילן פאַרכאַפּן פוילן."

אין אַ קורצער צייט איז די רוסיש־סאָוועטישע אַרמיי צוגעקומען קעגנאיבער דער שטאָט אויפן רעכטן זייט ווייסל.

די פאָליאַקן האָבן געשלעפּט יידן אויף די געפערלעכסטע ערטער צו גראָבן „אָקאָפּעס", לעשן די פייערן וואָס די האַרמאַטן־קוילן האָבן אָנגעצונדן. עס זיינען געפאַלן קרבנות פון דער יידישער באַפעלקערונג.

## ווידער אומלעגאַל, אַרעסטן

ווען די רוסיש־סאָוועטישע אַרמיי איז צוריקגעשטויסן געוואָרן פון דער שטאָט און אין אָקטאָבער 1920, ווען די מלחמה איז געקומען צו אַ סוף, האָבן זיך די רעפּרעסיעס אויף אונז נאָך מער געשטאַרקט.

אַ טייל חברים זיינען אַרעסטירט געוואָרן. אַ טייל איז געלונגען זיך אויסצובאַהאַלטן, עס איז פאַר מיר, ווי אַ סך אַנדערע חברים שוין אוממעגלעך געווען צו פאַרבלייבן לעגאַל אין פוילן. און האָבן באַשלאָסן צו עמיגרירן.

זייענדיק אומלעגאַל אין שטאָט, אויף דער לעצטער זיצונג פון בונדישן שטאָטישן קאָמיטעט איז פשוט צוליב קאָנספּיראַטיווע טעמים נישט דערלויבט מיר געווען זיך עפנטלעך צו געזעגענען מיט מיינע טייערע חברים און יוגנט־פריינט, מיט וועלכע עס איז מיר אויסגעקומען אַזוי פיל יאָרן צו אַרבעטן צוזאַמען, און דורכגעלעבט אַזוי פיל פרייד און צער. מיינע טייערע און ליבע חברים, וועלכע זיינען אומגעבראַכט געוואָרן, דורך די נאַצישע דייטשע מערדער.

קלמן זשעלאָנקאַ, שלמה הילער, יעקב־לייב ראָזענטאַל, איגנאַץ כאַימאָוויטש, אַבראַם און אסתר טאַראַנטשיק, שיע כרזשאָנסטאָווסקי, הערש בוקס און אַ סך אַנדערע, וועלכע האָבן דורכגעמאַכט דעם אומגעהויער־

שווערן מאַרטירער־וועג, און אומגעקומען דורך די דייטשע מאַסן־מערדער, צוזאַמען מיט די זעקס מיליאָן יידן. זיי האָבן אין די וויטערדיקע יאָרן נאָך 1920 אָנגעפירט מיט דעם פּאָליטיש־קולטורעלן, און געזעלשאַפטלעכן לעבן אין שטאָט צווישן די יידישע אַרבעטער און פאָלקס־מאַסן. די באַריכטן און גרוסן וועלכע מיר האָבן דאָ אין אַמעריקע דערהאַלטן, און מיט וועלכע מיר זיינען ביז דער לעצטער צייט פון יאָר 1939, ווען די צווייטע וועלט־מלחמה איז אויסגעבראָכן, געווען אין קאָנטאַקט, און מיט פרייד באַוואונדערט דעם גרויסן וואוקס און איינפלוס וואָס דער „בונד" האָט געהאַט, און די ליבשאַפט מיט וועלכער די מאַסן האָבן אַרומגענומען די פירער.

## אַ גרופּע פירער פון „בונד" אין ווילאָצלאַוועק

קלמן זשעלאָנקאַ, פּאָרזיצער פון ווילאָצלאַוועקער קאָמיטעט פון „בונד", איינער פון די פּיאָנערן פון דער ווילאָצלאַוועקער אַרבעטער-באַוועגונג. פאַרשלעפּט און אומגעבראַכט דורך די דייטשן אין דער שטאָט זאַמאָשטש.

שמולעק שוואַרץ, אַקטיווער טוער פון „בונד" אין ווילאָצלאַוועק פון יאָר 1909 ביז 1916. געשטאָרבן פון דער פּראָלעטאַרישער קרענק (שווינדזוכט) אין יאָר 1916.

שיע כרזשאָנסטאָווסקי, איינער פון די ערשטע בונדיסטן פון ווילאָצלאַוועק. געווען אויך אַקטיוו פאַר דער מלחמה אין דייטשלאַנד, שפּעטער אין וואַרשע. אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ.

הערש בוקס, מיטגליד פון קאָמיטעט פון „בונד" אין ווילאָצלאַוועק, גרינדער און פּאָרזיצער פון באַקלייד-אַרבעטער פאַראיין. טראַגיש אומגעקומען אין די לאַגערן פון טראַווניקי אָדער פּאָניאַטאָוו.

אַבראַם טאָראָנטשיק, קאָמיטעט-מיטגליד פון „בונד" און ראַטמאַן פון שטאָט-ראַט אין ווילאָצלאַוועק, מיט זיין פרוי אסתר, אַקטיווע טוערין פון „בונד".



יעקב לייב ראָזנטאַל. וועטעראַן פון וולאָצ-לאַווקער „בונד", אַקטיווער טוער, שטענדיקער מיטגליד פון בונדישן קאָמיטעט, ראַטמאַן פון דער קהילה. אין דער צייט פון דער געטאָ האָט ער זיך פרייוויליק געמאָלדן צו פאָרן נאָך וואַרשע און זיך פאַרבינדן מיטן אומלעגאַלן בונדישן קאָמיטעט אין דער וואַרשעווער געטאָ.

די באַוועגונג מיט די אַלע טוער און די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג איז אומגעקומען, אָבער פאַר דער געשיכטע און פאַר דער קליינער צאָל לעבן־געבליבענע וועלן זיי קיין מאָל נישט פאַרגעסן ווערן. און ווי די הייליקסטע זאַך בלייבן איינגעקריצט אין אונזער זכרון און זיין אין אונזערע הערצער מיט דער גרעסטער ליבשאַפט און געטרייקייט.

ז. טאַבאַטשניק

# די אַרבעטער־באַוועגונג אין וולאָצלאַוועק צווישן די צוויי וועלט־מלחמות

נאָך דעם ווי די ערשטע וועלט־מלחמה איז געווען פאַרענדיקט אין 1918, האָט זיך באַלד אָנגעהויבן די פויליש־סאָוויעטישע מלחמה און זי האָט זיך געצויגן צוויי יאָר צייט. אין יאָר 1920 ווען די סאָוויעטישע אַרמייען זיינען אַריינגעדרונגען טיף אין לאַנד און אָנגעשפּאַרט ביז אונזער שטאָט, האָט זיך אַ שטאַרקע נאַציאָנאַליסטישע כוואַליע צע־גאָסן איבער פּוילן. די רעאַקציע האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ. האָט אַרעסטירט אַרבעטער־טוער, פאַרמאַכט פאַראיינען און קולטור־אינסטי־טוציעס. דער „בונד" איז טיילווייז געוואָרן אומלעגאַל.

ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן די פּאָליטישע רדיפות, רעוויזיעס און אַרעסטן ביי אונזערע בעסטע חברים, איז געצוואונגען געווען צו פאַרלאָזן אונזער שטאָט דער ח' מ. ד. אַלטער, צו וועלכן אַלע האָבן זיך באַצויגן מיטן גרעסטן רעספּעקט און דרך־ארץ און וועלכער האָט אויס־געטראָגן אויף זיינע פּלייצעס דעם וויכטיקסטן און גרעסטן טייל פון אונזער פּאָליטישער און קולטורעלער אַרבעט. און ער איז נישט געווען דער איינציקער. אויך אַנדערע חברים האָבן געמוזט אַוועקפאָרן. אָבער נישט געקוקט דערויף וואָס עס האָבן געפעלט די אַקטיווע טוער, איז דאָך געלונגען אין אַ געוויסער מאָס ווייטער צו פירן די אַרבעט.

צום דעמאָלטדיקן אומלעגאַלן קאָמיטעט פון „בונד" האָבן געהערט די ח"ח: ראָזענטאַל יעקב לייב, זשעלאָנקא קלמן, כזשאָנסטאָווסקי יעקב אדם, ווישעגראָדסקי חיים און שניידערמאַן יאָסל. אין יענער צייט זיינען נאָך געבליבן אַרעסטירט אין טורמע די ח"ח: הילער שלמה, ראַטמאַן פון „בונד" און בוקס הערש, פאָרזיצער פון פּראָפעסיאָנעלן שניידער־פאַראיין. די גאַנצע פּאָליטישע און קולטורעלע אַרבעט האָבן מיר געפירט אַרום

די קאָאָפּעראַטיוון, וועלכע ס׳איז אונז געלונגען צו דערהאַלטן לעגאַל. די אָנגעשטעלטע פון די קאָאָפּעראַטיוון מיטן ח׳ זשעלאָנקא בראש האָבן געאַרבעט מיט גרויס פאַרשטענדעניש און איבערגעגעבנקייט.

צוליב די רעוואָלוציאָנערע שטימונגען אין לאַנד, האָט די רעאַקציע זיך באַמיט צו דערשטיקן יעדן אויפשטייג פון פּאָליטישן און געזעל־שאַפטלעכן לעבן. אויך אין אונזער שטאָט איז דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן פאַראַליזירט געוואָרן. דער דאָזיקער צושטאַנד האָט אָבער לאַנג נישט אָנגעהאַלטן.

די שווערע עקאָנאָמישע באַדינגונגען, אַרבעטסלאָזיקייט און דער שטייגנדיקער יקרות, האָבן אָנגערעגט די אַרבעטער זיך צו אָרגאַניזירן אין פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. עס איז געשאַפן געוואָרן אַן אָפּטיילונג פון פּראָפ. באַקלייד־פאַראיין, ווי אויך אָפּטיילונגען פון שוסטער, קאַמאַשנ־מאַכער, האָלץ און בעקער. די בונדישע השפּעה אין די פאַראיינען איז געווען אַ גאָר באַדייטנדיקע.

צו יענער צייט איז פאָרגעקומען אַ רעוויזיע ביי אונזערן אַ חבר ראָזענפעלד, אַ דרוקער. מען האָט ביי אים געפונען אַן אומלעגאַלע בראָ־שור, אַ באַריכט פון דאַנציקער צוזאַמענפאָר פון „בונד״. צו זיין פּראָצעס איז ספּעציעל געקומען פון וואַרשע אַלס עקספּערט דער ח׳ וויקטאָר אַל־טער. מיר האָבן אויסגענוצט זיין אָנוועזנהייט ביי אונז אין שטאָט און דורכגעפירט זייער אַ געלונגענע פּאָליטישע פאַרזאַמלונג.

דעמאָלט איז אויך געקומען צו אונז דער ח׳ משה יחיאל שאַטאַן (איצט אין מאָנטרעאַל, קאַנאַדע). דער ח׳ שאַטאַן איז געוואָרן דער סעק־רעטאַר פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און זיין איבערגעגעבנקייט און שטאַרקע ענערגיע האָבן גורם געווען אַ גרויסע אויפלעבונג אין דער יידישער אַרבעטער באַוועגונג.

מיר האָבן געעפנט אַ ביבליאָטעק אויפן נאָמען פון בער גראָסער, אויף לאַנגע גאַס 50. אַרום דער ביבליאָטעק האָבן זיך גרופּירט אונזערע פּאַרטיי־מיטגלידער און כמעט די גאַנצע יידיש־ריידנדיקע אינ־טעליגענץ.

אויך די ציוניסטן האָבן געהאַט אַ ביבליאָטעק ביי אונז אין שטאָט.

זי איז געווען אַ גאַנץ גרויסע, האָט פאַרמאָגט ביז אַ צען טויזנט ביכער, אָבער הויפּטזעכלעך פּוילישע. יידישע זיינען געווען זייער ווייניק. מיר האָבן אויך אַמאָל געהאַט געהערט צו דער דאָזיקער ביבליאָטעק, אָבער דערנאָך זיינען מיר אַרויסגעטראָטן.

נאָך אַ ביבליאָטעק, וואָס האָט פאַרמאָגט דריי טויזנט ביכער, האָבן געהאַט די לינקע פּועלי ציון.



די ערשטע עפנטלעכע אַרויסטרעטונג אונזערע איז פאָרגעקומען אין יאָר 1924. דאָס איז געווען צו די ערשטע וואַלן פון דער יידישער קהלה. די וואַלן זיינען פאָרגעקומען ביי זייער שווערע באַדינגונגען. ערשטנס די רעאַקציאָנערע וואַל־אָרדינאַציע, ביי וועלכער פרויען האָבן אינגאַנצן קיין וואַל־רעכט נישט געהאַט און מענער האָבן געהאַט וואַל־רעכט ערשט אויפן 25־טן לעבנס־יאָר. דערצו איז צוגעקומען די אַפּאַטיע און דער באַ־רעכטיקטער אומווילן פון די יידישע מאַסן צו דער דאָזיקער אינסטיטוציע.

מיט אונזער ענערגישער אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע איז אונז געלונגען גובר צו זיין די אַפּאַטיע פון די יידישע אַרבעטער און אַריינ־ציען אַ גרעסערע צאָל מענטשן אין אונזער ווירקונגגס־קרייז. און אויב מען זאָל נעמען אין אַכט די דעמאַגאָגישע אַגיטאַציע, וואָס איז געפירט געוואָרן קעגן אונז מצד אונזערע קעגנער, ווי, למשל, „אַז דער „בונד" וויל איינפירן טרפות אין יידישן לעבן אאַז"וו, — איז אויך דער רעזולטאַט פון די וואַלן פאַר אונז געווען אַ גאַנץ גוטער. מיר האָבן באַקומען צוויי ראַטמענער.

אין אַלגעמיין זיינען געוויילט געוואָרן 15 ראַטמענער. פון זיי האָבן די ציוניסטן באַקומען 5 ראַטמענער, די אָרטאָדאָקסן 2 און די רעכטע פּ. צ. איינעם. די איבעריקע זיינען געווען סתם יידן.

אונזערע ראַטמענער די ח"ח הילער שלמה און ראָזענטאַל י. ל. האָבן מיט כבוד אָפּגעהיט די מאַנדאַטן, וואָס זיינען זיי אָנגעטרויט געוואָרן און פאַרטיידיקט די אינטערעסן פון די יידישע אַרבעטער־מאַסן. ביי יעדער אַרויסטרעטונג פון ח' ראָזענטאַל איז געקומען צו גרויסע

סקאַנדאַלן. דער רעליגיעזער בלאָק האָט געליאַרעמט, אָבער אונזערע חברים האָט עס נישט אָפּגעשראָקן. יעדע עפּנטלעכע אַרויסטרעטונג זייערע איז געווען אַ געשעעניש אין שטאָט. אויף יעדער זיצונג איז די גאַלעריע געווען איבערפולט פון אַרבעטער. זיי זיינען געקומען אונ־טערשטיצן אונזערע חברים בעת זייערע אַרויסטרעטונגען קעגן קלער.

אונטער אונזער דרוק איז די קהלה געצוואונגען געווען אַריינצו־שטעלן אין איר בודזשעט אַ סובסידיע פאַר דער יידיש־וועלטלעכער שול מיט אַ סומע פון פיר טויזנט זלאָטעס.

די קהלה האָט אַזוי עקזיסטירט ביזן יאָר 1936. זי איז דערנאָך פאַנאַנדערגעלאָזט געוואָרן דורך די רעגירונגס־אָרגאַנען און עס איז באַשטימט געוואָרן אַ קאָמיסאַר אַ ייד, דויד וואַידאָווסקי. ער האָט זיך צוגעקליבן אַ קהלה־ראַט לויטן וואונטש פון סטאַראָסטע (רעגירונגס־פאָרשטייער).



די צווייטע אינסטיטוציע נאָך דער „גראָסער־ביבליאָטעק" איז געווען דער „אַרבעטער ווינקל". דאָס איז געווען אַן אַרבעטער־רעסטאָראַן, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ גרויסן שיינעם און באַקוועמען לאָקאַל אויף פּיעקאַרסקאַ 15. דער „אַרבעטער־ווינקל" האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג און איז געווען אַן אמתע היים פאַר די יידישע אַרבעטער.

אַלע גרופּירונגען ביי אונז אין שטאָט האָבן זיך קאָנצענטרירט אַרום דעם „אַרבעטער־ווינקל". אַ גאַנצע רייע חברים אין חברטעס האָבן צוזאַמען מיט דער פאַרוואַלטערין דער ח׳טע באַלקאַ בוקס, געאַרבעט מיט גרויס איבערגעגעבנקייט, כדי צו מאַכן די דאָזיקע היים פאַר די יידישע אַרבעטער וואָס שענער, באַקוועמער און עסטעטישער. דערביי איז אויך אַ סך געזאָרגט געוואָרן דערפאַר, אַז די פּרייזן זאָלן זיין גאַר ביליקע און נישט באַשווערן צופיל דעם אַרבעטערס בודזשעט, וואָס איז צו יענער צייט געווען זייער אַ מאָגערער.

דער „אַרבעטער־ווינקל" איז בלי שום ספק געווען אַ פּרעכטיקע

אינסטיטוציע אין צוגעגעבן אַ סך אָנזען דער אַרבעטער־באַוועגונג אין וולאָצלאַוועק.

***

אונזער באַוועגונג איז זיך צו יענער צייט שטאַרק פאַנאַנדערגעוואַקסן. די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען האָבן אַריינגעצויגן אין זייערע רייען די גרעסטע צאָל יידישע אַרבעטער. סטרייקן זיינען פאָרגעקומען זייער אָפט, ווייל דער יקרות איז געווען גרויס און דער פּוילישער זלאָטי האָט כסדר פאַרלוירן זיין ווערט.

אין יאָר 1926 האָט דער ח' שאַטאַן, וואָס האָט מיט דערפאָלג אָנגעפירט מיט דער גאַנצער אַרבעט, געמוזט צוליב געוויסע סיבות אָפּפאָרן קיין וואַרשע. דער צ. ק. פון „בונד" האָט דעמאָלט דעלעגירט צו אונז אַלס פונקציאָנאַר דעם ח' בורשטין סענדער (איצט אין מעלבורן).

דער ח' בורשטין האָט שוין געפונען גוט איינגעשטעלטע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, אַ קאָאָפּעראַטיוו פון צוויי קאָנסום־געוועלבער, אַ בעקעריי, דעם „אַרבעטער־ווינקל" און אַ גוט פונקציאָנירנדיקע ביבליאָטעק. אויסער דעם איז שוין צוריק געווען טעטיק די בונדישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע „צוקונפט".

די „צוקונפט" האָט נאָך דעמאָלט געפירט זייער אַ שוואַכע טעטיקייט. אָבער בעת עס האָט זיך אומגעקערט פון דייטשלאַנד דער ח' שיע כזשאָנסטאָווסקי, האָט די אַרבעט צוריק אויפגעלעבט. דער ח' שיע האָט זיין גאַנצע נשמה אַריינגעלייגט אין דער יוגנט־באַוועגונג, אַזוי אַז אין אַ קורצע צייט איז זי אויסגעוואַקסן צו אַ גרויסע באַוועגונג ביי אונז אין שטאָט. די „צוקונפט" האָט אָנטייל גענומען אין אַלע אַקציעס פון דער פּאַרטיי און אויך געפירט אירע אַ זעלבסטשטענדיקע טעטיקייט. זי האָט אָרגאַניזירט פאָרלעזונגען פון געקומענע רעדנער און געפירט אַנטוויקלונגס־קרייזן מיט אייגענע אָרטיקע רעפערענטן. די יוגנט האָט אַריינגעשריבן אַ העררלעך בלאַט אין דער געשיכטע פון אונזער באַוועגונג. די טעטיקסטע מיטגלידער אירע זיינען געווען: דער שוין דערמאָנטער ח' כזשאָנסטאָווסקי (אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ), סלוצקא גיטל (אומגעקומען אין וולאָצלאַוועקער געטאָ), זלמן ליכ־

טענשטיין (איצט אין ניו־יאָרק)), פנחס וואָלקאָוויי׳ש געווען אַ מיט־גליד פון צ. ק. פון יוגנט־בונד „צוקונפט״ (איצט אין מאָנטרעאל) און אַ גאַנצע רייע אַנדערע.

יוגנט־אָרגאַניזאַציעס האָבן אויך פאַרמאָגט אַנדערע פּאַרטייען ביי אונז אין שטאָט. די אַלגעמיינע ציוניסטן האָבן געהאַט א יוגנט־אָרגאַניזאַציע מיטן נאָמען „גורדוניה״. עס האָבן אויך געהאַט יוגנט־אָרגאַניזאַציעס די רעכטע און לינקע פּ. צ. די אָרגאַניזאַציע פון די לינ־קע פּ.צ. האָט זיך גערופן „יוגנט״. זי איז איין צייט געווען גאַנץ שטאַרק, אָבער דערנאָך בעת זייער גאַנצע באַוועגונג איז געגאַנגען באַרג אַראָפּ, האָט זי כמעט אויפגעהערט צו עקזיסטירן. די רעכטע פּ.צ. אַן אָפּגע־שפּאָלטענע גרופּע פון די לינקע האָבן געהאַט אַ יוגנט־אָרגאַניזאַציע מיטן נאָמען „פרייהייט״. אַ גרעסערע אָרגאַניזאַציע איז געווען דער „השומר הצעיר״. זי האָט אין איין צייט געהאַט אַ 400 מיטגלידער און געפירט אַ גרויסע אַרבעט. אָבער זיי האָבן זיך אָפּט געשפּאָלטן און די אָפּגע־שפּאָלטענע האָבן שטענדיק אויסגעפילט די טורמעס, ווייל זיי זיינען געוואָרן קאָמוניסטן.

ריידנדיק וועגן די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס דאַרף דערמאָנט ווערן די געזעלשאַפט „אָרט״, וואָס האָט עקזיסטירט ביי אונז אין שטאָט, ווייל דער „אָרט״, וואָס האָט פאַרמאָגט 300 מיטגלידער האָט געפירט פאַך־קורסן פאַר יידישע יוגנטלעכע און מיטגעהאָלפן זיי צו פּראָדוקטיוויזירן.

דער דירעקטאָר פון דער דאָזיקער אינסטיטוציע איז געווען דער ח׳ אַלמאַן משה.

אויך אַ סקיף (אַ סאָציאַליסטישער קינדער־פאַרבאַנד) האָט עקזיס־טירט אין וולאָצלאַוועק. זיין אַרבעט איז זיך ערשט רעכט פאַנאַנדערגע־וואַקסן ווען עס איז געשאַפן געוואָרן די יידיש־וועלטלעכע שול.

***

אין יאָר 1927 האָבן מיר צוזאַמען מיט לינקע און רעכטע פּ.צ. געגרינדעט אַן אָפּטיילונג פון „ציש״א״ (צענטראַלע יידישע שול־אָרגאַ־ניזאַציע). אין דער ערשטער געוויילטער פאַרוואַלטונג זיינען געווען 6

בונדיסטן, 2 רעכטע פּ.צ. און איינער פון די לינקע פּ.צ. ס׳איז דעמאָלט געעפנט געוואָרן אַ י. ל. פּרץ־שול און די דאָזיקע שול האָט זיך אַנטוויקלט זייער גוט. ס׳איז יעדעס יאָר צוגעקומען אַ נייער קלאַס ביז זי איז אויפ־געוואַקסן צו אַ שול פון 6 קלאַסן. ביי דער „צישאָ״ איז אויך געווען טע־טיק אַן אָוונט־שול, וואו הונדערטער עלטערע און יוגנטלעכע האָבן דערגאַנצט זייער וויסן.

עס זיינען געקומען צו אונז לערער, וואָס האָבן געענדיקט דעם ווילנער לערער־סעמינאַר ווי למשל, ראָזע קאַנטאָר, אלמאן משה, טענענ־בוים, גערשון, ליכטצינדער סימע, קאַרעליץ, באטשאן און אַנדערע.

די שול האָט עקזיסטירט 6 יאָר צייט און טראָץ די פינאַנציעלע שוועריקייטן, וואָס איז אונז כסדר אויסגעקומען גובר צו זיין. די לערער האָבן געמוזט אַרבעטן ביי די שווערסטע באַדינגונגען, ממש פאַר הונגער־לוינען, אָבער דאָך האָבן מיר אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען, די שול האָט עקזיסטירט. די רעאַקציאָנערע פּוילישע מאַכט האָט אָבער כסדר געזוכט אַ געלעגנהייט ווי אַזוי פּטור צו ווערן פון איר. און ענדלעך איז עס איר געלונגען. מיט איין שטריך פון פעדער איז ליק־ווידירט געוואָרן די דאָזיקע שיינע אַרבעטער־אינסטיטוציע, וואָס איז געווען פאַר אונז די גרעסטע מאָראַלישע סאַטיספאַקציע, ווייל אַ דאַנק דער שול האָבן מיר געהאַט אַ מעגלעכקייט צו דערציען אונזערע קינדער אין אונזער גייסט.

אויסער אונזער שול איז נאָך געווען אַ בית־יעקב שול פאַר מיידלעך, אָנגעפירט פון די אָרטאָדאָקסן.

די ציוניסטן האָבן געהאַט אַ העברעאיש־פּוילישע גימנאַזיע מיט 8 קלאַסן. די דאָזיקע גימנאַזיע האָט געשמט אין גאַנץ פּוילן ווי איינע פון די בעסטע שולן פון דעם טיפּ און אירע שילער זיינען צעזייט אין צעשפּרייט איבער דער וועלט ביי פאַרשיידענע פּאָליטישע און געזעל־שאַפטלעכע אַרבעטן.

די לינקע פּ. צ. האָבן אויך געהאַט אַ געזעלשאַפט, וואָס האָט זיך גערופן „אָוונט־קורסן פאַר אַרבעטער.״

*
**

אין דעם זעלבן יאָר 1927 האָבן מיר לויט דער איניציאַטיוו פון אַ גרופּע האַנטווערקער, הויפּטזעכלעך קאַמאַשנמאַכער, וואָס האָבן געאַר־בעט פאַר דער פירמע קאָנעצקי, געגרינדעט אַן אָפּטיילונג פון סאָציאַ־ליסטישן האַנטווערקער פאַראיין.



אַרטעל פון דאַמען פריוואַט-אַרבעטער פון פּראָפעסיאָנעלן נאָדל-פאַראיין אין וולאָצלאַוועק פון יאָר 1921.

די פינפטע פון דער לעצטער רייע שטייענדיק איז די אַקטיווע בונדיסטקע ביילע שימאַנסקאַ. מ׳האָט זי אין וולאָצלאַוועק גערופן די „מאַמע פון בונד". אַנטלויפנדיק פון די נאַצים איז זי אויפן וועג קיין לאָדזש פאַרפרוירן געוואָרן און געשטאָרבן אין שפיטאָל.

אין שטאָט האָט שוין פון פריער עקזיסטירט אַ בירגערלעכער האַנט־ווערקער פאַראיין. דער פאַראיין איז געווען גוט אָרגאַניזירט, האָט געציילט ביז 500 מיטגלידער און די ציוניסטן האָבן דאָרט געהאַט א גרויסע ווירקונג.

אונטער דער השפעה פון די ציוניסטן האָבן זיך אגב אויך געפונען די פאַראיינען פון די קליינהענדלער און פון די סוחרים, ווי אויך די צוויי באַנק־אינסטיטוציעס פון האַנטווערקער און קליינהענדלער.

אונזערע כאַלופּניקעס האָבן ניט געקענט געהערן צו דעם בירגערלעכן פאַראיין שוין צוליב דעם אַליין, וואָס קאָנעצקי פאַר וועמען זיי האָבן געאַרבעט איז דאָרט געווען אַ גאַנצער מאַכער.

צום סאָציאַליסטישן האַנטווערקער־פאַראיין האָבן, לויטן סטאַ־טוט, געמעגט געהערן צוויי מינים האַנטווערקער: כאַלופּניקעס, וואָס נעמען אַרויס אַרבעט פון גרעסערע אונטערנעמער און באַשעפטיקן נישט מער ווי צוויי אַרבעטער און זעלבסטשטענדיקע האַנטווערקער סאָציאַליסטן, וואָס צוליב זייער פאַראיינס־טעטיקייט זיינען באָיקאָטירט געוואָרן פון די אונטערנעמער און האָבן פאַרלוירן זייערע אַרבעטס־פּלעצער.

דער סאָציאַליסטישער האַנטווערקער־פאַראיין האָט זיך זייער גוט אַנטוויקלט. געווען צייטן ווען ער איז געגאַנגען באַרג אַרויף, ס'זיינען אָבער אויך געווען צייטן ווען זיין אַקטיוויטעט איז אַ סך פאַרקלענערט גע־וואָרן צוליב פאַרשידענע סיבות. ער האָט אָבער עקזיסטירט די גאַנצע צייט ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען די מערדערלעכע נאַציס האָבן אַ סוף געמאַכט צו זיין עקזיסטענץ.

כדי צו פאַרענדיקן מיט די פאַראיינען דאַרף נאָך דערמאָנט ווערן דער פאַראיין פון די האַנדלס־אָנגעשטעלטע, ער האָט געהערט צו די לינקע פּ.צ. און נאָך אַ קליינער טרעגער־פאַראיין, אַן אומפּאַרטייאישער.

*
**

אין יאָר 1927 זיינען פאָרגעקומען אין גאַנצן לאַנד שטאָטראַט־וואַלן. דער צ.ק. פון „בונד" האָט ספּעציעל צו דער וואַל־קאָמפּאַניע צוגע־שיקט צו אונז דעם זייער ענערגישן און טיכטיקן ח' בערעק שניידמיל

(דער טראַגיש אומגעקומענער העלד פון וואַרשעווער געטאָ). ער האָט מיטן ח׳ בורשטין, וואָס איז נאָך דעמאָלט געווען ביי אונז, געדאַרפט אָנפירן מיט דער גאַנצער וואַל־אַרבעט. די אַמביציע פון אונזערע חברים איז געווען נישט אָפּצושטיין פון אַלע אַנדערע שטעט אין פּוילן, וואָס האָבן געהאַט אַזאַ גרויסן דערפאָלג ביי די דאָזיקע וואַלן.



אַ גרופּע וולאָצלאַווקער בונדיסטן, פאָטאָגראַפירט אין יאָר 1927, בעת שטאָט-ראַט וואַלן. אויף צו העלפן פירן די וואַל-קאַמפּאַניע איז פון וואַרשע צוגעשיקט געוואָרן דער חבר בערעק שניידמיל (ערשטע רייע, דער דריטער פון לינקס). געווען איינער פון די פירער פון וואַרשעווער געטאָ-אויפשטאַנד אין אַפּריל-מאַי 1943.

מיט אַ געוויסער צייט פריער האָבן מיר געהאַט דורכגעפירט אַ קליינע וואַל־קאַמפּאַניע. דאָס איז געווען צום ראַט פון דער קראַנקן־קאַסע. די וואַלן האָבן אַרומגענומען אַ קליינע צאָל מענטשן, ווייל וואַל־רעכט האָבן געהאַט בלויז אַרבעטער מיטגלידער פון קראַנקן־קאַסע. אונז איז דעמאָלט געלונגען דורכצופירן אַ ראַטמאַן דעם ח׳ חיים ווישעגראָדזקי.

די איצטיקע וואַל־קאַמפּאַניע איז געווען פון אַסך אַ ברייטערן פאַרנעם. מיר האָבן אַנטוויקלט אַ גרויסע אויפקלערונגס־אַרבעט און אַריינגעצויגן אַ סך אַ גרעסערן קרייז חברים און סימפּאַטיקער. דער זשפּרוף איז געווען אָן אויסערגעוויינלעכער. טויזנטער מענטשן זיינען געקומען צו אונזערע עפנטלעכע מיטינגען און באַדייטנדיקע צאָלן

צו אונזערע הויז־פאַרזאַמלונגען. די גאַנצע פאַרטיי־מיטגלידערשאַפט איז געווען אַריינגעצויגן אין דער הויז־אַגיטאַציע און צוזאַמען מיט זיי האָבן אויך מיטגעאַרבעט אַ סך אומפּאַרטייאישע אַרבעטער. די גאַנצע פּרעכטיקע יוגנט אונזערע און דער סקיף האָבן מיטגעהאָלפן אין דער אַרבעט און איייניקע יוגנט־טוער האָבן זיך אין דער דאָזיקער וואַל־קאַמפּאַניע אַרויסגערוקט אויבנאָן.

פון צ.ק. פון „בונד״ איז אונז צוגעשיקט געוואָרן אַ ספּעציעלער פילם, וואָס איז געשאַפן געוואָרן צו די וואַרשעווער וואלן, ער האָט זיך אָבער אויך גוט צוגעפּאַסט פאַר אונזער שטאָט.

צו אונזערע מאַסן־מיטינגען זיינען דעלעגירט געוואָרן די ה״ח: מיכאַלעוויטש, ערליך, אַלטער, כמורנער, שרה שוועבער, הימלפאַרב און אַנדערע.

אין דער דאָזיקער וואַל־קאַמפּאַניע האָבן זיך נאַטירלעך אויך באַטייליקט אַלע אַנדערע פּאַרטייען אויף דער יידישער גאַס. די ציוניסטן, די פּ.צ., די אגודת ישראל און די קאָמוניסטן.

די ציוניסטן זיינען געווען די שטאַרקסטע פּאַרטיי אין שטאָט און זיי האָבן געהאַט 3 ראַטמענער אין שטאָט־ראַט און צוויי וועכנטלעכע ציַיטונגען: „די וולאָצלאַווקער שטימע״ און „וולאָצלאַווקער וואָכנבלאַט״. הגם זיי האָבן געהערט צו פאַרשיידענע פראַקציעס אין ציוניזם, זיינען זיי אָבער ביידע געווען סאָלידאַר אין שיטן שוועבל און פעך אויפן „בונד״ און זיינע אינסטיטוציעס.

די אגודת ישראל און די אַרבעטער־ריכטונגען אין ציוניזם זיינען געווען אַ סך שוואַכער, אָבער אויך זיי האָבן געקעמפט קעגן אונז. ווי אויך די קאָמוניסטן. זיי זיינען געווען אומלעגאַל און זייער ליסטע איז געווען געפּסלט אָבער זיי האָבן גערופן שטימען אויף זייער געפּסלטער ליסטע.

אַלענפאַלס האָבן מיר אין דער דאָזיקער וואַל־קאַמפּאַניע געהאַט קעגן זיך אַ פראָנט פון אַלע יידישע פּאַרטייען און זיי האָבן געקעמפט קעגן אונז מיט פאַלשקייט און ליגן. און דאָך האָט אונזער ליסטע באַקומען די גרעסטע צאָל שטימען אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס און

מיר האָבן דורכגעפירט 2 ראַטמענער, די חברים: הילער שלמה און טאָראָנ־טשיק אברהם. די רעכטע פּ.צ. האָבן דורכגעפירט איין ראַטמאַן.

צום דעמאָלטדיקן וואַל־קאָמיטעט האָבן געהערט 21 חברים מיטן שרייבער פון די דאָזיקע שורות (חיים טאַבאַטשניק) אַלס פאָרזיצער.

* * *

נאָך די דאָזיקע וואַלן האָבן מיר באַשלאָסן אויסצוניצן דעם זיג, בכדי נאָך מער צו פאַרשטאַרקן אונזערע רייען. מיר האָבן גלייך געגרינדעט אַ „מאָרגנשטערן" ספּאָרט פאַראיין, — אַן אָפּטיילונג פון דער צענטראַלע אין וואַרשע.

אויך אויף דעם דאָזיקן געביט האָט די יוגנט אַרויסגעוויזן אַן אויסערגעוויינלעכע עקשנות און איבערגעגעבנקייט. עטלעכע הונדערט יוגנטלעכע האָבן פיר מאָל אין דער וואָך דורכגעפירט גימנאַסטישע איבונגען. די טורן־פעסטן, וואָס זיינען פאָרגעקומען יעדעס יאָר האָבן צוגעצויגן הונדערטער מענטשן. די אַרומיקע שטעטלעך האָבן געוויינטלעך אויף דעם זעלבן טאָג איינגעאָרדנט אויספלוגן צום פעסט. זייער אַ לעבעדיקע טעטיקייט האָט געפירט די טוריסטן־אָפּטיילונג, זי האָט יעדע וואָך איינגעאָרדנט אויספלוגן אין פאַרשיידענע ערטער.

צו די אָנפירער פון „מאָרגנשטערן" האָבן געהערט די ח"ח: כזשאָנסטאָווסקי משה, שטערן איטשע, טאַבאַטשניק מיכאַל א. אַנד.

ספּאָרט־אָרגאַניזאַציעס ביי אונז אין שטאָט האָבן פאַרמאָגט נאָך אַנדערע פאַרטייען. די אַלגעמיינע ציוניסטן האָבן געהאַט אַ גוט אָרגאַניזירטן „מכבי" און זייער אַ שיינעם לאָקאַל, וואָס פלעגט אפילו אויסגענוצט ווערן פון אַנדערע פאַרטייען פאַר פאַרזאַמלונגען און פאָרלעזונגען. די לינקע פּ.צ. האָבן געהאַט די „גוויאַזדאַ" און די רעכטע פּ.צ. האָבן אויך געהאַט אַ ספּאָרט־קלוב, אַרום וועלכן עס האָט זיך גרופּירט אַ מער באַלעבאַטישער עלעמענט.

*
**

צו יענער צייט איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ קולטור־ליגע, אַן אָפּטיילונג פון דער צענטראַלע אין וואַרשע. די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע

האָט געהאַט 300 מיטגלידער און איר אויפגאַבע איז געווען צו פירן די קולטור־אַרבעט צווישן די ברייטע מאַסן יידישע אַרבעטער. די קולטור־ליגע האָט עקזיסטירט ביזן אויסברוך פון דער מלחמה. עס האָבן מיר איר אָנגעפירט אַ גאַנצע רייע חברים בראש מיטן ח. אלמאן משה, וואָס איז צו אונז געקומען אַלס לערער און האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיינע אַרויסטרעטונגען סיי אין דער שול און סיי אין קולטור־ליגע.



קאָמיטעט פון וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט „ייוואָ", וולאָצלאַוועקער אָפּטיילונג. אין מיטן (אויבן) שטייט שמואל ווינטער דער קולטור־טוער און ליבהאָבער פון דער יידישער ליטעראַטור. אין די יונגערע יאָרן געווען אַקטיוו אין „בונד". טראַגיש אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ. (דאָס בילד באַקומען פון „ייוואָ"-אַרכיוון אין ניו-יאָרק)

אין די דרייסיקער יאָרן איז ביי אונז געגרינדעט געוואָרן די „טעאַטער־געזעלשאַפט", וואו אונזערע חברים האָבן געשפילט אַ גרויסע ראָלע. עס זיינען דורכגעפירט געוואָרן אַ גאַנצע רייע קולטורעלע טעאַטער־פאָרשטעלונגען. איינע אַזאַ פאָרשטעלונג „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק" פון י. ל. פרץ, איז רעזשיסירט געוואָרן דורך יעקב ווייסליץ. ער איז ספּעציעל געקומען צוליב דעם און האָט פאַרבראַכט ביי אונז אַ פּאָר וואָכן צייט. דער ח' שלמה מענדעלסאָן איז איינגעלאַדן געוואָרן צו רעפערירן פאַרן אָנהויב פון דער פאָרשטעלונג וועגן אינהאַלט פון דער פיעסע. דער דערפאָלג איז געווען זייער אַ גרויסער.

ס׳איז אויך געווען טעטיק ביי אונז אַן אָפּטיילונג פון „ייוואָ״ אָנגעפירט דורכן קולטור־טוער שמואל ווינטער. ער איז געווען אַ ליבהאָבער פון יידישן וואָרט און אָפּנעמער פון אַלע דערשינענע יידישע ביכער.

אַליין זייער אַ רייכער מענטש האָט ער נישט פאַרגעסן זיין „יוגנט־זינד״, ווען ער איז געווען זייער אַ טעטיקער בונדיסט און שטאַרק גע־שטיצט דעם „בונד״ פינאַנציעל. ער האָט זיך באַרימט, אַז ער שטימט פאַרן „בונד״ סיי צו קהלה־וואַלן, סיי צו וואַלן צום שטאָט־ראַט. בעתן אויסברוך פון דער מלחמה איז ער פאַרבליבן אין פוילן און טראַגיש אומגעקומען אין דער וואַרשעווער געטאָ.

***

אין יאָר 1933 האָט די וולאָצלאַווקער אָרגאַניזאַציע געהאַט אַ שווערן פאַרלוסט. עס איז געשטאָרבן דער ח׳ איטשע גדיינסקי, אַ חבר, וואָס איז געווען איבערגעגעבן דער פאַרטיי מיט לייב און לעבן. אַ קינד פון זייער אָרעמע עלטערן, האָט ער אַדאַנק זיינע פעאיקייטן און גרויסן אידעאַליזם, זיך באַוויזן אַרויסצורוקן אויף אָנפירנדיקע פּאָסטנס אין אונזער פאַרטיי. ער איז געווען אַ קאָמיטעט־מיטגליד, סעקרעטאַר פון ראַיאָן־קאָמיטעט און האָט אָנגעהאַלטן נאָך אַנדערע אָנפירנדיקע אַמטן. ער איז געשטאָרבן אין עלטער פון 34 יאָר פון דער פּראָלעטאַרישער קרענק, פון טובערקולאָז, וואָס האָט אים געפייניקט שוין אין זיין פריער קינד־הייט. מיר האָבן אָרגאַניזירט אַ לוויה, און נאָך זיין ארון זיינען נאָכגע־גאַנגען הונדערטער אַרבעטער.

ביים אָפענעם קבר האָבן אים מספּיד געווען: די ח״ח ראָזנטאַל, אלמאַן און וואָלקאָוויטש. כבוד זיין אָנדענק!

***

נאָך היטלערס קומען צו דער מאַכט, האָט זיך אין פוילן אָנגעהויבן דער פלירט מיט היטלער־דייטשלאַנד. די רעגירונגס־פאַרטיי, דער אַזוי גערופענער, „אָזאָן״, האָט צוזאַמען מיטן גאַנצן אַנטיסעמיטיש־פאַ־

שיסטישן לאַגער, אויפגעהייבן דעם קאָפּ. עס האָט זיך אָנגעהויבן די צייט פון פאַרשטאַרקטן ווירטשאַפטלעכן באָיקאָט קעגן יידן, פון פּאָגראָם־שטימונגגען, פון דער שחיטה־גזירה און פון באַזונדערע בענק פאַר יידישע סטודענטן אין די הויך־שולן. גלייכצייטיק האָבן זיך אויך אָנגעהויבן שטאַרקע רעפּרעסיעס קעגן דער אַרבעטער־באַוועגונג. דער „בונד" אין פּוילן האָט דערויף געענטפערט מיט אַ פאַרשאַרפטן פּאָליטישן קאַמף. אונזער אָרגאַניזאַציע האָט זיך אָפּגערופן אויף אַלע קאַמפּס־אַרויסטרע־טונגען פון „בונד" אין ענין שחיטה־גזירה, ווי אין אַלע אַנדערע ענינים.

דער פּראָטעסט־סטרייק צוליבן פּאָגראָם אין פּשיטעק איז ביי אונז געווען אַ פולשטענדיקער. אַלע יידישע אַרבעטער האָבן געסטרייקט און אויך די געשעפטן זיינען געווען געשלאָסן.

בעתן דאָזיקן פּראָטעסט־סטרייק זיינען אַרעסטירט געוואָרן 5 אונזערע חברים. 4 פון זיי זיינען נאָך אַ פּאָר טעג זיצן באַפרייט געוואָרן, אָבער די ח׳טע זשעניע וויערושעווסקאַ האָט באַקומען אַ שטראָף פון זעקס חדשים טורמע. און דאָס אויך נ ָך אַ שטאַרקער פאַרטיידיגונגס־רעדע פון ח׳ הענריק ערליך, וואָס איז ספּעציעל געקומען פון וואַרשע צו איר פּראָצעס.

ביי דער געלעגנהייט איז אגב ווערט צו דערמאָנען די הערלעכע פאַרטיידיקונגס־רעדעס, וואָס ערליך האָט געהאַלטן בעת ער איז געקומען אַהער פאַרטיידיקן אַרעסטירטע קאָמוניסטן.

אין דער זעלבער צייט האָט אונזער פראַקציע אין שטאָט־ראַט געפירט דעם קאַמף מיט דער בירגערלעכער מערהייט און דערמיט וואָס ווייטער אַלץ מער געוואונען דעם צוטרוי פון דער באַפעלקערונג. מיר האָבן אויך דורכגעפירט ערשטע־מאַי דעמאָנסטראַציעס און אונזער באַוועגונג איז געוואָרן גרעסער און אָנזעעוודיקער. דאָס האָט געשטאָכן די אויגן פון דער פאַשיסטישער רעאַקציע און עס האָבן זיך אָנגעהויבן שיטן אויף אונז רעפּרעסיעס.

דער ערשטער קרבן איז געווען דער ח׳ אהרון גאָרצעוויטש (איצט אין ישראל), אַ פונקציאָנאַר פון „בונד" אין וולאָצלאַוועק. מען האָט אים אַרעסטירט און סוף אַפּריל 1937 אַוועקגעשיקט אין קאַרטוז בערעזע,

אין דעם טרויעריק־באַרימטן קאָנצענטראַציע־לאַגער, וואָס דער פּוילישער סאַנאַציע־רעזשים האָט געשאַפן. כדי צו האָבן אַ פאָרשטעלונג וועגן דער גרויזאַמקייט פון דעם דאָזיקן לאַגער איז גענוג צו זאָגן, אַז ווען נאָך לאַנגע אינטערווענצן אין מיניסטעריום, האָט מען אים נאָך פיר וואָכן זיין דאָרטן, ענדלעך באַפרייט, איז ער געקומען אַהיים אַ דערשלאָגענער, פיזיש־צעבראָכענער מענטש.

אין בריסק־קויאַווסק, אַ שטעטל לעבן וולאָצלאַוועק איז אויף דעם זעלבן אופן אַרעסטירט און שפּעטער באַפרייט געוואָרן אונזער חבר פייוויש קאָוואַלסקי.

די אַלע פאַרפאָלגונגען און רעפּרעסיעס האָבן נישט אָפּגעשוואַכט אונזער פאַרטיי. ס'האָט זיך גאָר געשאַפן פונקט אַ פאַרקערטע לאַגע. ווען עס זיינען סוף 1938 פאָרגעקומען די וואַלן צו די שטאָט־ראַטן אין וואַרשע און אין אַנדערע גרעסערע שטעט אין פוילן, איז דער „בונד" נאָך די וואַלן געוואָרן די שטאַרקסטע פאַרטיי אויף דער יידישער גאַס.

אין וולאָצלאַוועק זיינען די וואַלן פאָרגעקומען דעם 27־טן אַפּריל 1939. די וואַל־אָרדינאַציע איז שוין געווען אַזוי צוגעשניטן, אַז די יידישע אַרבעטנדיקע באַפעלקערונג זאָל האָבן אַ וואָס קלענערע רעפּרעזענטאַנץ. און דאָך האָבן מיר באַוויזן ניט ענטשפּרעכנדיק אַנדערע שטעט אין פוילן. אונזער וואַל־ קאַמפּאַניע איז געווען אַ מוסטער פון פּראָלעטאַרי־שער אויפריכטיקייט און ערנסטקייט. עס האָבן זיך אין איר אַקטיוו באַטייליקט אַלע צווייגן פון אונזער באַוועגונג: די פּראָפעסיאָנעלע פאַר־איינען, די אָרגאַניזאַציעס פון קולטור, ספּאָרט, יוגנט, סקיף און אַנדערע.

און דער רעזולטאַט איז געווען אַן אויסגעצייכנטער. מיר האָבן באַקומען 60 פּראָצענט פון אַלע אָפּגעגעבענע יידישע שטימען און 3 ראַטמענער אין שטאָט־ראַט. די ח"ח: הילער שלמה, לעסינק יעקב און אַלמאַן משה. אַלע איבריקע פאַרטייען צוזאַמען האָבן באַקומען איין ראַטמאַן.

מיר האָבן צו יענער צייט פאַרמאָגט אַן אייגענעם חודש־זשורנאַל: „דער וולאָצלאַווקער וועקער". דעם זשורנאַל האָבן מיר אָנגעהויבן אַרויס־געבן אין יאָר 1938 ווען אונזער באַוועגונג איז געגאַנגען באַרג אַרויף. מיר

האָבן באַוויזן אַרויסצוגעבן זעקס נומערן. דער זשורנאַל האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דער אַנטוויקלונג פון אונזער באַוועגונג.

---

דאָס איז אין קורצע שטריכן דער סך־הכל פון 18 יאָר יידיש־געזעלשאַפטלעך לעבן, פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, פון „בונד" אין ה׳לאָצלאַוועק.

# דער „בונד" אין װלאָצלאַװקער געטאָ *)

פראַגמענטן פון אַ קאָלעקטיװער אַרבעט פון חיים גאָסטינסקי, משה לישאַק און ליב שנורבאַך — טוער פון „בונד" אין װלאָצלאַװעק ביז 1939, װעלכע האָבן דורכגעמאַכט די דײַטשע אָקופּאַציע אין װלאָצלאַװקער געטאָ ביז זײַן ליקװידירונג און זײַנען נאָכדעם אַדורך פאַרשײדענע לאַגערן.

באַאַרבעט דורך ה' מ. בערנשטײן אױפן סמך פון מאַטעריאַלן פון אַרכיװ פון צ. ק. פון „בונד".

די דײַטשן זײַנען אַרײַן אין װלאָצלאַװעק דעם 14־טן סעפּטעמבער 1939 — צװײטער טאָג ראש־השנה.

אונזערע חברים (פון „בונד", „צוקונפט", „סקיף") האָבן אין דער גרעסטער מערהײט לכתחילה פאַרלאָזן װלאָצלאַװעק, װען די ידיעות, אַז די דײַטשן מאַרשירן פאָראױס צו װלאָצלאַװעק, װי בכלל אױפן גאַנצן פראָנט. טײל זײַנען דערגאַנגען ביז װאַרשע, טײל האָבן דאָס נישט באַװיזן. נאָכן פאַרנעמען די שטאָט פון די דײַטשן, זײַנען טײל חברים געקומען צוריק, טײל פאַרבליבן אין די נײַע װאױנערטער זײערע.

די פּאַרטײ־מיטגלידער, װעלכע זײַנען געבליבן אױפן אָרט האָבן פון דער ערשטער מינוט אָנגעהױבן טראַכטן װעגן נישט פאַרלירן די פאַר־בינדונג צװישן זיך, בכלל װי אַזױ פאָרטצוזעצן אונזער בונדישע טעטיקײט אין די נײַע באַדינגונגען.

---

*) פאָטאָסטאַטישע אָפּדרוקן פון דער אױסגאַבע : „היסטאָרישער זאַמלבוך", מאַטעריאַלן און דאָקומענטן צושטײער צו דער געשיכטע פון אַלגעמײנעם ייִדישן אַרבעטער־בונד, װאַרשע 1948.

די פאָטאָסטאַטן זײַנען צוגעשיקט געװאָרן פון חבר משה כזשאָנ־סטאָװסקי, מאָנטרעאָל.

# די יום-כיפור אַקציע

שוין די ערשטע וואָך פון דער דייטשער אָקופּאַציע האָט די וולאָצ־לאַווקער אָרגאַניזאַציע פון „בונד" געהאַט דעם ערשטן בלוטיקן שניט.

געווען איז עס ערב יום־כיפור. טראָץ דער פאַרפּליכטנדער פּאָלי־צייאישער שעה, האָבן זיך די יידן געקליבן אין מנינים צו כל־נדרי. איינער אַזאַ מנין איז געווען אין הויז פון פּיניע גראָסווירט אויף לענגער גאַס. ווען די יידן זיינען געגאַנגען פון דאַוונען, געפּרואווט זיך באַהאַלטע־נערהייט אַריבערכאַפּן פון שטוב צו שטוב האָבן עס משמעות באַמערקט די דייטשן און אויף דער גאַס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אָבלאַווע. די אַלאַרמירטע דייטשן זיינען געגאַנגען פון שטוב צו שטוב, געשלעפּט יונג און אַלט, טייל נאָך מיט טליתים. די אַלע געכאַפּטע זיינען אָפּגעפירט געוואָרן אויף דער זעלבער לענגער גאַס נומער 51, וואו ס׳האָט זיך געפונען יאַנקל גוטאָווסקיס עקספּעדיציע הויז. פון דאָרטן האָט מען זיי געפירט אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג.



אַ גרופּע וולאָצלאַווקער בונדיסטן אויפן אָרט, וואו עס איז דערשאָסן געוואָרן דורך די דייטשישע רוצחים און באַגראָבן געוואָרן נאָך לעבע־דיקערהייט דער חבר יעקב בערנהאָלץ. די פאָטאָגראַפיע איז גענומען געוואָרן באַלד נאָך דער צווייטער וועלט-מלחמה.

צווישן אַנדערע זיינען די דייטשן אויך אַריין אין הויז לענגער־גאַס נומער 56, וואו ס׳האָט געוואוינט אונזער חבר יאַנקל בערנהאָלץ, אַ שניידער, פאָרזיצער פון שניידער־אַרבעטער פאַראיין און מיטגליד פון קאָמיטעט פון „בונד" און יוגנט־בונד „צוקונפט" אין וולאָצלאַוועק.

ביים וועלן אַרויספירן אים פון דער דירה איז געקומען צו אַ סקאַנדאַל. ער האָט זיך קעגנגעשטעלט, און ווי טייל גיבן איבער, זאָלן די דייטשן אים אַפילו האָבן פאַרוואונדעט פון אַ רעוואָלווער־שאָס. אויך אים, בערנהאָלצן, האָט מען אַוועקגעפירט אויף דעם זאַמלפונקט, לענגער גאָס 51, וואו מ׳האָט אים און נאָך 4 אַנדערע אויסגעטיילט פון צווישן די איבעריקע און אויפן אָרט, אויף דעם הויף דערשאָסן און באַגראָבן אויפן אָרט פון דער עקזעקוציע. צוזאַמען מיט אים זיינען דערשאָסן געוואָרן: מאָטל דישעל, דעמבינסקי, כאַימאָוויטש (16 יאָר אַלט).

די מענטשן, וואָס זיינען דערביי געווען האָבן דערציילט, אַז בערנהאָלץ איז באַגראָבן געוואָרן אין האַלב לעבעדיקן מצב.

די פאַרטיי־אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט שוין געאַרבעט אומלעגאַל, האָט באַשלאָסן אויפצוגראָבן ח׳ בערנהאָלצס קערפער און מקבר זיין אים אויפן יידישן בית־עולם. די דאָזיקע אַרבעט איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם אומלעגאַלן קאָמיטעט פון יוגנט־בונד „צוקונפט“, וועלכער האָט זיך אַגב פרייוויליק געמאָלדן, אַז ער וועט די אַרבעט דורכפירן.

דאָס אָרט, וואו עס ליגט בערנהאָלץ, האָט אָנגעוויזן איינער (דעם נאָמען פאַרגעסן), אַ רעליגיעזער ייד, וועלכער איז געווען בעת דער עקזעקוציע. מ׳האָט אים טאַקע אַרויסגענומען און מקבר געווען אויפן יידישן בית־עולם. אָנגעפירט מיט דער אַרבעט האָט די קאָמיטעט־מיטגלידערין פון י״ב „צוקונפט“ זשעניע וויערושעווסקאַ, ביי דער מיטהילף פון די צוקונפט־טוער יונה ערנרייך און יונה טענדלער.

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז די עפנטלעכע טעטיקייט פון „בונד“ איז אָפּגעשטעלט געוואָרן. אַלע לאָקאַלן און אינסטיטוציעס זיינען געשלאָסן געוואָרן. די העכער 4.000 ביכער פון גראָסער־ביבליאָטעק, וואָס האָט איר יחוס נאָך פון 1906, ווען זי איז אומלעגאַל געגרינדעט געוואָרן דורך די ערשטע בונדיסטן אין וואָלאָצלאַוועק, זיינען אַריינגעפּאַקט געוואָרן אין קאַסטנס און באַגראָבן געוואָרן אין די קעלערן פון בונדישן 3־שטאָקיקן הויז אויף סט. אַנטאָניעגאָ 22.

די פאַרטיי־פענער פון „בונד“, „צוקונפט“ און אַרכיוו האָט דער קאָ־מיטעט־מיטגליד פון „בונד“ און „צוקונפט“ בינעם ווייסבראָט (געפאַלן

זיי אַן אָפיציר פון דער קאָשטשושקאָ־אַרמיי, הינטער בערלין), ערגעץ באַ־גראָבן. וואו — איז נישט באַוואוסט.

(יוען אונזערע חברים זיינען נאָך דער באַפרייאונג פון וולאָצלאַוועק אין 1946 צוריקגעקומען, זיינען שוין די פאַרגראָבענע ביכער נישט געוועזן. אין די דאָזיקע קעלערן האָבן די דייטשן איינגעאָרדנט קעגן־לופט־באַהעלטענישן און, ווייזט אויס, אַנשטויסנדיק זיך אויף די ביכער זיי פאַרניכטעט).

## אָרגאַניזאַציע פון דעם אומלעגאַלן „בונד"

אויף איינשטעלן און פירן די אונטערערדישע טעטיקייט זיינען אויס־געטיילט געוואָרן אומלעגאַלע קאָמיטעטן פון „בונד" און „צוקונפט". אין ערשטן קאָמיטעט זיינען אַריין די חברים: ראָזנטאַל יעקב־לייב (ראַט־מאַן און קהילה־דאָזאָר), אהרן גערצאָוויטש, חיים טאַבאַטשניק־גאָסטינסקי. שיע אַדלער. די זיצונגען פלעגן פאָרקומען אין הויז פון חיים טאַבאַטשניק אויף קרולעוויעצקע גאַס נומער 18. דער קאָמיטעט פון „צוקונפט" איז באַשטאַנען פון די חברים בינעם ווייסבראָט, זשעניע ווערושעווסקאַ, יונה ערענרייך, משה דאַנציקער, מאַטיס קרישטאַלקע.

מיט דער אומלעגאַלער טעטיקייט פון „סקיף" האָבן אָנגעפירט לייב שנורבאַך, סאַמעק ראָזנטאַל און מאַניע סאַדיקערסקי.

וועגן אַ פאַרטיי־טעטיקייט אין דעם זין און פאָרם ווי מיר האָבן געהאַט ביז 1939 האָט קיין רייד נישט געקאָנט זיין. נישט אַלעמען האָט מען געקענט צו דער אַרבעט צוציען. די אומלעגאַלע וולאָצלאַוועקער אָר־גאַניזאַציע פון „בונד" האָט זיך געשטעלט די פאָלגנדיקע אויפגאַבן:

1) האָבן קאָנטאַקט צווישן זיך, וויסן וואָס ביי יעדן טוט זיך, טיילן זיך מיט ידיעות, נישט פאַרלירן קיינעם פון אויג.

2) קעגנזייטיקע הילף. דער הייליקער חוב איז געווען „נישט לאָזן הונגערן אַ קרוב". האָט זיך נאָכדעם אויסגעברייטערט אין געטאָ.

3) קריגן ידיעות פון דער וועלט.

## געהיימער ראַדיאָ-אַפּאַראַט

אין דער צייט איז טאַקע אין קעלער פון ח׳ איטשע ווייסבראָט (פּאַרטיי־מיטגליד, געבוירן אין 1906, דאַמען־שניידער, געוואוינט אויף דער דריטער מאַי גאַס נומער 1) אינסטאַלירט געוואָרן אַ געהיימער ראַדיאָ־אויפנאַם־אַפּאַראַט. פון וואַנען מיר פלעגן שעפּן ידיעות, וואָס עס טוט זיך אויף די פראָנטן, וואָס קומט פאָר אויף דער וועלט.

הגם די ידיעות האָבן נישט געקענט הויבן אונזער שטימונג, די ידיעות פלעגן אַלץ זיין וועגן דעם דייטשישן מאַרש פאָראויס, אָבער דער פאַקט, אַז מיר האָבן אַ קאָנטאַקט מיט דער וועלט איז געווען זייער וויכטיק — אויב מיר וועלן זיין אָפּגעשניטן וועט מען דאָך נישט וויסן, ווען ס׳וועט זיך דאָס רעדל אַ דריי טאָן צוריק, פלעגט מען זאָגן.

דאָס אַלץ איז, פאַרשטייט זיך, געווען נאָך איידער די דייטשן האָבן איינגעפירט דעם געטאָ, טאָג־טעגלעך פלעגן זיך שיטן גזירות, נייע פאַראָרדענונגען, שיקאַנעס.

## ג ע ט אָ

דער געטאָ איז געשאַפן געוואָרן אין וולאָצלאַוועק דעם 1־טן סעפּטעמבער 1940, פּונקט צום יאָר פון מלחמה־אויסברוך. אין פּאַרטיי־לעבן איז קיין שום ספּעציעל וויכטיקעס נישט פאָרגעקומען. דער מיט־גלידער־באַשטאַנד איז כסדר פאַרקלענערט געוואָרן. בעיקר פלעגן די בונדיסטן און צוקונפטיסטן זיך רייסן קיין וואַרשע, וואו ס׳איז געווען אַ געגנוג רירערוודיקע טעטיקייט פון דער פּאַרטיי בכלל און בעיקר צוליב דעם, וואָס אין דער אומלעגאַלער טעטיקייט אין וואַרשע האָבן זיך באַ־טייליקט זייער פיל וולאָצלאַווקער בונדיסטן.

אויף די אַזוי גערופענע „ווישעדלעניעס" (אַרויסשיקונגען) האָבן אַרויסגעריסן זייער פיל פּאַרטיי־מיטגלידער, הגם מיר פלעגן אָננעמען זייער פיל מיטלען אָפּצוראַטעווען אונזערע חברים אויף וויפל ס׳פלעגט זיך נאָר לאָזן. אונז איז טאַקע געלונגען מיט ציין און נעגל איינהאַלטן

ביזן סוף, אַפילו ביזן ליקווידירן דעם געטאָ, אַ געוויסן טייל פון אונזער געוועזענעם אַקטיוו.

אַזעלכע „ווישעדלעניעס" האָט וולאָצלאַוועק געהאַט ביזן שאַפן דעם געטאָ פיר:

1) די ערשטע — דעם 1־טן דעצעמבער 1939 קיין אָזשאָראָוו.

2) די צווייטע — דעם 15־טן דעצעמבער 1939 קיין זאַמאָשטש.

3) די דריטע — דעם 12־טן פעברואַר 1940 קיין וולאַשטשעווע און קאָזשעלעוו.

4) די פערטע — דעם 15־טן מערץ 1940 קיין טאַרנאָוו.

די דאָזיקע „אויסזידלונגען" האָבן אַרויסגעריסן דעם רוב מנין פון אונזער פעריפעריע און גרויסע טיילן פון דער מיטגלידערשאַפט;

נישט אַריינגעפאַלן אין דער אויסזידלונג־אַקציעס און אָפּגעפאָרן פון וולאָצלאַוועק זיינען די פאָלגנדיקע חברים בונדיסטן פון אָנפירנדיקן אַקטיוו:

דער בונדישער ראַטמאַן אין שטאָט־ראַט אַדוואָקאַט יאַקוב לעסינג (ער איז אָבער טראַגיש אומגעקומען אויף זיין וועג אויף מזרח, קיין ראַטנפאַרבאַנד, אין אָסטראָוו מאַזאָוויעצקי, וואו דעם 11־טן נאָוועמבער 1939 האָבן די דייטשן דאָרטן אויסנוצנדיק אַ פּראָוואָקאַציע, וואָס אין דער דאָזיקער נאַכט, ווען עס פאַלט אויס דער אומאָפּהענגיקייט יום־טוב פון פוילן, האָט ווער אונטערגעצונדן בענזין־ציסטערנעס. די דייטשן האָבן ווי אַ שטראָף, דערשאָסן עטלעכע הונדערט יידן פון שטאָט און פּליטים, וועלכע זיינען געווען אין שטאָט, וועלכע איז געוואָרן דער לעצטער גרעניץ־פונקט, דורך וועלכן די פּליטים פון פוילן פלעגן פּרוּוון זיך אַריבערכאַפּן אויף מזרח, אויף די געביטן, וואוהין ס'איז אַריין די רויטע אַרמיי. צוזאַמען מיט אים זיינען אומגעקומען זיינע 2 זין, איינער אַ סטודענט, אַ טוער פון „צוקונפט" און דער צווייטער אַ שילער, אַ טוער פון „סקיף").

שלמה הילער (ראַטמאַן פון „בונד" אין שטאָט־ראַט און קהילה — געווען דער ערשטער בונדישער ראַטמאַן, וואָס איז אויסגעוויילט געוואָרן

ביי אַלע וואַלן צו דעם שטאָט־ראַט און קהילה אין וולאָצלאַוועק. געשטאָרבן פון הונגער אין וואַרשעווער געטאָ).

אהרן גערצאָוויטש (ראַטמאַן פון „בונד" און קהילה, סעקרעטאַר פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, געווען פאַרשיקט אין קאַרטוז־בערעזע, אַוועק אין 1939 אין ראַטנפאַרבאַנד, געפינט זיך איצט אין תל־אביב).

משה אַלמאַן, קאָמיטעט־מיטגליד פון „בונד", לערער, פאַרוואַלטער פון דער יידישער פאָלקשול אין וולאָצלאַוועק, מיטרעדאַקטאָר פון דער בונדישער צייטונג „וולאָצלאַווקער וועקער".

יאַקוב סלוצקי, מיטגליד פון קאָמיטעט פון „בונד" ביז 1939 אין וולאָצלאַוועק. אַוועק אין ראַטנפאַרבאַנד, צוריקגעקומען מיט דער רעפּאַטריאַציע.

איטשע שטערן, קאָמיטעט־מיטגליד פון „בונד" און „צוקונפט" אין וולאָצלאַוועק ביז 1939, רעדאַקטאָר פון „וולאָצלאַווקער וועקער", טוער אין ספּאָרט־פאַרבאַנד „מאָרגנשטערן" און „טעאַטער־געזעלשאַפט". געווען אין ראַטנפאַרבאַנד, צוריקגעקומען. לייטער פון דער פינאַנץ־אָפּטיילונג ביים צ. ק. פון די יידן אין פוילן.

קלמן זשעלאָנקע, איינער פון די פּיאָנערן פון וולאָצלאַווקער „בונד" לאַנג־יעריקער פאָרזיצער פון דעם קאָמיטעט פון „בונד" אין וולאָצלאַוועק, אַקטיוו אין אַלע אינסטיטוציעס — קאָאָפּעראַטיוון, קולטור און אַנדערע. פון אָנהויב 1939 אַוועק פון וולאָצלאַוועק אין זיין היים־שטעטל קאָוואַל ביי וולאָצלאַוועק, פון דאָרטן אויסגעזידלט קיין זאַמאָשטש, וואו ער איז אומגעקומען. גענויע פּרטים פעלן.

כיימאָוויטש איגנאַצי, בונדישער ראַטמאַן פון שטאָט־ראַט, פאָרזיצער פון בונדישן בוי־קאָאָפּעראַטיוו, איינער פון די אַקטיווסטע בויער פון דער יידישער שול אין וולאָצלאַוועק, אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ.

אַדלער שיע, דרוקער, שטאַמט פון שעדלעץ, ברודער פון „פאָלקס־צייטונג"־מיטאַרבעטער שמואל אַדלער, לעצטנס געוואוינט אין אַלעקסאַנדראָווע קויאַווסק, וואו געווען ראַטמאַן אין שטאָט־ראַט און קהילה, געקומען קיין וולאָצלאַוועק פאַר 1939, אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ.

כזשאָנסטאָווסקי שיע, איינער פון די ערשטע בונדיסטן אין וולאָצלאַ־

וועק, נאָך דער ערשטער דייטשישער אָקופּאַציע זייענדיק אין דייטשלאַנד ווי אַ צוואַנגס־אַרבעטער, באַטייליקט זיך אין יאָר 1918־1917 אין דער רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד. קומענדיק אין וולאָצלאַוועק העלפט ער אויפ־שטעלן די בונדישע באַוועגונג, זייער אַקטיוו ביים בויען די ערשטע צו־קונפט־אָרגאַניזאַציע. אין די סוף 20־קער יאָרן פאָרט ער איבער קיין וואַרשע, ווערט סעקרעטאַר פון דער צענטראַל־פאַרוואַלטונג פון סאָציאַ־ליסטישן האַנטוערקער־פאַראיין, נאָכדעם באַזעצט ער זיך אין דאַנציק, וואו ער נעמט אָנטייל אין דער דייטשישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. ווען היטלער קומט צו דער מאַכט און אין דאַנציק איז נאָך מעגלעך פאָרט־צוזעצן די סאָציאַליסטישע טעטיקייט איז ער אַקטיוו אין דער ריכטונג פון פאַרבינדן די אויסלענדישע סאָציאַליסטישע עמיגראַציע מיט דער אומ־לעגאַלער דייטשער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. ווען דאַנציק ווערט פאַרנומען דורך היטלערן פאָרט ער אָפּ קיין פאַריז, קומט צוריק קיין פוילן, באַזעצט זיך אין וולאָצלאַוועק. אין די ערשטע וואָכן פון דער דייטשער אָקופּאַציע פאָרט ער איבער קיין וואַרשע, וואו ער איז אַקטיוו אין געטאָ, וואו ער קומט אום.

ביילע שימאַנסקאַ, איינע פון די עלטסטע בונדיסטקעס אין וולאָצלאַ־וועק, באַוואוסט אונטערן נאָמען „די מאַמע פון בונד". זי איז פון וולאָצ־לאַוועק אַרויס שוין ווינטער־צייט. אויפן וועג קיין לאָדזש, וואו זי האָט געהאַט אַ שוועסטער, איז זי פאַרפרוירן געוואָרן. מ'האָט איר אַריינגענומען אין אַ שפּיטאָל, וואו זי איז געשטאָרבן.

אַבראַם טאַראַנטשיק, קאָמיטעט־מיטגליד פון „בונד", לאַנגיעריקער ראַטמאַן, געקומען אין „בונד" פון פּלאָצקער ס"ס בעת דער ערשטער דייטשער אָקופּאַציע. אין אָנהויב פון דעם אומאָפּהענגיקן פוילן אין 1917 איינער פון די ערשטע בויער פון דער קולטור־געזעלשאַפט „צוקונפט", פון וועלכער ס'איז אַרויסגעוואַקסן די פאַרצווייגטע בונדישע באַוועגונג אין וולאָצלאַוועק. זיין שטוב איז געווען אַ מוסטער פון אַ בונדישער היים. דער פאָטער פון אַ שפּאַניע־קעמפער אין דאָמבראָווסקי־לעגיאָן, פּולקאָווניק הענריק טאַראָנטשיק, וועלכער איז היינט דער וויצע־פּאָרזיצער פון דעם „דאָמבראָווסטשאַקעס"־פאַרבאַנד. אברהם טאַראָנטשיק און זיין פרוי,

אסתר — אַן אַלטע פּאַרטיי־מיטגלידערין, זיינען אומגעקומען אין וואַרשע־ווער געטאָ.

הערש בוקס, מיטגליד פון קאָמיטעט פון „בונד", גרינדער פון דעם באַקלייד־אַרבעטער־פאַראיין אין וולאָצלאַוועק און זיין לאַנג־יאָריקער פאָר־זיצער. שטענדיק דעלעגאַט צו אַלע לאַנד־צוזאַמענפאָרן פון דער פּראָ־פעסיאָנעלער באַוועגונג. אַוועק קיין וואַרשע און פון געטאָ אַרויסגעפירט אין די לאַגערן פון טראַווניקי אָדער פּאָניאַטאָוו, וואו ער איז טראַגיש אומגעקומען.

שמואל קאַראַ, קירזשנער, אַקטיווער פּאַרטיי־מיטגליד אויפן קולטור־געביט. איז אויסגעזידלט געוואָרן לויט אַ ספּעציעלער אָנווייזונג. ווי אַ גוטער קירזשנער־פאַכמאַן קיין טשענסטאָכאָוו. קומענדיק קיין טשענ־סטאָכאָוו האָט מען אים געוואָלט אָפּטיילן פון זיין פרוי און קינדער — ער האָט געדאַרפט גיין צו דער אַרבעט און זיי — אין אַן „אומבאַשטימטער ריכטונג". דאַן האָט מען שוין אָנגעהויבן זיך אָנשטויסן, וואָס דאָס הייסט, ער האָט בשום אופן אויף דעם נישט געוואָלט גיין. ער איז צוזאַמען מיט זיין פרוי און קינדער אומגעקומען אין אַ פאַרניכטונגס־לאַגער.

און נאָך פיל אַנדערע.

דאָס האָט געבראַכט צו דעם, וואָס דער באַשטאַנד פון די פּאַרטיי־און „צוקונפט"־קאָמיטעטן פלעגן זיך כסדר בייטן.

דער וולאָצלאַווקער קאָמיטעט פון „בונד" האָט אָבער געזוכט וועגן ווי אַזוי אָנצוקניפּן קאָנטאַקט מיט דעם אומלעגאַלן צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד", וואָס האָט זיך געפונען אין וואַרשע. אַזאַ געלעגנהייט האָט זיך אונטערגערוקט. דער קהילה־ראַט האָט געדאַרפט שיקן אַ מענטשן קיין וואַרשע צום „דזשאָינט" וועגן הילף. בעלנים צו פאָרן זיינען נישט געווען. דער „בונד" האָט אין דעם קהילה־ראַט, וואָס איז געווען אַ נאָ־מינירטער (די קהילה איז דורך דער סאַנאַציע פאַנאַנדערגעלאָזט געוואָרן) נישט געהאַט קיין פאָרשטייער. אָבער אין דער געוויילטער קהילה וואָס איז פאַנאַנדערגעלאָזט געוואָרן, זיינען צווישן די בונדישע ראַטמענער געווען יעקב לייב ראָזנטאַל (איינער פון די פּיאָנערן פון „בונד" אין

וואָלאָצלאַוועק, געשטאַנען אין דער אָנפירערשאַפט קרוב 40 יאָר, לאַנג־יעריקער קהילה־דאָזאָר, טעטיק אויפן געביט פון שול־וועזן א. אַז. וו.).

אים האָט דער קאָמיטעט פון „בונד" געשיקט צום קהילה־ראַט זיך מעלדן פרייוויליק צו פאָרן קיין וואַרשע. די קהילה־לייט האָבן די דאָזיקע „פרייוויליקע" ווענדונג גערן אָנגענומען. אין וואַרשע האָט זיך, ווי געזאָגט פריער, געפונען אַ גרויסע גרופּע וואָלאָצלאַוועקער בונדיסטן, וועלכע זיינען געווען אַקטיוו אין דער אונטערערדישער באַוועגונג. אָנגעפירט מיט דער דאָזיקער גרופּע האָבן די חברים שיע כזשאָנסטאָווסקי, אַבראַם טאָראָנטשיק, שלמה הילער א. אַ. דורך זיי האָט טאַקע דער ח׳ יעקב לייב ראָזנטאַל באַקומען דעם קאָנטאַקט מיטן צ. ק. פון „בונד".

די פאַרבינדונג איז פאָרגעקומען מיטן ח׳ לאָזער קלאָג אין דער קיך, וואָס איז פאַרוואַלטעט געוואָרן דורך ח׳טע באַשע בוקס (אַליין גע־לעבט לאַנגע יאָרן אין וואָלאָצלאַוועק). וואָס איז געווען איינער פון די טרעפפּונקטן פון דעם אונטערערדישן „בונד".

קומענדיק קיין וואָלאָצלאַוועק האָט ח׳ יעקב לייב ראָזנטאַל אויף אַ ספּעציעלער זיצונג פון אומלעגאַלן פאַרטיי־קאָמיטעט איבערגעגעבן אַ גענויעם באַריכט פון וואַרשע, ווי די אַרבעט זעט דאָרט אויס און געבראַכט די אָנווייזונגען ווי אַזוי איבערבויען די פאַרטיי־טעטיקייט צוגעפּאַסט צו די נייע באַדינגונגען. דאַן איז געקומען די אינסטרוקציע צו אָרגאַניזירן די פאַרטיי אין „פינפטלעך", ווי אויך אַנדערע כללים פון אָפּהיטן ווייט־גייענדיקסטע קאָנספּיראַציע.

## געטאָ-קאָמיטעט

צום קאָמיטעט פון „בונד" האָבן געהערט די חברים: יעקב לייב ראָזנטאַל, חיים טאַבאַטשניק־גאָסטינסקי און מיטעק ראַוויצקי. צו דער אָרגאַניזאַציע האָבן געהערט 50 חברים.

צו דעם געטאָ־קאָמיטעט פון „צוקונפט" האָבן געהערט: לייב שנורבאַך (פּסעוודאָנים „באַך") — פאָרזיצער, סאַמעק ראָזנטאַל (פּסעוודאָנים „דער לאַנגער"), גדאַנסקאַ רעניאַ, שניידערמאַן יצחק (פּסעוודאָנים „איג־

נאַץ"), פענסטער הענאַ (פסעוודאָנים „יאַנקאַ"), סאַדיקערסקי מאָניעק (פסעוודאָנים „מאָטעק"). דער דאָזיקער קאָמיטעט האָט אויך אָנגעפירט מיטן „סקיף". צו דער דאָזיקער אַרבעט איז צוגעטיילט געוואָרן די ח׳טע רעניאַ גדאַנסקאַ.

⁂

צו די אָרגאַניזאַציעס פון „סקיף" און „צוקונפט" אין געטאָ האָבן געהערט העכער 40 מיטגלידער.

די אַרבעט אין „צוקונפט" און „סקיף" איז באַשטאַנען: חוץ די נאָר־מאַלע דערציאונג און אויפקלערונג־אַרבעט, צוגעפאַסט צו די אומלעגאַלע באַדינגונגען, איז געווידמעט געוואָרן זייער פיל צייט צו אַנטוויקלען ביי דער יוגנט די געפילן פון ווידערשטאַנד, פון קאַמף, קעגנשטעלן אין פאַל פון אַקציעס, אויסזידלונג א. אַז. וו.

די „צוקונפט" האָט געהאַט צוויי קרייזן — „מעדעם־קרייז" און „אַנמאַן־קרייז". דער „סקיף" אויך צוויי: „רויטע פאַלקן" און אַ „קליי־נער בונד".

די רעפערענטן זיינען געווען: י. סאַמעק ראָזנטאַל, לייב שנורבאַך, יצחק שניידערמאַן, רעניאַ גדאַנסקאַ.

די טעמעס: פאָליטישע עקאָנאָמיע און היסטאָרישער מאַטעריאַליזם (סאַמעק ראָזנטאַל). אופנים פון אַרבעט אין דער אונטערערד, ווידער־שטאַנד, אָרגאַניזאַציאָנעלע כללים (שנורבאַך). קאָנספּיראַציע (שניידער־מאַן). געשיכטע פון „בונד" (רעניאַ גדאַנסקאַ).

די טרעפונגען פלעגן פאָרקומען 3 מאָל אין וואָך. דער סיסטעם פון טרעפונגען איז געווען קורצע אַפּעלן. פאַרצייכענען די אָנווייזנדיקע, אינסטרוקציעס, פאַנאַנדערלאָזן נישט האָבנדיק קיין ספּעציעלע שמועסן. חוץ די דאָזיקע אַפּעלן פלעגן פאָרקומען „נאָרמאַלע" קרייזן. דאָס אָרט פון די טרעפונגען פלעגט זיין אָפט אויפן בית־עולם ביים אוהל פון הרב קאַראָ. אויך אין די הייזער פון די חברים שנורבאַך, פענסטער, כזשאָנסטאָווסקי.

די „צוקונפט" האָט אַרויסגעגעבן

# אַן אומלעגאַלע צייטונג

אין דער פוילישער שפּראַך אונטערן נאָמען „וויאַדאָמאָשטשי ראַקאָ־טאָוסקיע" (אויפן נאָמען פון דעם פּלאַץ, וואו מ׳האָט באַשאַפן דעם געטאָ, וואָס האָט געהייסן ראַקאָטאָווּעק, יידן האָבן עס גערופן ראַקאָטאָווּקע).

די צייטונג איז געווען אַ העקטאָגראַפירטע, געדרוקט אין 4 זייטן, לרוב אין 80 עקזעמפּלאַרן.

אין רעדאַגירן און אַרויסגעבן די צייטונג האָבן זיך באַטייליקט די צוקונפטיסטן: סאַמעק ראָזנטאַל, יצחק שניידערמאַן, רעניע גדאַנסקאַ.

דאָס אַרויסגעבן דעם ערשטן נומער פון דער צייטונג האָט די „צוקונפט" געהאַלטן בסוד אַפילו פאַר די עלטערע חברים פון „בונד", באַשליסנדיק מאַכן די חברים אַן איבערראַשונג.

די צייטונג פלעגט זיין אילוסטרירט דורכן צוקונפטיסט ליפּמאַן שקולניק, וועלכער האָט שוין געהאַט אַ טראַדיציע פון צייכענען די וואַנט־צייטונגען פון „צוקונפט" און „בונד" ביזן 1939.

בכלל זיינען אין געטאָ אַרויס 5 נומערן פון דער דאָזיקער צייטונג גענוי די דאַטעס קאָן מען נישט פעסטשטעלן.

אין געטאָ איז די פּאַרטיי צוגעטרעטן צו אַ ריי הילפס־אַקציעס, וועלכע האָבן געזאָלט לייכטער מאַכן אַ ביסל די ביטערע לאַגע פון דער יידישער מאַסע.

דער ערשטער אויפטו איז געווען דאָס שאַפן אַ פאָלקס־קיך. אין שייכות מיט דער אַקציע איז פאַנאַנדערגעוויקלט געוואָרן אַ ברייטע פּראָפּאַגאַנדע־קאַמפּאַניע. אין געטאָ איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ בלימל־טאָג. די אַקציע אַרום דער פאָלקס־קיך האָט אַרויסגערופן גרויס אָנזען און דער יודנראַט, וועלכער איז תחילת געווען פיינטלעך צו דער בונדישער אַגיטאַציע איז געוואָרן געצוואונגען צו געבן אַ סובסידיע. ס׳איז אויך איינגעשטעלט געוואָרן אַ חודש־אָפּצאָל, אַ פריוויליקער פון יחידים פאַר דער דאָזיקער קיך. מיר פלעגן איינאָרדענען פאַרשיידענע אימפּרעזעס און אונטערנעמונגען, כדי צו שאַפן מאַטעריעלע הילף פאַר דער דאָזיקער אינסטיטוציע. צום סוף פלעגט מען אויך באַקומען הילף פון „דזשאָינט".

פאַר דער פּאָפּולאַריטעט פון דער קיך זאָל דינען דער פאַקט, וואָס די קיך האָט אויך באַקומען אונטערשטיצונג פון פערזאָנען מחוץ דעם געטאָ. עטלעכע פאַליאַקן און אַפילו צוויי דייטשן — פון די אַלטגעזעסענע פּייץ און פּאַל. זיי האָבן אַריינגעשיקט אין געטאָ געלט פאַר דער קיך.

די קיך האָט זיך געפונען אין טהרה־שטיבל אויפן בית־עולם. וועלכער איז געווען אַריינגענומען אין דער טעריטאָריע פון געטאָ. דאָס איז געווען דער גרעסטער „לאָקאַל" אין געטאָ.

די קיך פלעגט אַרויסגעבן אַ 1000 מיטאָגן אַ טאָג.

פאָרזיצער פון דער קיך איז געווען דער ח' חיים טאַבאַטשניק־גאָסטינסקי, סעקרעטאַר ח' יעקב לייב ראָזנטאַל (ביידע מיטגלידער פון געטאָ־קאָמיטעט פון „בונד"), פאַרוואַלטונג־מיטגלידער: משה כזשאָנ־סטאָווסקי, און מיעטעק ראַזויצקי. מיט דער טעכנישער לייטונג האָט אָנ־געפירט וויגדער פּשעדעצקי און גיטל סלוצקאָ.

אויף די נויט־ און הילף־אַרבעט האָט די וולאָצלאַווקער אָרגאַניזאַציע פון „בונד" אויסגעקעמפט דאָס רעכט צו באַקומען זעלבשטענדיקע סוב־סידיעס פון „דזשאָינט", וועלכער האָט שוין דאַן געאַרבעט נישט אין וואַרשע נאָר אין סאָסנאָוויץ. ווען דער יודנראַט פלעגט שיקן זיינע בודזשעטן, פּרעלימינאַרן און מענטשן נאָך געלט, פלעגן די שליחים אויך מיטנעמען באַריכטן פון אונזער פּאַרטיי־קאָמיטעט פאַר דער קיך.

## די דערעפענונג פון דער פאָלקס־קיך

איז איינגעאָרדנט געוואָרן אויף אַ פייערלעכן אופן. דאָס איז אין דעם אָרעמען, איינטאָניקן און אומעטיקן דערשלאָגענעם געטאָ־לעבן געוואָרן אַ גרויסע געשעעניש. דער קאָמיטעט פון „בונד" האָט באַשלאָסן אויסצו־נוצן די דאָזיקע גרויסע פאַרזאַמלונג, כדי נישט נאָר צו רעדן וועגן דער קיך, נאָר וועגן דער פּאָליטישער לאַגע, אָנווייזנדיק וואָס עס קאָן מאַכן אַ סוף צו דער ברוטאַלער ממשלה. מ'האָט די רעדעס געהאַלטן נישט ווי אין די אַמאָליקע יאָרן. מ'האָט געמוזט אויסגעפינען פאַרשטעלטע ווערטער, רעדן מיט אָנצוהערענישן. דער אויספיר פון די רעדנער איז געווען —

מ׳מוז אויסדרייערן, נישט פאַריאַושן, גלייבן אין זיג פון אמת. און הגם מ׳האָט נישט אָנגערופן טייל זאַכן, ווי מ׳האָט געוואָלט, האָט דער עולם געוואוסט, וואָס די רעדנער מיינען און ביי יענער צייט איז עס געווען ממש אַ העלדישקייט.

דער קאָמיטעט פון „בונד" האָט זיך טאַקע געריכט אויף „קאָנ־סעקווענצן" פון דער דאָזיקער אונטערנעמונג. אָבער צום שבח פון ווילאָצלאַוועקער יידנטום זאָל געזאָגט ווערן, אַז אַזעלכע מנובלים, וואָס זאָלן וועגן דעם אונטערטראָגן דער געסטאַפּאָ האָבן זיך נישט געפונען.

די פּייערונג איז פאָרגעקומען אין פעברואַר 1941, געזעדט האָבן די חברים: חיים טאַבאַטשניק־גאָסטינסקי און יעקב לייב ראָזנטאַל.

דער קאָמיטעט פון „בונד" האָט אויף זיינע זיצונגען און באַראַטונגען נישט איינמאָל באַטראַכט

## די פראַגע פון קולטור-אַרבעט

נאָך לאַנגע באַמיאונגען איז דורך אים געשאַפן געוואָרן דער אַמאַ־טאָרן־קרייז פאַר טעאַטער־שפּיל. צו דער אַרבעט האָט דער קאָמיטעט אויסגעטיילט דעם ח׳ משה כזשאָנסטאָווסקי און מנוחה פזשעדעצקאַ, וועל־כע האָבן זייער שליחות גלענצנדיק אויסגעפילט. זיי איז געלונגען צוזאַמענ־שטעלן דעם קרייז און צוגעצויגן צו אים אויך אומפּאַרטייאישע, ווי אויך פון „השומר הצעיר" (שלום זיגער). ס׳זיינען געגעבן געוואָרן עטלעכע פאָרשטעלונגען, איינע פון זיי איז געווען אַ פּרק פּייערונג, וואו חוץ דעם אַרטיסטישן טייל איז נאָך געווען אַ רעפעראַט פון יאַנקל טיגער (ביז 1939 אַ לינקער פועלי־ציוניסט).

דער אַמאַטאָרן קרייז האָט זיינע פאָרשטעלונגען געגעבן אין לאָקאַל פון פאָלקס־קיך, ס׳הייסט אין טהרה־שטיבל, דאָס שפּילן טעאַטער אויפן בית־הקברות האָט ניט שאָקירט, ניט אַרויסגערופן קיין שום איינדרוק. דער געטאָ אין גאַנץ ראָקאָטאָוועק איז געווען איין גרויסער בית־הקברות מיט לעבעדיקע מתים.

דער טעאַטער איז טאַקע געווען איינער פון די געציילטע ליכט־

שטראַלן, וואָס פלעגן אַ שיין טאָן אין דער געטאָ־פינצטערניש און פלעגט אויף קורצע ווײַלעס אָפּרייסן דעם געטאָ־עולם פון דער טויטער ווירקלעכקייט.

אויך פון דער געטאָ האָט דער „בונד" געהאַט קאָנטאַקטן מיט וואַרשע און ווידער אַמאָל דורך דעם ח׳ יעקב־לייב ראָזנטאַל. דער יודנראַט האָט געדאַרפט שיקן אַ שליח צום „דזשאָינט" אין וואַרשע און פונקט ווי ביים ערשטן מאָל האָט אויך איצט, אין הסכם מיט אַ באַשלוס פון קאָמיטעט פון „בונד". ח׳ י. ל. ראָזנטאַל זיך געמאָלדן פרייוויליק, אַז ער וויל פאָרן.

ווידער האָבן מיר געהאַט אַ גרוס פון צ. ק. פון „בונד". מיר האָבן באַקומען ידיעות, אינפאָרמאַציעס, אָנווייזונגען, בכלל זיך דערוואוסט פיל נייעסן, צווישן אַנדערע אויך די ידיעות, אַז ח׳ ז. אַרטור דער זאַקלאַדניק פון וואַרשעווער שטאָט־ראַט איז אַוועק קיין אויסלאַנד. מיר האָבן אויך באַקומען מאַטעריעלע הילף פון צענטראַל־קאָמיטעט פאַר אונזער אָרגאַניזאַציע.

## קאָנטאַקט מיט פּ. פּ. ס.

די בונדישע אָרגאַניזאַציע האָט אויך אָנגעהאַלטן קאָנטאַקט מיט די פּוילישע חברים פון דער פּ.פּ.ס. דורך זיי פלעגט מען זיך דערוויסן זאַכן, וואָס אין געטאָ האָט מען נישט געקאָנט דערגיין, בעיקר וועגן צוגעגרייטע אַקציעס פון די דייטשן. נישט איינמאָל פלעגן זיי דעם „בונד" וואָרענען און אָנזאָגן. זייערע וואָרנונגען זיינען טאַקע צונוץ געקומען און נישט איין חבר האָט זיינע עטלעכע טעג אָדער וואָכן, וואָס ער האָט לענגער געלעבט געהאַט צו פאַרדאַנקען די דאָזיקע אינפאָרמאַציעס. די פּ.פּ.ס. פלעגט אויך באַזאָרגן דעם „בונד" מיט זייערע אומלעגאַלע אַנטי־היטלערישע אויסגאַבעס.

## 1-טער מאַי 1941

פון אינערלעכע פאַרטייאישע אַקציעס ווילן מיר דערמאָנען געצײלטע. פון צייט צו צייט פלעגט דער קאָמיטעט איינאָרדענען גרעסערע

צוזאַמענטרעפן, ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן, פאַרטיי־יום־טובים, אָדער יאָרצייטן. ספּעציעל פייערלעך איז געווען, אין די באַדינגונגען פון געטאָ־חושך, די ערשטע מאַי פייערונג אין 1941. ביי אַן 1־טן מאַי־באַנקעט, אין הויז פון ח׳ משה כזשאָנסטאָווסקי, האָבן זיך פאַרזאַמלט העכער 40 מאַן (ביי יענע באַדינגונגען — אַ קאָלאָסאַלע צאָל צוזאַמען, ווייל אַנדערע צו־זאַמענטרעפן פלעגן מיר מאַכן נאָר מיט פינפטלעך). פון דעם מער אַק־טיווערן טייל פון „בונד״ און „צוקונפט״ אין אַן אייגענער סביבה האָט מען שטיל און באַשיידן געפייערט דעם פּראָלעטאַרישן יום־טוב. פון פאַרטיי־קאָמיטעט האָט גערעדט דער ח׳ יעקב לייב ראָזנטאַל, פון דעם יוגנט־בונד „צוקונפט״ — זייַן זון סאַמעק. פאַרשטייט זיך, אַז קיין אַרטיס־טישער טייל איז נישט געווען. אויך די בונדישע יוגנט, דער יוגנט־בונד „צוקונפט״ האָט חוץ די נאָרמאַלע קרייז־טעטיקייט, וועגן וועלכער מיר האָבן גערעדט פריער, דורכגעפירט דריי גרעסערע פייערונגען.

אַזוי האָבן זיי דעם 14־טן פעברואַר 1941 געפייערט דעם יאָרטאָג פון ווינער שוץ־בונד־אויפשטאַנד דורך אַ פייערלעכן אַפּעל און אַ צוזאַ־מענטרעף פון אַלע צוקונפטיסטן און סקיפּיסטן. דער צוזאַמענטרעף איז פאָרגעקומען אויפן בית־עולם, אין וועלכן ס׳האָבן זיך באַטייליקט ביז 50 יוגנטלעכע. טייל פון דער יוגנט זיינען געקומען מיט זייערע אַמאָליקע יוגנט־מונדירן. אין די בלויע בלוזן אונטער די רעקלעך. אויפן בית־עולם האָבן זיי אויסגעטאָן די מאַרינאַרקעס און אָנגעטאָן רויטע קראַוואַטן.

אָפּגעגעבן דעם ראַפּאָרט פון אַפּעל האָט סאַמעק ראָזנטאַל, אָפּגענומען דעם אַפּעל האָט לייב שנורבאַך. גערעדט האָט שניידערמאַן יצחק („איג־נאַץ״). ס׳זיינען געזונגען געוואָרן די לידער:

„אָ, ליבער, מיר האָבן געשלאָסן,

אויף לעבן און טויט אַ פאַרבאַנד״

די „יונגע גוואַרדיע״, די בונדישע שבועה און אינטערנאַציאָנאַל.

אַ צווייטע גרעסערע אונטערנעמונג (בסוד פון די עלטערע חברים) איז דורכגעפירט געוואָרן צום יאָרצייט פון טוער פון יוגנט־בונד „צוקונפט״, דוד שנורבאַך, וועלכער איז געשטאָרבן דעם 6־טן אויגוסט 1936. צום 5־טן יאָרצייט האָט די „צוקונפט״ און „סקיף״ איינגעאָרדנט אַ טרויער

וואָך, וואָס האָט געדויערט אַ גאַנצן מעת־לעת. יעדע שעה האָבן זיך 4 אַנדערע חברים, 2 צוקונפטיסטן און 2 סקיפּיסטן געהאַלטן ערן־וואַך ביים קבר. עס האָט פאַרפליכטעט בלויע בלוזעס און רויטע קראַוואַטן. ווער ס׳האָט נישט געהאַט פלעגט עס אויסבאָרגן. ס׳איז טאַקע געווען אַ רעזערוו פון 4 בלוזן און קראַוואַטן פאַר די דאָזיקע וואַכטיאָרן. חוץ די וועכטער האָבן אויך געאַרבעט פּאַטרולן, וועלכע האָבן געדאַרפט היטן, צי נישט געבעטענע געסט פאַרבלאָנדזשען נישט אויפן בית־עולם. די טוישונג פון איין וואַך מיט דער צווייטער פלעגט פאָרקומען פייערלעך, ביי דער אָנוועזנהייט פון אַ פאָרשטייער פון „צוקונפט“־קאָמיטעט. דער קבר איז געווען באַצירט מיט בלומען.

די דאָזיקע אַקציע איז געווען פאַרבונדן נישט נאָר מיט אָפּגעבן כבוד דעם פאַרשטאָרבענעם חבר און ערן דעם יאָרצייט, נאָר אויך אַ געוויסע איבונג און אויסדויער, ווידערשטאַנד, דיסציפּלין, וואַכזאַמקייט.

ווי געזאָגט, האָט די יוגנט די אַקציע דורכגעפירט אָן דער פאַר־שטענדיקונג מיט דעם פאַרטיי־קאָמיטעט, הגם אַלץ האָט מען געפירט געמיינזאַם. געטאָן איז עס געוואָרן צוליב דעם, וואָס דער „צוקונפט“ קאָמיטעט האָט מורא געהאַט, אַז אַ טייל עלטערן בונדיסטן, וועלכע האָבן קינדער אין „סקיף“ וועלן נישט דערלויבן זייערע קינדער צו גיין ביינאַכט אויף וואַכטעס אויפן בית־עולם, און אַזוי האָט מען טאַטע־מאַמע דער־ציילט, אַז מ׳שלאָפט ביי אַ חבר. דער „סוד“ איז אָבער אַנטדעקט געוואָרן.

***

אין געטאָ איז אויך געפירט געוואָרן

אַ ספּאָרט־טעטיקייט פון יוגנט־בונד „צוקונפט“.

אונזערע ספּאָרט־גרופּן (ווי מיר פלעגן עס רופן אין געטאָ „אומלעגאַל מאָרגנשטערן“) האָבן געאיבט אויפן ראָקאָטאָווסקער פּלאַץ, וואָס איז גע־ווען אויפן שטח פון דעם געטאָ.

אָנגעפירט מיט די ספּאָרט־איבונגען האָבן די חברים לייב שנורבאַך, ליפּמאַן שקולניק און כאַסקל בוקס. אין די ספּאָרט־איבונגען פלעגן זיך באַטייליקן ביז 100 מאַן אַקטיווע חברים.

די דאָזיקע ספּאָרט־אַרבעט איז דורך אונז אויסגענוצט געוואָרן, כדי צו האָבן אַ קאָנטאַקט מיט נאָך אַנדערע יוגנטלעכע און בעיקר אויף צוזאַמענטרעפן מיט אונזערע צוקונפטיסטן און סקיפּיסטן. אַ דאַנק דעם, וואָס אין וולאָצלאַווקער געטאָ זיינען קיין מוסרים נישט געווען האָבן די דייטשן ווייניק זיך אינטערעסירט מיט דעם און האָבן די דאָזיקע אַרבעט באַטראַכט ווי אַן אומשולדיקע ספּאָרט־טעטיקייט.

מיטן אויסברוך פון דער רוסיש־דייטשער מלחמה האָבן די דייטשן פאַרבאָטן יעדן מין גרעסערן צוזאַמענקונפט און במילא איז אוממעגלעך געוואָרן די ווייטערדיקע פירונג פון די ספּאָרט־איבונגען.

אין געטאָ איז אויך געווען אַ ספּעציעלע אַרכיוו־קאָמיסיע אָנגעפירט פון די חברים סאַמעק ראָזנטאַל, שקולניק ליפּמאַן, וועלכע האָבן גע־זאַמלט מאַטעריאַלן פאַרן פּאַרטיי־אַרכיוו. דאָרטן זיינען חוץ די 5 נומערן פון דער אומלעגאַלער „צוקונפט"־צייטונג געווען די אומלעגאַלע ליטעראַ־טור, וואָס מיר פלעגן קריגן פון פּ.פּ.ס. פאַרשיידענע דייטשע פאַראָרדע־נונגען, דאָקומענטן, מאַטעריאַלן, צייטונגען, ליטעראַטור־שאַפונגען, באַ־ריכטן א. אַז. וו. זיי האָבן ערגעץ אויפן שטח פון געטאָ די דאָזיקע מאַ־טעריאַלן פאַרגראָבן. ליידער איז דאָס אָרט נישט באַוואוסט.

⁂

אין אַפּריל 1942 איז די וולאָצלאַווקער געטאָ געוואָרן ליקווידירט. צוזאַמען מיט אַלע יידן איז אומגעקומען דער רוב פון אונזער פּאַרטיי און צוקונפט־מאַסע. וועלכע איז אַוועקגעפירט געוואָרן אין כעלמנאָ, אַנדערע זיינען אומגעקומען אין די דייטשע טויט־ אָדער אַרבעטס־לאַגערן.

פון די אָרגאַניזאַציעס פון „בונד" און „צוקונפט" אין געטאָ זיינען געבליבן לעבן נאָך זייער גיהנום־וועג אין די לאַגערן די חברים . חיים טאַבאַטשניק־גאָסטינסקי, לייב שנורבאַך, משה ליסאַק, יצחק אַבראַמאָוויטש, מנוחה־ביילע גראַבאָווסקאַ, משה כזשאָנסטאָווסקי, יצחק כזשאָנסטאָווסקי, לייב כעלמינסקי, ליפּמאַן שקולניק, ראובן בזשאָזע.

אַלע זיינען איצטער אין זייערע איצטיקע וואוינערטער אַקטיוו אין דער בונדישער באַוועגונג.

יעדער איינער פון זיי האָט געגנוי באַשריבן (טייל פאַרענדיקן זייער אַרבעט) זייער דערנער־וועג אין די דייטשע לאַגערן, טייל פון זיי זיינען געוועזן אין 18 פאַרשיידענע לאַגערן.

***

## צווישן די קדושים בונדיסטן

פון וואָצלאַוועק דאַרפן דערמאָנט ווערן די ברידער קינאַל יששכר און יחיאל.

ביידע זיינען זיי געבוירן געוואָרן אין שטעטל שידלאָוויעץ ביי ראַדאָם, צוזאַמען מיט די עלטערן אַלס קינדער אַריבערגעפאָרן קיין וואָצלאַוועק. ביידע מיטגליד'ער אין „בונד" און „צוקונפט".

יששכר איז מגולגל געוואָרן צוזאַמען מיט דער 4־טער „אויסזיד־לונג" קיין טאַרנאָוו. דאָרט געאַרבעט ביי זיין פאָך, שוסטעריי. צוליב אַ פּראָוואָקאַציע פון אַ דייטש אַרעסטירט און דערשאָסן געוואָרן אין טאַר־נאָווער תפיסה. חבר יששכר איז חוץ אַקטיווער פּאַרטיי־מיטגליד אויך געווען טעטיק אין דער פאַרוואַלטונג פון פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון לעדער־אַרבעטער אין וואָצלאַוועק.

זיין ברודער יחיאל אויך אַ שוסטער, געבוירן אין 1918, איז דער־צויגן געוואָרן אין דער בונדישער קינדער־אָרגאַניזאַציע „סקיף". אַריין אַהין ממש אַן אַלפאַבעט און געהאַט דעם צונאָמען „אַכצן־ניינצן" (פלעגט נישט וויסן ווי צו ענטפערן אויף דעם געבוירן־יאָר — האָט מען אויס־געלערנט זאָגן 18־19, פלעגט ער די ציפערן פאַרדרייען). דער „סקיף" און נאָכדעם די „צוקונפט" האָט יחיאלן אַנטוויקלט און דערהויבן ביז אַ מיטגליד אין קאָמיטעט פון יוגנט־בונד „צוקונפט" און אין אַ ריי אַנדערע קאָמיסיעס.

ביים אויסברוך פון דער דייטש־פּוילישער מלחמה 1939 האָט ער

געדינט אין דער פוילישער אַרמיי, אין 8־טן פּאָלק פון שווערער אַרטילעריע אין טאָרן. ער פאַלט אַריין אין דער דייטשער געפאַנגענשאַפט פון וואַנען ער אַנטלויפט און קומט אין וולאָצלאַוועק. פון דאַנען אַנטלויפט ער קיין שידלאָוויעץ, וואו ס׳האָבן געזאָלט וואוינען זיינע קרובים. דאָרטן ווערט ער געכאַפּט פון דייטשן און אָפּגעשיקט מיט אַ טראַנספּאָרט יידן אין די סקאַרזשיסקער לאַגערן, וואו ער האָט געאַרבעט אין אַן אַמוניציע־פאַבריק. פון דער דאָזיקער פאַבריק פלעגן טייל לאַגערניקעס גנבענען געווער און שמוגלען עס פאַר די פּאַרטיזאַנער.

אַ פּאָלאַק, וועלכער איז דורכגעפאַלן אין אַ געוויסן טאָג אויפן צוג מיט אַזאַ טראַנספּאָרט, האָט ביי דער אויספאָרשונג דערציילט, אַז דאָס געווער האָט אים געגעבן יחיאל קינאַל.

יחיאל קינאַל איז געוואָרן אַרעסטירט, מ׳האָט אים עטלעכע טעג געפּייניקט אין געסטאַפּאָ ער זאָל אַרויסגעבן די איבעריקע, ער האָט אָבער קיינעם נישט פאַרשאָטן און אַ געוויסן טאָג האָט די לאַגער־פירונג אַרויסגעטריבן אַלע אַרעסטירטע צום אַפּעל־פּלאַץ. דאָרט אויפן וואַך־טורעם איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ תליה און פאַר די אויגן פון גאַנצן לאַגער איז ער געהאַנגען געוואָרן.

יחיאלן איז נישט געווען צו דערקענען, מ׳האָט געזען, אַז ער איז אוממענטשלעך געפּייניקט געוואָרן. (די ידיעות וועגן קינאַל יחיאל, שטאַמען פון יצחק אַבראַמאָוויטש, געבוירן 1919, מיטגליד פון צוקונפט אין וולאָצלאַוועק פון 1937 יאָר אָן. פון וולאָצלאַוועק דעצעמבער 1939 געוואָרן „אויסגעזידלט" קיין אָזשאַראָוו ביי קעלץ, פון דאָרטן אין 1942 אַרויסגעפירט אין סקאַרזשיסקאַ אין דער אַמוניציע־פאַבריק, וואו ער האָט זיך געטראָפן מיט קינאַלן און אומגעפער אַ יאָר 2 כסדר זיך גע־טראָפן אין לאַגער — לויט זיינע אויסרעכענונגען האָט מען קינאַלן גע־האָנגען אין 1944).

לייב שנורבאַך

# וולאָצלאַוועק נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה

אין יאָר 1945 האָב איך זיך געפונען אין קאָנצענטראַציע־לאַגער אָש־וויענטשים, ווי מיר זיינען דורך דער רוסישער אַרמיי באַפרייט געוואָרן.

פון אַלע וואָגלענישן און מאַטערנישן, וואָס ס׳איז אונז לעבן־געבליבענע אויסגעקומען צו ליידן פון די דייטשישע מאַסן־מערדער, בין איך פיזיש און גייסטיק געוועזן שרעקלעך צעבראָכן, אָבער איין זאַך האָט מיר געעגבערט אין מוח און געמאַטערט ווי אַמגיכסטן צוריקצוקומען קיין וולאָצלאַוועק. געוויס האָבן נאָך מענטשן דורכגעלעבט דעם חורבן, עס קען געמאָלט זיין אַז איך וועל טרעפן די חברים און אויך פון מיין פאַמיליע.

דעם ערשטן מערץ 1945, האָב איך זיך דורך שווערער מי דער־שלעפּט צו מיין היים־שטאָט וולאָצלאַוועק. איך האָב פאָרט נאָך געהאַט דעם גלויבן, אַז ס׳איז נאָך פאַרבליבן אַ שפּור פון דעם אַמאָליקן יידישן לעבן, און דאָס וועט אויך אַ ביסל אויפפרישן מיין צעבראָכנקייט און דערשלאָגנקייט, ליידער איז פון מיין פאַנטאַזירן גאָרנישט געוואָרן.

די שטאָט וולאָצלאַוועק וועלכע האָט פאַר דער מלחמה פאַרמאָגט אַ יידישע באַפעלקערונג פון העכער 15 טויזנט, בין איך אָבער איצט געווען דער 13־טער ייד אין דער שטאָט.

אַלע הייזער און וואוינונגען זיינען געווען פאַרנומען פון פּאָליאַקן. מיט גרויס מי איז מיר געלונגען צו באַקומען אַ פּלאַץ ווי איבערצו־נעכטיקן.

די פּאָליאַקן האָבן אַרויסגעוויזן גרויס האַס צו די עטלעכע לעבן־געבליבענע צוריקגעקומענע יידן, זיי האָבן זיך געשראָקן, אַז זיי וועלן נאָך מוזן צוריקגעבן די הייזער און פאַרמעגנס וועלכע זיי האָבן מיט דער הילף פון די דייטשן אָנגערויבט. צומאָרגנס ווען איך בין אַרויס אין גאַס, אָנגעהויבן צו זוכן וועמען עס איז פון די לעבן־געבליבענע, האָב איך דעם ערשטן מיט פרייד באַגעגנט, מיין חבר, משה לישאַק.

מיר האָבן זיך געפילט ווי מיר וואָלטן צוריקגעקומען פון אַן אַנדער וועלט.

נאָך דער איבעררעשנדער באַגעגעניש, האָבן מיר זיך דורכגעשמועסט און עס איז פאַרשטאַנען געוואָרן, אַז כדי צו קענען עקזיסטירן און אָנהייבן אַ ניי לעבן, מוז מען זיך נעמען אין די הענט אַריין און ניט זיין פאַרצווייפלט.

מיר האָבן צוזאַמענגערופן די 13 יידן פון דער גאַנצער שטאָט און באַשלאָסן צו גרינדן אַ צייטווייליקן יידישן קאָמיטעט פון דריי מענטשן, וועלכע זאָלן זיך באַמיען צו זאָרגן פאַר די עטלעכע יידן און פאַר די וועלכע וועלן נאָך אָנקומען.

דער קאָמיטעט איז באַשטאַנען פון איינעם שימיינסקי (אַן אַסימילירטער ייד) משה לישאַק און דעם שרייבער פון די שורות.

די הויפט־אויפגאַבע איז געווען צו באַקומען וואוינונגען פאַר דעם ביסל יידן. ס׳איז אונז געלונגען צו באַקומען אַ הויז אויף דער קרולעוויעצקער גאַס, נומער 4. דאָרט איז אַמאָל געווען די מקווה, דאָס הויז איז איבערגעגעבן געוואָרן צו דער דיספּאָזיציע פון דעם יידישן קאָמיטעט.

מיר האָבן באַלד איינגעאָרדנט אַ קיך און אַ באָד, און צימערן פאַר די פריש־געקומענע וועלכע זאָלן אַמווייניקסטן די ערשטע נעכט האָבן ווי איבערצונעכטיקן.

אין עטלעכע טעג אַרום איז שוין די יידישע באַפעלקערונג באַשטאַנען פון עטלעכע 50 מענטשן, געקומענע פון די לאַגערן, און אַ טייל אויך וואָס זיינען געווען אין לויף פון דער מלחמה אויף „אַריש״ פּאַפּירן.

עס איז געווען אַ שווערע פּראָבלעם צו באַקומען וואוינונגען פאַר די מענטשן. דער אַנטיסעמיטיזים האָט אַרומגעכאַפּט כמעט אַלע פּאָליאַקן. זיי האָבן אונז שיקאַנירט אויף טריט און שריט און איינגעטיילט צרות.

מיר האָבן דעם קאָמיטעט פאַרגרעסערט אויף זיבן מענטשן, וועלכער האָט דעלעגירט אונזערע חברים לישאַק און שנורבאַך צו

פאַרן נאָך וואַרשע, זיך אַדורכצורײדן מיטן צענטראַלן יידישן קאָמי־טעט, צו העלפן אונז איינצואָרדענען דאָס יידישע לעבן אין אונזער שטאָט.

מיר האָבן פון דאָרט באַקומען אַ גרעסערע סומע געלט, און מיר האָבן אָנגעהויבן צו העלפן איינאָרדענען די געראַטעוועטע יידן.

די הויפּט שווערקייט האָבן מיר געהאַט מיט די שוואַכע און קראַנ־קע וועלכע זיינען געקומען צוריק פון די לאַגערן אויסגעמאָרעטע און פאַר־שמאַכטע פון די גרויסע צרות און הונגער וואָס ס׳איז זיי אויסגעקומען דורכ־צולעבן.

איך וויל נאָר איין חבר דערמאָנען, דאָס איז מרדכי לעווינסקי. ער האָט געוואוינט פאַר דער מלחמה אויף דער קאַליסקאַ גאַס, געווען אַ שטאַרקער און געזונטער מענטש, ער האָט אַ געוויסע צייט געלעבט אַלס קריסט. אָבער ווען ער איז איינמאָל קראַנק געוואָרן, און אים גענומען אין שפּיטאָל האָט מען דאָרט אויסגעפונען אַז ער איז אַ ייד. האָט מען אויף אים געמאַכט אַ פאַרברעכערישע אָפּעראַציע. ער האָט זיך קוים דערשלעפּט נאָך װלאָצלאַװעק. מיר האָבן אים גענומען נאָך וואַרשע אין אַ שפּיטאָל, אָבער ער איז דאָרט נאָך שווערע יסורים געשטאָרבן.

די צאָל יידן האָט זיך אין עטלעכע וואָכן אַרום פאַרגרעסערט, ס׳איז שוין געווען 120 יידן. אַ טייל זיינען געקומען פון די שטעטלעך אַרום װלאָצלאַװעק. דאָרט איז די מורא באַפאַלן צו ווערן פון די פּוילישע אַנ־טיסעמיטן געווען זייער גרויס. די צוריקגעקומענע יידן זיינען אין די קלענערע שטעטלעך אינגאַנצן געווען הפקר. אַזוי איז אין דעם שטעטל אָשענטשין (ביי װלאָצלאַװעק) צוויי יידן וועלכע האָבן זיך נאָר וואָס אומ־געקערט פון די לאַגערן, באַפאַלן געוואָרן פון פּוילישע כוליגאַנעס און זיי דערמאָרדעט. ענלעכע פאַלן זיינען פאָרגעקומען אין כמעט אַלע קלע־נערע שטעט און שטעטלעך. דעריבער זיינען די יידן געלאָפן אין די גרע־סערע שטעט ווי זיי האָבן זיך געפילט אַביסל מער געשוצט און געזיכערט.

מיט דער צייט האָט דאָס לעבן זיך אָנגעהויבן צו נאָרמאַליזירן. עס זיינען אַרויסגעלאָזט געוואָרן פאַראָרדנונגען פון דער פּוילישער רעגי־רונג, צוריק אויפצובויען דאָס געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע לעבן.

אויף דער פוילישער גאַס האָט אָנגעהויבן צו ווערן אַקטיוו די פּוי־לישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי (פּ. פּ. ס.), וועלכע איז אגב ווידער געוואָרן די שטאַרקסטע פּוילישע פּאַרטיי. די יידישע פּאַרטייען האָבן אויך אָנגע־הויבן אויפצולעבן. מיר זיינען אויך געווען אַזוי נאַאיוו, מיר האָבן גע־מיינט, אַז מ׳וועט זיך קענען צופּאַסן צו די נייע באַדינגונגען און וועלן צוריק אויפלעבן דאָס פּאָליטישע לעבן און אַז ס׳וועט איינגעשטעלט ווערן אַ דעמאָקראַטישע אָרדנונג אין לאַנד.

די יידישע פּאַרטייען האָבן געשאַפן אַ „צענטראַלן יידישן קאָמיטעט" ווי אַלע פּאַרטייען זיינען געווען פאַרטראָטן.

נאָך אין יאָר 1945, ווען מיר זיינען אינגאַנצן געווען פינף בונדיסטן אין דער שטאָט, האָבן מיר באַנייט אונזער בונדישע פּאַרטיי. דער גלויבן אין „בונד" האָט אונז געשטאַרקט און געגעבן מוט אָנצוגיין ווייטער מיט אונזער לעבן.

ביסלעכווייז האָבן אָנגעהויבן צו באַווייזן זיך נאָך חברים אונזערע, גע־קומענע פון די לאַגערן פאַרפייניקטע און צעבראָכענע.

אין יאָר 1946, האָבן אָנגעהויבן צוריק צוקומען מענטשן וועלכע האָבן דורכגעמאַכט דעם רוסישן „גן עדן". זיי זיינען געווען נישט ווייניקער פיזיש און מאָראַליש צעבראָכן ווי די וואָס זיינע געקומען פון די היט־לער־לאַגערן. אַ גרויסע צאָל פון די געוועזענע קאָמוניסטן זיינען צוריק געקומען אַנטוישטע אין קאָמוניזם, און אַ טייל איז אַריין אין אונזער פּאַר־טיי, און זיי האָבן געהאַלטן אין איין וואָרענען, אַז מ׳זאָל נישט גלויבן אין די שיינע רייד פון די קאָמוניסטישע פירער און זייער פּרעסע, און זיי האָבן זיך באַמיט איבערצוצייגן יעדן, אַז די קאָמוניסטן וועלן יעדע פּאָליטישע פּאַרטיי (אַחוץ דער קאָמוניסטישער) אונטערדריקן, און יעדער וואָס האָט נאָר אַ מעגלעכקייט זאָל בעסער פאַרלאָזן פּוילן.

דאָך איז מען אָנגעגאַנגען מיטן געזעלשאַפטלעכן און פּאָליטישן לעבן. אין יאָר 1947, זיינען אין דער שטאָט שוין געווען העכער 250 יידן. די פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע פון „בונד" איז באַשטאַנען פון 32 חברים, און מיר זיינען פּאַקטיש געווען די אַקטיווסטע גרופּע אין שטאָט. מיר האָבן זיך באַמיט צו שאַפן וואוינונגען פאַר די מענטשן, און זיי געהאָלפן צוריק איינצוואָרדנען זיך.

מיט דער הילף פון צענטראַל קאָמיטעט פון „בונד" האָבן מיר איינגע־אָרדנט אַ געלונגענע אונטערנעמונג, ווי מיר האָבן באַנייט אונזער אַלטע בונ־דישע פאָן. אַלס פאָרשטייער פון צ. ק. איז צוגעשיקט געוואָרן דער חבר פּנחס וואַלקאָוויטש. אַלע יידן פון שטאָט זיינען געווען אויף דער אונטער־נעמונג. און עס זיינען פאָרגעקומען באַגריסונגען פון פאָרשטייער פון אַלע פּאַרטייען.

אויך די צווייטע אונטערנעמונג, געווידמעט דעם 50־יאָריקן יובל פון „בונד" איז אַדורך אין אַ זייער פריילעכער שטימונג.

מיט שווערער מי האָט זיך אונז איינגעגעבן צו דינגען אַ לאָקאַל אויף דער ציגאנסקאַ גאַס, נומער 12, וואו מיר האָבן איינגעאָרדנט אַ ביבליאָטעק און אַ לייען־זאַל. די ביכער האָבן מיר באַקומען פון יידישן אַרבעטער־קאָ־מיטעט אין ניו־יאָרק.

עס זיינען אויך אַנטשטאַנען נאָך יידישע פּאַרטייען, ווי רעכטע און לינקע פּועלי־ציון, השומר הצעיר, פּ. פּ. ר. (יידישע קאָמוניסטן). אָבער מיר זיינען פּאַקטיש געווען די רירעוודיקסטע און אַקטיווסטע אין יידישן לעבן. מיר האָבן זיך באַמיט צו פאַרגעסן ווער עס הערשט אין פּוילן, און מ'האָט שוין באמת אָנגעהויבן צו גלויבן, אַז ס'וועט ווידער אַ יידישער ישוב זיך איינשטעלן און מיר וועלן אויפסניי אונזער סאָציאַליסטישע קולטורעלע אַרבעט קאָנען פירן.

ליידער האָבן מיר געהאַט אַ ביטערן טעות. שוין אין סוף יאָר פון 1947, האָט מען אָנגעהויבן צו פילן דעם סטאַליניסטישן דרוק אויפן פּאַר־טיי און געזעלשאַפטלעכן לעבן. דורך פאַרשיידענע טעראָריסטישע מיטלען האָט מען אָנגעהויבן צו ווירקן אויף די פירער און אַקטיווע אַרבעטער פון די פּאָליטישע פּאַרטייען, זיי זאָלן אַרויס מיט „זעלבסט־קריטיק" און „חרטה" האָבן פאַרן באַלאַנגען צום „בונד", אָדער צו אַנדערע פּאַרטייען. מיר האָבן אָנגעהויבן איינצוזען ווי גערעכט עס זיינען געווען די מענטשן, וואָס זיינען צוריק געקומען פון רוסלאַנד, און אונז געוואָרנט נישט צו גלויבן אין די אַלע צוזאָגעכצן פון די קאָמוניסטן.

מ'האָט אָנגעהויבן איינצוזען אַז סיי צוליבן דרוק פון קאָמוניזם, און אויך צוליב דער צוריק אויפלעבונג פון אַנטיסעמיטיזם, וועט אוממעג־

לעך זיין צוריק אויפצולעבן דעם יידישן ישוב. ס׳איז געוואָרן אַ פיבער־האַפטע באַוועגונג צו אַנטלויפן פון פוילן.

פון די באַריכטן, וואָס זיינען צו אונז דערגאַנגען פון דייטשלאַנד. האָט מען געוואוסט, אַז די לאַגע פון די געראַטעוועטע יידן, וועלכע געפו־נען זיך אין דייטשלאַנד איז זייער שלעכט. מען ליגט ווידער אין לאַגערן און די דערנערונג איז זייער שלעכט. אָבער דאָס האָט נישט אָפּגעהאַלטן די יידן אַרויסצולויפן פון פוילן, אָפּט ריזיקירן אפילו מיטן לעבן.

ווער ס׳האָט נאָר געהאַט די מעגלעכקייט האָט מיטגענומען וואָס ער האָט נאָר געקענט און געלאָזט זיך צו די דייטשישע גרענעצן פון דער אַמעריקאַנער זאָנע, מיט דער איבערצייגונג מער נישט צוריק צו קומען צו דעם לאַנד וואָס איז דורכגעזאַפּט מיט אַזוי פיל אַנטיסעמיטיזם. נישט קוקנדיק דערויף, וואָס דאָס לאַנד איז אונטער אַ קאָמוניסטישער דיקטאַטור.

יעדער איז געלאָפן מיטן ציל נישט צו פאַרבלייבן אין דייטשלאַנד, נאָר דייטשלאַנד זאָל זיין דאָס שפרינג־ברעט אויף צו קומען נאָך אַמעריקע, אָדער אַנדערע לענדער, מיט דער האָפנונג איינצואָרדנען זיך אין איי־נעם פון די נייע לענדער צו וועלכע מ׳וועט נאָר קאָנען דערגרייכן.



אָרגאַניזאַציע פון „בונד״ אין וואָלאַצלאַוועק, געראַטעוועטע פון נאָך דער צווייטער וועלט-מלחמה, גענומען אין יאָר 1947.

די אַלע צרות וואָס די לעבן־געבליבענע יידן האָבן איבערגע־לעבט נאָך דעם גרויסן חורבן פון דער אויסמאָרדונג פון זעקס מיליאָן יידן אין אייראָפּע דורך די דייטשן, פּאָליאַקן און אַנדערע מערדער פון

פאַרשיידענע פעלקער אין אייראָפּע, פילט יעדער גערעכטער אין די נייע לענדער צו וועלכע ער האָט דערגרייכט, ווי נײַ־געבוירן און ס׳ווילט זיך פאַרגעסן פון דעם קאָשמאַר, וואָס מיר האָבן דורכגעלעבט אין די מלחמה־יאָרן. אָבער נישט קוקנדיק אויף דעם אַלעמען האָבן מיר פאָרט נישט פאַר־לוירן דעם גלויבן אין אונזער ״בונד״ און אין דער פאַרווירקלעכונג פון דער באַפרייאונג פון דער גאַנצער מענטשהייט, אין אַן אמת באַפרייטער וועלט, אין אַ וועלט פון סאָציאַליזם.

איך וויל דאָס קאַפּיטל וואָלאָצלאַוועק אָפּשליסן מיט אַ דערמאָנונג, אַז די לעצטע דריי טויזנט יידן זיינען פון דער געטאָ אַרויסגענומען געוואָרן פון די דייטשן און געשלעפּט זיי קיין כעלמנאָ (ביי קאָלאָ) דעם 27־טן און 28־טי אַפּריל, אין יאָר 1942, כדי זיי צו פאַרניכטן.

דער דאָזיקער דאַטום איז פון די לעבן־געבליבענע, צוריקגעקומענע יידן, באַשטימט געוואָרן אַלס דער יאָרצייט פאַר די וואָלאָצלאַוועקער יידי־שע קדושים.

מ. שיינבערג

# מאיר דוד אַלטער

(עטלעכע שטריכן פון זיין לעבן)

אונזער ברענטש פייערט איצט זיין 25־יאָריקן יובילײ. וועלכער איז אָנערקענט ווי אַן אינטערעסאַנטער געזעלשאַפטלעך טעטיקער ברענטש. אָבער עס וואָלט געלוינט, אַז מיר זאָלן וויסן און שטענדיק געדענקען אויב ברענטש 611 אַרבעטער־רינג איז געוואָרן דאָס, וואָס ער איז, האָבן מיר עס צו פאַרדאַנקען אונזער זייער באַליבטן סעקרעטאַר ח׳ מאיר דוד אַלטער. ער האָט געפורעמט און באַווירקט זיין כאַראַקטער, אינהאַלט, שטעלונגען צו די פאַרשיידענע פראַגן פון יידישן און אַלגעמיינעם לעבן.

ביי דער געלעגנהייט איז ווערט זיך צו באַקענען מיט עטלעכע פּרטים פון זיין אייגענעם לעבן.

ווען די ערשטע שפּראָצונגען פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, פונם „בונד״, באַווייזן זיך אין וולאָצלאַוועק, איז מאיר דוד איינער פון די ערשטע, פריער אין יונגן „בונד״ און שפּעטער אַ מיטגליד פון בונדישן קאָמיטעט אין וולאָצלאַוועק.

ווען ס׳הויבט זיך אָן די פּאָליטישע רעאַקציע, נאָך די פרייהייטס־טעג פון 1905, עס גייט אַ סדרה פאַרשיקונגען, פאַרפאָלגונגען, איז מאיר דוד איינער פון די געציילטע, וואָס פאַרלירט נישט דעם פאָדעם, בלייבט אין קאָנטאַקט מיט דער באַוועגונג. אויב די צאַרישע מאַכט האָט דורך פאַרשיקונגען, אַרעסטן און אַנדערע רעפּרעסיווע מיטלען געהאַמעוועט די אַרבעטער־באַוועגונג, — האָט די יוגנט געזוכט און געפונען וועגן ווי אַזוי צו קומען צום אויסדרוק. אַ גאַנצע נעץ פון פּריוואַטע און געזעלשאַפטלעכע ביבליאָטעקן ווערן געשאַפן איבער גאַנץ פּוילן. אין וולאָצלאַוועק איז עס אין אָנהויב אַרום פּאָמעראַנץ־ביבליאָטעק אויף ברייטע גאַס, שפּעטער אַרום די אַלגעמיינע וולאָצלאַווקער ביבליאָטעק,—ווי די יוגנט

בכלל אויך די אַרבעטער יוגנט קאָנצענטרירט זיך. מען לײענט די נײַע ײדישע פּרעסע, װי דעם פּעטערבורגער ״פרײנד״ און שפּעטער די װאַרשעװער צײַטונגען. מען אָרדנט־אײַן פאָרלעזונגען, מערסטנס אויף ליטעראַרישע טעמעס, װי װײַט מעגלעך אויך פּאָליטישע דיסקוסיעס װעגן די טאָג־טעגלעכע פּאַסירונגען. מיט געשמאַק און ליבשאַפט לײענט מען מענדעלען, שלום עליכמען, פּרצן, נאָמבערגן, אַשן, רײזענען און אויך די שאַפונגען פון די יונגערע. אױפגעװאַכט, טרײַבט די יוגנט פון זיך די אַפּאַטיע, װאָס דער נאָך־קאָ[redacted]סטיטוציע פּעריאָד האָט געשאַפן, זי זינגט און חלומט... און אונטער אַלע שלעכטע באַדינגונגען פון צאַרישער אונטערדריקונג פון אײן זײַט, און פּױלישן אַנטיסעמיטיזם פון דער אַנדערע זײַט, שאַפט זיך דער זוימען פון דעם, װאָס האָט שפּעטער געבראַנגט צום אויסדרוק דאָס װעלטלעכע קולטור־װעזן פון דער ײדישער אַרבעטער־באַװעגונג אין פּױלן אונטער דער פאָן פון ״בונד״.

אין װלאָצלאַװעק איז מאיר דוד אַלטער געװען אײנער פון די ערשטע און געצײלטע, װאָס האָבן ציל־באַװאוסטזיניק באַװירקט אָט די שאַפונג.

דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן האָט אָנגעהױבן פּאַמעלעך קומען צו זיך נאָכן שװערן רעאַקציע־פּעריאָד. דער בײליס־פּראָצעס האָט אױפגעשטורעמט נישט בלױז רוסלאַנד נאָר די גאַנצע ליבעראַלע װעלט. דער ״בונד״ אָרגאַניזירט דעם ערשטן גרויסן פּראָטעסט־סטרײַק קעגן שענדלעכן בלוט־בלבול. אין פּעטערבורג הויבט־אָן סוף 1912 דערשײנען די ״צײַט״, אָרגאַן פון ״בונד״. די צײַטונג װערט געלײענט און פאַרשפּרײט אין גאַנץ פּױלן. אין װלאָצלאַװעק האָט זיך מיטן פאַרשפּרײטן די ״צײַט״ הױפּטזעכלעך זיך אָפּגעגעבן מאיר דוד אַלטער, מיט אַ גאַנצע גרופּע אַרום אים.

די געשעענישן זײַנען געגאַנגען מיט ראַשיקע טריט; ס׳ברעכט אויס די ערשטע װעלט־מלחמה (1914), די דײַטשן און עסטרײַכער באַהאָגלען אַלע שטעט און שטעטלעך פון פּױלן מיט אױפרופן, אַז זײ קומען װי באַ־פרײַער, — געבן אונז באַװולהטע ײדן אַלע בירגער־רעכט, אַלע פרײַהײטן. װאָס עס געניסן בירגער פון דעמאָקראַטישע קאָנסטיטוציאָנעלע לענדער. מען דאַרף מודה זײַן, אַז דער רוב ײדן האָבן טאַקע געגאַרט אויף אַ צאַריש־

רוסישע מפלה. אָנהויב 1916 אָקופּירן די דייטשע אַרמייען פּוילן, וואו זיי זיינען געבליבן ביזן סוף פון דער מלחמה, נאָוועמבער 1918.

די מלחמה־אויפטרייסלונג האָט אויפגעמונטערט די גאַנצע אַרבעטער־שאַפט אין פּוילן. אַזוי זעען מיר סוף 1916, אָנהויב 1917, אַ דער־וואַכטע יידישע אַרבעטער־באַוועגונג דאָרטן.

אין וולאָצלאַוועק איז דער פירנדער כוח פון דער באַוועגונג אונזער מאיר דוד אַלטער. עס וואַקסט אויס די בונדישע אַרב. קולטור־געזעלשאַפט „צוקונפט״, אַ וואונדערבאַרע אינסטיטוציע, און מאיר דוד אַלטער איז איר סעקרעטאַר, ער איז אויך סעקרעטאַר פון דער בונדישער פּאַרטיי־אָרגאַ־ניזאַציע; זיין האַנט איז אומעטום. אויף זיין שטילן אופן, אָבער מיט טיפן ערנסט און איבערגעבנקייט טוט ער זיין בשלימותדיקע אַרבעט; נישט נאָר וולאָצלאַוועק, נאָר אַלע שטעטלעך אויףביידע זייטן ווייסל העלפט ער מיט צו אָרגאַניזירן. דער וולאָצלאַווקער ראיאָן פון „בונד״ ווערט איי־נער פון די שענסטע ראַיאָנען; די וואָס געדענקען די בונדישע ראַיאָן־קאָנפערענצן אין וולאָצלאַוועק, וועלן זיך דערמאָנען ווי אַלץ פלעגט ווערן אַראַנזשירט דורכן חבר מאיר דוד אַלטער. שטענדיק אַ זייער ערנסטער, מיט אַ טיפן אויסדרוק אויפן פנים; די דעלעגאַטן, ס׳רוב יוגנט־לעכע פּראָווינצער, האָבן געוואוסט פון איין אַדרעסאַט, פון איין מענטש, וואָס וויים אַלץ און וועט אַלץ באַזאָרגען — ח׳ מ. ד. אַלטער. קלאָר און דייטלעך, אָן סענטימענטן, אָבער חבריש־פריינטלעך פלעגט ער פאַר לאַנגע יאָרן שרייבן אינסטרוקציעס, געבן אינפאָרמאַציע צו אַלע בונדישע פּאַרטיי־גרופּן אין די אַלע שטעטלעך, און די טוער פון די שטעטלעך האָבן געוואוסט, אַז אַלע טענות, אַלע עוולות קאָנען פאַרענטפערט ווערן, אויס־געגליכן ווערן נאָר דורך איין מענטש — ח׳ מ. ד. אַלטער.

זינט דעמאָלט זיינען שוין אַוועק, פיר און דרייסיק יאָר; און עס דאַכט זיך אַז אָט איז עס ערשט געוועזן, — די וואונדערבאַרע געזעלשאַפט־לעכע אַרבעט, געפירט מיט יוגנטלעכן ברען: פאָרלעזונגען, קאָנפערענצן, אָוונט־קורסן, דראַמאַטישע קרייזן, — אומעטום איבערן גאַנצן ראַיאָן גע־פירט פון אַ גרופּע חברים מיט ח׳ אַלטער בראש.

אַלע האָבן געזען אין מאיר דודן אַ וויכטיקן בונדישן טוער, וואָס

האָט זיך לפֿנים אין הינטערגרונט צוריקגעצויגן, אָבער אויף זיין שטילן באַשיידענעם אופן טוט ער גרויסע וויכטיקע אַרבעט. ער ווערט געוויילט ווי אַ דעלעגאַט פון וולאָצלאַווקער ראַיאָן צו די בונדישע קאָנפערענצן אין וואַרשע. און — און אויב איך האָב נישט קיין טעות — אויך אויף דעם בונדישן צוזאַמענפאָר אין קראָקע, אין פוילן אַנטשטייט די פּאַדאַרעווסקי־רעגירונג; ס׳הויבט זיך אָן אַ פּאָליטישע רעאַקציע באַגלייט מיט עקאָנאָמישער דעפּרעסיע; גרויסע טיילן פון וולאָצלאַווקער ראַיאָן וואַנדערן אויס קיין אַמעריקע. דאָ אַנטשטייען נייע פּראָבלעמען פאַר די נייע אימיגראַנטן. חבר מאיר דוד אַלטער ווערט קיינמאָל נישט באַהערשט פון ספקות, ס׳איז נייטיק אַ סאָציאַליסטישע אַרבעט דאָ מעבר לים; ווערט ער שטאַרק טעטיק אין דער סאָצ. באַוו. אין דער יוניאָן און שרייבט פון צייט צו צייט אינטערעסאַנטע קאָרעספּאָנדענציעס אין דער וואַרשעווער „פּאָלקסצייטונג״ וועגן היגן אַרבעטער־לעבן.

ער טרעט אַריין אין קרושנעוויצער ברענטש פון אַרבעטער־רינג, וועלכער ווערט מיט דער צייט ברענטש 611; ער ברענגט מיט אַ גרויסע גרופּע היימישע חברים פון בונדישן קלוב און פון די אַרומיקע היימישע שטעטלעך; אונזער געוועזענער סעקרעטאַר פון וולאָצלאַווקער ראַיאָן־קאָמיטעט ווערט, פאַרשטייט זיך, סעקרעטאַר פון ברענטש פון אַרבעטער־רינג.

די אַרבעט פון ברענטש פירט זיך אויף אַ מוסטערהאַפטן אופן, עס שאַפט זיך אַ חברשע סביבה אין ברענטש, וואָס ציט־צו אַ סך גוטע מיטגלידער, זיי באַקומען דאָס, וואָס זיי זוכן — אינטערעסאַנטע פאָרלעזונגען, דיסקוסיעס אויף אַ זייער טאָלעראַנטן שטייגער, אונטערהאַלטונגען פון אַ באַשיידענעם כאַראַקטער; און כאָטש אָפּטמאָל ווייזן זיך אַרויס מיינונגס־ פאַרשידנהייטן וועגן געוויסע פראַגן — ווערן זיי געלעזט אויף אַ דעמאָקראַטישן חברישן וועג.

די צווייטע וועלט־מלחמה מיט אַלע אירע שרעקלעכע קאָנסעקווענצן ווירקט שטאַרק אויף אונזערע מיטגלידער פון ברענטש.

מאיר דוד מאָנט, וועקט און בעט. עס הויבט אָן קלאָר צו ווערן, אַז דער היטלער־אומגליק האָט בוכשטעבלעך עוקר מן השורש גע־וועזן דאָס יידישע לעבן אין מזרח־אייראָפּע, איבערהויפּט פּולשטענדיק

פאַרניכטעט דאָס גייסטרייכע פוילישע יידנטום און די אָרגאַניזירטע יידישע אַרבעטערשאַפט אין פוילן, — אָט דעם פאַלקסטימלעכן רעזערוואואַר פון יידישן קולטור־באַנייאונג. דער ייד. אַרב. קאָמ. רופט צו שאַפן הילף פאַר די געציילטע געבליבענע. מאיר דוד וואַרפט זיך אַריין אין אָט דער הילפס־אַרבעט, און מאַכט עס אין פאַרלויף פון יאָרן פאַר די הויפט־אויפגאַבע פון אונזער ברענטשס הילפס־אַרבעט; אַ זאַך, פאַר וועלכער מיר אַלע דאַרפן אים דאַנקבאַר זיין, ווייל דאָס איז אַ שטאָלץ פאַר אונז ווי יחידים, און פאַרן ברענטש אַלץ אַ גאַנצן.

די נאָכווייען פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָבן אַוועקגעשטעלט אין פראָנט פון יידישן לעבן אין אַמעריקע פראָבלעמען, וואָס זיי האָבן אויך פריער עקזיסטירט, אָבער נישט מיט אַזאַ שאַרפקייט ווי איצט. עס איז פאַר אונז קלאָר געוואָרן, אַז כאָטש דאָס אַנטשטייען פון מדינת ישראל איז אַ גרויסע היסטאָרישע פאַסירונג, בלייבט אָבער אַלץ דאָס פראָבלעם פון יידן אין אַלע לענדער און בתוכם אויך אַמעריקע. מיר האָבן אַ דורותדיקע קולטור אין דער יידישער שפּראַך, אייגנאַרטן און שאפונגען, וואָס מיר קאָנען נישט קומען איבערנאַכט און זאָגן מיר פאַרוואַרפן עס, מיר זיינען פאַרטיק דער־מיט. צום שבח פון אונזער מאיר דוד אַלטער מוז געזאָגט ווערן, אַז אין אָט דעם טומלדיקן פעריאָד איז ער געבליבן און בלייבט ווי אַלע יאָרן ביי זיין גלויבן, איבערצייגונג, אַז מיר מוזן ווייטער שפינען דעם פאָדעם פון אונזער יידישער קולטור אומעטום.

עס וואָלט געווען אַ גרויסער פאַרזען נישט צו דערמאָנען דעם פאַקט, אַז חוץ דעם גרויסן פאַרמעגן, וואָס מאיר דוד האָט — כאַראַקטער, גלויבן, ענערגיע — איז ער באַשאָנקען מיט נאָך עפּעס — אַ וואונדערבאַרן חבר אין לעבן, אַ זעלטענעם שותף נאָך פון יענע, יענע צייטן אין וואָלאָצלאַוועקער ראַיאָן־קאָמיטעט, אין דער קולטור־געזעלשאַפט „צוקונפט‟, — מיר מיינען דאָ זיין ליבע פרוי רבקה אישאַיעוויטש. מיר זעען זי פונקט ווי דעמאָלט — שטיל, זאַכלעך, מיט פעסטער איבערצייגונגס־קראַפט.

| | |
|---|---|
| **Zjednoczenie Szkół Żydowskich**<br>oddział we Włocławku. | **יידישע שול-אָרגאַניזאַציע**<br>אָפּט' אין וולאַצלאַוועק. |

צום חבר מאיר דוד אלטער

[illegible]

וולאצלאוועק, דעם 9 נאוועמבער 1935

[illegible]

העכער 90 פּראָצענט פון די אונטערגעשריבענע בונדיסטן זיינען אומגעקומען דורך די נאַצי-מערדער.

צווישן די אונטערגעשריבענע איז אויך דאָ דער פירער פון „בונד" וויקטאָר אַלטער, וועלכער איז געשיקט געוואָרן נאָך וולאָצלאַוועק צו פּאַרטיידיקן אין גע-ריכט אַן אַרעסטירטן בונדיסט.

וויקטאָר אַלטער איז דערמאָרדעט געוואָרן אין דעצעמבער 1941 דורך די סטאַליניסטישע אַגענטן אין סאָוועט-רוסלאַנד.

דזשעק קעי (קויאַווסקי)

# אונדזער יום־טוב

די גרינדער פון אונדזער ברענטש געהערן צו דעם יידישן אימי־גראַנטן־דור אין די פאַראייניקטע שטאַטן, וואָס האָט שוין אין זיינע יוגנט־יאָרן מיטגעמאַכט און אַקטיוו אָנטיילגענומען אין די אַרבעטער־קאַמפן אין אומאָפּהענגיקן פּוילן. די מאָדערנע יידישע קולטור, די טרייד־יוניאָן־באַוועגונג, די פּאָליטישע באַוועגונג און ספּעציעל דער „בונד״ האָבן שוין באַוויזן זיך איינצוואָרצלען אין אונדזערע היים־שטעט. מיר האָבן די גייסטיקע יניקה געצויגן פון דאָרטן און באַמיט זיך ווייטער צו שפּינען דעם גאָלדענעם פאָדים אויף דער נייער ערד, אונטער אַנדערע אומשטענדן און באַדינגונגען. מיר זיינען געוואָרן טעטיק אויף אַלע גע־ביטן פון אַרבעטער־לעבן אין אַמעריקע. נאַטירלעך איז דער אַרבעטער־רינג געווען די פּאַסיקע אָרגאַניזאַציע פאַר אונדז, ווייל זי האָט מיט זיך געטראָגן די אידעאַלן און פּרינציפּן, וואָס זיינען אונדז נאָענט און ליב.

צו דעם 25־יעריקן יובילײ פון אונזער ברענטש איז באַשטימט גע־וואָרן אַרויסצוגעבן אַ יובל־בוך.

דאָס דאָזיקע בוך דאַרף דינען ווי אַ סך־הכל פון 25 יאָר אַרבעט און מי פון אונזער ברענטש. אָבער פון גאָר אַ גרויסער וויכטיקייט, גלויב איך, זיינען יענע טיילן פון בוך, וואָס זיינען געווידמעט די היים־שטעט קרושנעוויץ און וולאָצלאַוועק, פון וועלכע עס שטאַמען די ווייט גרעסטע מערהייט בויער פון ברענטש. מיר האָבן דאָרטן איבערגעלאָזט צוויי בלי־ענדע יידישע ישובים מיט אַ רייך, פולסירנדיק, גייסטיק לעבן, וואָס איז אַזוי באַרבאַריש פאַרניכטעט געוואָרן דורך היטלערן. עס איז זיכער גע־ווען אַ שווערע, אָבער דערהויבענע עבודה צו פאַרצייכענען ווי ווייט מעג־לעך אין שריפט דאָס דאָזיקע פאַרגאַנגענע לעבן. עס האָט גענומען אַ

סך אָנשטרענגונג צונויפצוזאַמלען די נויטיקע מאַטעריאַלן און געפינען דערפאַר די פּאַסיקע פאָרם.

זאָל דאָס בוך זיין אַ באַשיידענער צושטייער צו דער חורבן־ליטע־ראַטור פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, און אויך נישט נאָר ווי אַ זכרון נאָך אַ פאַרשוואונדענער וועלט, נאָר ווי אַ מאָנונג אויפצו־האַלטן און ווייטער אַנטוויקלען די אייביקע ווערטן, מיט וועלכע מיר האָבן זיך אַדורכגעדרונגען אין אונזער יוגנט — אַן אומצעשטערבאַרער גלויבן אין דעם באַפרייענדיקן אידעאַל פון גלייכהייט, פרייהייט און סאָציאַלן יושר, אַן איבערגעגעבנהייט צו דער מאָדערנער יידישער קולטור, אַ טריי־הייט אָן גרענעצן צו דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג.

מ. ש—ג

# ליפנא (ביי וולאָצלאַוועק)

דאָס שטעטל ליפנא, געפינט זיך אין שכנות פון וולאָצלאַוועק האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט דאָס טיפּישע יידיש־פּויליש שטעטל: דורותדיקע פאַרוואָרצעלטע טראַדיציע, טיף חסידיש, אָבער אויך מתנגדיש־באַל־ באַטיש. ס'איז דאָרט געווען אַ טעטיקע יוגנט, וואָס האָט אין זיך פאַרקער־ פערט אַלץ, וואָס דאָס שיינע און זאַפטיק רייך יידיש פאָלקס־לעבן אין פּוילן האָט פאַרמאָגט. אַ פיבערהאַפטיקע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט איז אָנגעגאַנגען אין יענע יאָרן, בעת דעם אַנטשטיין פון דער אומאָפּהענגיקער פּוילישער מלוכה. די בונדישע גרופּע האָט אַ סך בייגעטראָגן צו מאַכן דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן אינטערעסאַנט און וויברירנדיק. דאָס לעבן האָט געהאַט אַ סדר, דורותדיקע באַנייאונג און פאָרזעצונג.

עס איז שוידערלעך, כמעט אומגלויבלעך, אַז אַלץ וואָס איז געבליבן איז בלויז דאָס, וואָס דער כוח־הדמיון קאָן זיך פאָרשטעלן. און עטלעכע בילדער, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר דאָס איבערבלייבעניש פון הונדערטער יאָרן יידיש לעבן.

ליפנא אַ שטעטל, וואָס האָט געשפּרודלט מיט יידיש לעבן, איז היינט יידן־ריין. דאָס יידישע ליפנא, ווי כמעט אַלע אַנדערע שטעט און שטעט־ לעך אין פּוילן, איז אָפּגעמעקט און אויסגעריסן געוואָרן מיטן וואָרצל.



בונדישע גרופּע פון ליפנע (פּוילן)

דער גרעסטער טייל פון דער גרופּע איז אומגעקומען דורך די היטלער-רוצחים.

י. האַרט

# וויקטאָר שולמאַן

ווען אונזער ברענטש איז צוגעטרעטן אַרויסגעבן דעם יובל־בוך און מ׳האָט געדאַרפט האָבן אַ רעדאַקטאָר, האָט די רעדאַקציע־קאָלעגיע אויסגעקליבן פאַר דער פונקציע דעם אַלטן סאָציאַליסט און שרייבער וויקטאָר שולמאַן. מיט זיין נאַטירלעכער ערנסטער באַציאונג האָט ער זיך גענומען צו דער אַרבעט. ער האָט רעדאַגירט אַ גרויסן טייל פון מאַטעריאַל און איז אַוועקגעפאָרן קיין קאַנאַדע פאַרברענגען זיין וואַקאַציע. געהאָפט האָט ער צו פאַרענדיקן די אַרבעט נאָכן צוריקקער אין ניו־יאָרק. ווען ער איז דאָרטן, אויף דער זומער־וואוינונג, געזעסן און רואיק געלייענט אַ צייטונג, איז ער אומגעריכט אויף אייביק איינגעשלאָפן. קיין ניו־יאָרק האָט מען אים שוין געברענגט, כדי אים דאָ מקבר צו זיין אויפן בית־עולם פון אַרבעטער־רינג.

***

וויקטאָר שולמאַן, וועלכער איז געקומען אויף דער וועלט מיט 75 יאָר צוריק, האָט געשטאַמט פון אַן אינטעליגענטער באַלעבאַטישער פאַמיליע אין קאָווגע. זיין אמתער נאָמען איז גאָר געווען ישראל שאַדאָווסקי. צוליב זיין רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט האָט ער אין צאַרישן רוסלאַנד געמוזט לעבן אויף אַ פאַלשן פאַס און ער איז דעריבער מגולגל געוואָרן אין וויקטאָר שולמאַן.

אין זיינע יונגע יאָרן האָט ער זיך דערוואָרבן אַ סך יידיש און אַלגעמיינעם וויסן און אַ צייט זיך געוואַקלט צווישן דער אַלטער און נייער יידישקייט. „מיין סביבה, די אַטמאָספער אַרום — האָט אַליין געשריבן וויקטאָר שולמאַן — ישיבה־לערנערס, מוסרניקעס פון איין זייט, משכילים, גימנאַזיסטן, סטודענטן פון דער צווייטער.“

וואָס ווייטער, אַלץ מער ציט אים צו רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, און נאָך דער גרינדונג פון „בונד״, ווערט ער אין 1898 טעטיק אין דער בונדישער אָרגאַניזאַציע אין קאָוונע. אין יענער צייט האָט דער שעף פון דער מאָסקווער אָכראַנע (געהיים־פּאָליציי), דער באַרימטער זובאַטאָוו,



וויקטאָר שולמאַן

אָנגעהויבן זיין מלחמה מיטן „בונד״. אין יאָר 1900 ווערט אויך שולמאַן אַרעסטירט דורך זובאַטאָווס ספּעציעלע אַגענטן. מ׳פירט אים אַריבער קיין מאָסקווע, וואו זובאַטאָוו האָט מיט אים צוויי לאַנגע געשפּרעכן, כדי צו איבערצייגן דעם יונגן רעוואָלוציאָנער, אַז ער גייט אויף פאַלשע וועגן. נאָכן אָפּזיצן עטלעכע חדשים אין טורמע, ווערט ער אָפּגעלאָזט אויף דער פריי און געשטעלט אונטער דער אויפזיכט פון דער מאָסקווער אָכראַנע.

שולמאַן הויבט דעמאָלט אָן צו פירן אַ לעבן פון אַן אומלעגאַלן רעוואָלוציאָנער אין פאַרשידענע שטעט פון דער רוסישער אימפּעריע.

איר טרעפט אים אין ליטע און ווייס־רוסלאַנד, אין פּוילן און אוקראַינע. אומעטום אויף פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָסטנס — אין די רעוואָלוציאָנערע מאַסן־אַרויסטרעטונגען, אין די שטרענג־קאָנספּיראַטיווע אָרגאַניזאַציאָנעלע אַרבעטן, אין די געהיימע דרוקערייען און אויף פּאַרטיי־צוזאַמענפאָרן. ער ווירקט אַלס אָרגאַניזאַטאָר, רעדנער און שרייבער.

במשך פון דער צייט איז ער 9 מאָל געווען אַרעסטירט — אין רוס־לאַנד, שפּעטער אויך אין דייטשלאַנד און פּוילן. 8 יאָר האָט ער פאַר־ברענגט אין פאַרשיידענע טורמעס און פאַרשיקונגען. אָבער אויך דאָרטן איז ער ניט געזעסן ליידיק. ער האָט געווירקט ווי אַ לערער און פריינד פון ניט־דערפאַרענע און אומגעבילדעטע אַרבעטער, וועלכע דער צאַרישער רעזשים האָט פאַרשפּאַרט אין זיינע געפענגענישן. ער איז געווען באַ־טייליקט אין פיל דראַמאַטישע געשעענישן. און ווען די ערשטע רוסישע רעוואָלוציע (1905—6) איז דערשטיקט געוואָרן און די צאַרישע רעאַקציע האָט גענומען בושעווען, טרעט שולמאַן ניט אָפּ פון זיין פּאָסטן. דער צאַר, ניקאָלאַי דער צווייטער, האָט אָנפאַרטרויט די מיסיע צו „באַרואיקן" דאָס לאַנד מיט דער הילף פון קאַטאָרגע, תליות, מאַסן־צעשיסונגען און פּאָ־גראָמען זיין טרייען דינער סטאָליפּין, וועלכער איז מיט יאָרן פריער אין זיין גוט געווען אַ נאָענטער שכן פון די שאַדאָווסקיס. שולמאַן האָט אים פערזענלעך גוט געקענט, ווי אַ פאַרביסענעם רעאַקציאָנער און אַנטיסע־מיט. פירנדיק ווייטער זיין רעוואָלוציאָנער־בונדישע אַרבעט, האָט שולמאַן שטענדיק געהאַט לעבעדיק פאַר די אויגן דעם רוסישן פּרעמיער־מיניסטער סטאָליפּין, וואָס איז געוואָרן די פאַרקערפּערונג פון דער רשעות און די בייטש פון בלוטיקן צאַריזם.

עס ברעכט אויס די ערשטע וועלט־מלחמה. די דייטשע און עסטרייך־אונגאַרישע אַרמייען פאַרטרייבן די רוסן פון פּוילן און די אַרבעטער־באַוועגונג קען דאָרטן אַרויסגיין פון אונטערערד אויף דער אויבערפלאַך. דעמאָלט זעען מיר ווידער דעם אומדערמידלעכן און אומגעבראָכענעם וויקטאָר שולמאַן ביי דער אַרבעט. ער ווערט דער אָרגאַניזאַטאָר און פירער פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען פון די יידישע אַרבעטער אין וואַרשע און דער רעדאַקציע־סעקרעטאַר פון די בונדישע צייטונגען. מיר

זעען אים אַלס פּאָרזיצער פון גרויסע מאַסן־פאַרזאַמלונגען און מיר הערן אים אַלס גלענצנדיקן לעקטאָר. פון דעמאָלט אָן ביזן חורבן פוילן אין דער צווייטער וועלט־מלחמה דינט ער מיט זיין פען די יידישע אַרבעטער אין זייער קאַמף פאַר אַ שענערער און גערעכטערער וועלט. עטלעכע און צוואַנציק יאָר איז ער געווען צוגעשמידט צום טיש אין דער רעדאַקציע פון דער בונדישער פרעסע אין וואַרשע, אויף נאָוואָליפּיע 7. אַפילו ווען היטלערס באָמבעס און אַרטילעריע־קוילן זיינען שוין געפאַלן, וואַרשע איז געווען פון אַלע זייטן אַרומגערינגלט און געשטאַנען אין פלאַמען, איז נאָך דער אַלטער רעוואָלוציאָנער ניט אָפּגעטרעטן פון זיין פלאַץ. צוזאַמען מיט שמואל זיגעלבוים (אַרטור), וועלכער האָט מיט עטלעכע יאָר שפּעטער אַליין מקריב געווען זיין לעבן אין אַ פּרואוו אויפצורודערן דעם פאַרשלאָפענעם וועלט־געוויסן, פּנים אל פּנים מיט דער פאַרניכטונג פון די יידן, האָט שולמאַן אַרויסגעלאָזט יעדן טאָג די „פאָלקס־צייטונג" און גערופן די יידישע מאַסן צום ווידערשטאַנד.

אין וואַרשע האָבן אַריינמאַרשירט היטלערס חיילות, ווי ס'האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, כדי אומצוברענגען אַלע יידן. שולמאַן פאַרלאָזט אינגיכן זיין היים אין וואַרשע און קומט, נאָך אַ הפסקה פון פיר צענדליק יאָר, צוריק אין זיין ערשטער היים, אין קאָוונע. ער באַוויזט נאָך צו טרעפן זיין פאָטער, אַ 90־יאָריקן זקן, וועלכער קען אים שוין ניט זען מיט זיינע בלינד־געוואָרענע אויגן, נאָר בלויז אים אַרומגלעטן מיט זיינע פינגער.

לאַנג זיך פרייען מיט זיינע קרובים קען ניט דער אַלטער רעוואָלוציאָנער. ליטע ווערט זומער 1940 פאַרנומען דורך די סאָוועטישע חיילות. פון ביטערער דערפאַרונג און פון גורל פון אַ סך זיינע נאָענטע חברים ווייסט שולמאַן, אַז די סאָוועטישע מאַכט איז גרויזאַם, אוממענטשלעך גרויזאַם. אין דער צייט, ווען זי ברידערט זיך מיט היטלער־דייטשלאַנד, אין דער צייט, ווען סטאַלין דריקט די האַנט פון ריבענטראָפּן און מאָלאָ־טאָוו — די האַנט פון מאָנסטער היטלער, שטיקן און וואַרגן די זעלבע הענט די איידלסטע זין און טעכטער פון די פעלקער, וואָס זיי באַהערשן. די ערשטע קרבנות זיינען די אַלטע אָנגעזעענע רעוואָלוציאָנערן און

סאָציאַליסטן, די פּיאָנערן און בויער פון דער קעמפנדיקער אַרבעטער־באַוועגונג. שולמאַן געזעגנט זיך מיט זיינע נאָענטסטע, נעמט דעם וואַנדער־שטעקן און לאָזט זיך אין אַ ווייטן וועג אַריין — צו די ברעגעס פון אַמעריקע.

און נאָכן קומען דאָ אַהער וויל ער ניט וויסן פון קיין רו. ער אַרבעט אומדערמידלעך, שרייבט און רעדאַגירט. ער פאַרעפנטלעכט אַ ריי וויכטיקע ליטעראַרישע און היסטאָרישע אַרבעטן, גרייט צו ביכער צום דרוק און האַלט אויף זיין טיפן אינטערעס צום אַרומיקן לעבן.

***

דער פאַרשטאָרבענער רעדאַקטאָר פון אונזער יובל־בוך איז געווען אַ זעלטן גוט־האַרציקער און ערלעכער מענטש. ער האָט דאָס לעבן געקענט פון אַלע זייטן. אָבער דאָס האָט אים קיינמאָל ניט „דעמאָראַלי־זירט". ער האָט גיכער געלאָזט, אַז מ׳זאָל אים אָפּנאַרן, איידער נאָכגעבן דעם יצר־הרע און זיך אַליין לאָזן אויפן גליטשיקן וועג פון מענטשלעכן שלעכטס און אומערלעכקייט. און אַ זייער באַשיידענער איז ער געווען, און אָט די באַשיידנקייט האָט אים אַפילו געשטערט אַרויסצוברענגען פון זיך אַלע זיינע מעגלעכקייטן און פעאיקייטן אַלס רעדנער און שרייבער. זיין טריישאַפט צו דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג איז געווען אָן גרע־נעצן, ער איז גרייט געווען צו ברענגען פאַר איר דעם גרעסטן קרבן.

שוין נאָך זיין טויט האָב איך פון אים באַקומען אַ בריוו, אין וועלכן ער פאַרריכט זיינעם אַ קליינעם, ניט־וויכטיקן טעות. דער בריוו האָט פאַר מיר צום טויזנטסטן מאָל באַשטעטיקט זיין ערלעכקייט און געוויסנ־האַפטיקייט. במשך פון איבער צוויי צענדליק יאָר איז מיר געווען באַשערט טאָג־איין טאָג־אויס נאָנט מיט אים צוזאַמענצואַרבעטן, ווערן מיט אים חבריש און באַפריינדעט. איז דעריבער דער צער פון שרייבן אַ נעקראָלאָג נאָך אַזאַ גוטן מענטש פיל שטאַרקער.

וויקטאָר שולמאַן — דער נאָמען וועט שיינען אין דער געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, אין דער געשיכטע פון דער נייער יידישער קולטור, אין דער געשיכטע פון אונזער קאַמף פאַר פרייהייט און מענטשלעכקייט.

מ. אַ—ר

# חיים קאַנטאַראָוויטש

דעם 18־טן אויגוסט 1936 איז אָנגעקומען די טרויעריקע ידיעה, אַז אין ליבערטי סאַנאַטאָריום פון אַרבעטער־רינג איז געשטאָרבן אונזער מיטגליד, חבר חיים קאַנטאַראָוויטש.


חיים קאַנטאַראָוויטש

מיר האָבן אַלע געוואוסט אַז קאַנטאַראָוויטש איז אַ שווער קראַנקער מענטש, זיין טויט האָט פאַר אונז נישט געדאַרפט זיין אַ פלוצומדיקע געשעעניש, — דאָך ווען די ידיעה איז אָנגעקומען האָט עס אַרויסגערופן ביי אַלעמען אַ טיפן טרויער.

קאַנטאַראָוויטש איז נישט נאָר געווען דער פירער פון דער היגער סאָציאַליסטישער פאַרטיי, נאָר מחבר פון עטלעכע פאָליטיש־וויסנשאַפטלעכע ביכער; ערשטער רעדאַקטאָר פון יידישן סאָציאַליסטישן אָרגאַן, די „סאָציאַליסטישע שטימע" און פון ענגלישן סאָציאַליסטישן זאַמל־בוך, וואָס פלעגט דערשיינען איין מאָל אין יעדע דריי חדשים „סאָשעליסט קוואָטערלי". ער איז אַזוי געווען פאַרנומען אין דער סאָציאַליסטישער אַרבעט פון דער פאַרטיי, אַז ווען ער איז שוין אַפילו געווען זייער קראַנק, האָט ער אַלץ די פעדער פון האַנט נישט אַרויסגעלאָזט. געשריבן אַרטיקלען פאַר דער יידישער און ענגלישער פאַרטיי־פרעסע.

איינער פון די בעסטע רעדנער און דעבאַטאַנטן. האָט ער זיך אין גאַנצן געווידמעט דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. און נישט קוקנדיק וואָס ער איז געווען באַלאָדן מיט אַזוי פיל וויכטיקע און שווערע אַרבעטן, פלעגט ער ווען ער איז נאָר געווען בכוח זיך צו באַפרייען פון בעט און אַרויסגיין אין גאַס, קומען צו די ברענטש־מיטינגען פון אַרבעטער־רינג,

האַלטן פון צייט צו צייט ביי אונז לעקציעס אויף פּאָליטישע און ליטעראַ־רישע טעמעס, באַטייליקן זיך אין דיסקוסיעס וועגן פאַרשיידענע ברענטש־פּראָגעס און אָפּט אַליין געשריבן די אָנגענומענע רעזאָלוציעס.

ס׳איז ווערט צו דערמאָנען געוויסע שטעלן פון צוויי בריוו, וואָס ער האָט צוגעשיקט צום ברענטש. אין איין בריוו פון 6־טן אַפּריל 1932 פון ליבערטי, נ.י. אַרבעטער־רינג סאַנאַטאָריום שרייבט ער:

„גיט איבער אַלע פריינט און חברים פון אונזער ברענטש מיין אמת־חברשן דאַנק פאַר דעם וואַרעמען אינטערעס, וואָס זיי נעמען אין מיר. איך האָף, אַז נאָכן צוריקקומען קיין ניו־יאָרק וועל איך באַווייזן מיט מעשים ווי טיף איך שאַץ אייער פריינטשאַפט. פאַר דער צייט וואָס איך בין דאָ האָב איך זיך זייער אַ סך פאַרבעסערט אין געזונט, מיינע איינגעפאַלענע באַקן האָבן זיך אויסגעפילט און האָבן באַקומען אַ געזונטן קאָליר. איך האָף אין גיכן זיך קענען אומקערן אַ געזונטער צו מיין פאַמיליע און צו אונזער באַוועגונג.״

אין צווייטן בריוו פון 19־טן מערץ 1935, פאַרן אַוועקפאָרן אין לאָס־אַנדזשעלעסער סאַנאַטאָריום, געזעגנט ער זיך מיט די מיטגלידער פון ברענטש:

„איך בעט אייך זייער איבערגעבן אַ האַרציקן חברשן גרוס און זיי־געזונט אַלע חברים פון ברענטש. מיין געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט איז אַלע מאָל געווען פון אַזאַ מין, וואָס האָט פאַר מיר אוממעגלעך געמאַכט צו זיין געווען אַקטיוו אין ברענטש, הגם כ׳האָב דאָס באמת געוואָלט.

איך האָב געזען די רעזאָלוציע פון אונזער ברענטש וועגן דעם „ניו־לידער״ און „סאָשעליסט קאָל״ און האָב זיך געפילט זייער שטאָלץ מיט מיין ברענטש.״

חבר קאַנטאָראָוויטש איז אַריין אין ברענטש אין יאָר 1930, געווען אין גאַנצן עפּעס מער ווי 6 יאָר אין ברענטש, אָבער זייער אַ גרויסע צאָל פון אונזערע מיטגלידער האָבן אים געקענט אַ סך פריער און באַוואונדערט זיין ענערגיע און די פיל אַרבעט, וואָס ער האָט אַריינגעלייגט אין היגן געזעל־שאַפטלעכן און סאָציאַליסטישן לעבן. ער איז געשטאָרבן אין יונגן עלטער פון 46 יאָר. כבוד זיין אָנדענק.

# אַ ליד פון חיים קאַנטאָראָוויטש

טאָג און נאַכט
נאַכט און טאָג —
ווען איך שלאָף —
ווען איך וואַך —
ער איז אימער דאָ
אימער דאָ.

נאַר, וואָס היטסטו מיך ?
איך בין דיינער —
דיינער, דיינער.
קוקט ער אויף מיר און לאַכט —
און לאַכט מיט אַ טויטן געלעכטער,
גיי אַוועק
און קום צוריק.

ווען די שעה וועט קומען
וועל איך גרייט זיין —
מיט שמחה און מיט פרייד
וועל איך גיין מיט דיר —
קוקט ער און לאַכט —
קוקט ער און לאַכט מיט אַ טויטן געלעכטער.

פריינט מיינער —
אייביקער באַגלייטער —
זעסט מיין האַרץ טריפט בלוט —
גיי אַוועק
און קום צוריק —
ווען די שעה וועט קומען —

קוקט ער אויף מיר און לאַכט,
לאַכט מיט אַ טויטן געלעכטער.

ברענט דער צאָרן
אין פאַרצווייפלונג —
רייס איך מיר די האָר פון קאָפּ
און שריי הויך אויפן קול —
גיי אַוועק!
קוקט ער אויף מיר און לאַכט
מיט אַ טויטן געלעכטער.

כאַפּט רחמנות מיר אַרום
לייג איך זיך און וויין מיר שטיל —
וויינט ער אויך —
וויינט ער אויף מיין מזל,
וויינט ער אויף מיינע
יונגע אָפּגעשניטענע יאָרן,
ווערט מיר גוט
און איך זאָג:
נו, וויין ניט, כ׳וועל דיר ניט פאַרטרייבן
אייביק פאַרבלייבסטו שוין מיט מיר.
— — — — — — — — — — — —
אייביק... כליפּעט איינער פון אונז.

„סאָציאַליסטישע שטימע", 1936

מ. ד.

# יעקב דזשעראָמסאָן

דעם 27־טן נאָוועמבער 1949 האָט דער טויט צוגענומען אונזער טייערן חבר און פריינט יעקב דזשעראָמסאָן.

אין חודש מאַי 1923 איז דזשעראָמסאָן אַריין אין אונזער אַרבעטער־רינג בראַנטש. ער האָט באַלד דער־פילט די וואַרעמע סביבה אַרום זיך און געוואָרן אַקטיוו אין בראַנטש.


יעקב דזשעראָמסאָן

צוערשט אַריין אין דער עקזע־קוטיוו, צו עטלעכע יאָר געווען פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַר און האָס־פּיטעלער.

גאַנץ זעלטן האָט ער פאַרפעלט אַ בראַנטש־מיטינג און מיט זיין פיינעם הומאָריסטישן טאָן זיך באַ־טייליקט אין די בראַנטש־פאַרזאַמ־לונגען. ווי ווייט זיין איבערגע־געבנקייט צום בראַנטש איז געווען קען מען זען פון פאָלגנדיקן פאַקט:

אין פעברואַר 1945 האָט ער באַקומען דעם ערשטן האַרץ־אַטאַק; אַ שווער קראַנקער, צוגעשמידט צום בעט, האָט ער דעם סעקרעטאַר פון בראַנטש, וועלכער האָט אים באַזוכט גראָד ערב אַ יערלעכער אונטער־נעמונג פאַרן „יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט", דיקטירט אַ בריוו, וואָס ער האָט געגעבן איבערצולייענען ביי דער אונטערנעמונג.

„איך קען זיך נישט באַפרייען פון געדאַנק — שרייבט ער — אַז איך וועל זיך נישט קענען באַטייליקן אין יערלעכן צוזאַמענקום פון די מיטגלידער און מיטהעלפן אין דער הילפס־אַרבעט פון אונזער יידיש

פאָלק אין אייראָפּע. נעמט־צו מיין קליינע באַשטייערונג פון 20 דאָלאַר, און איך האָב דעם גלויבן און זיכערקייט, אַז איר וועט זיך נאָך בעסער אָפּרופן און מאַכן די אונטערנעמונג פאַר אַ גרויסן דערפאָלג. דער דער־פאָלג פון דער אונטערנעמונג וועט נישט נאָר מיך צופרידנשטעלן, נאָר ס׳וועט אויך זיין אַ היילונג צו מיין געזונט".

נישט קוקנדיק אויף זיין שווערער קראַנקייט, איז ער ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן געווען מיטגליד פון עקזעקוטיוו פון ברענטש, און ווען ער איז נאָר געווען בכוח, פלעגט ער קומען צו די ברענטש־מיטינגען.

דער טויט האָט פון אונז אַוועקגעריסן אַ טייערן חבר און פריינט, אַן ערלעכן גוטן מענטש און איבערגעגעבענעם סאָציאַליסט.

כבוד זיין אָנדענק!

---

מ. יונגער

## געלעבט און געשטאָרבן ווי אַ העלד

אַ שניידער־אַרבעטער, געבוירן אין קרושנעוויץ, ער ווערט גאָר יונג אַריינגעצויגן אין דער בונדישער יוגנט־באַוועגונג, זיין ווערט גלייך אַ וויכטיקער טוער צו אָרגאַניזירן די יידישע אַרבעטער.


ישראל האָפמאַן

האָפמאַן, אָדער ישראלקע ווי די נאָענט־סטע האָבן אים גערופן, פילט זיך ענג אין קליינעם שטעטל, און קומט אין יאָר 1925 אין לאָדזש, וואו ער ווערט גלייך אַקטיוו אין פראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון די יידישע שניידער־אַרבעטער, און ווערט ווי איינער פון די בונדישע טוער געוויילט אין דער פאַרוואַלטונג.

די לעצטע צען יאָר איז ער טעטיק אין דעם וואַרשעווער באַקלייד־אָפּטיילונג, וואו ער האָט אַ ברייטע מעגלעכקייט אויסצונוצן זיינע פעאיקייטן און ענערגיע.

אַ מענער־שניידער פון פאַך ווערט ער גיך איינער פון די אָנפירער פון דער מענער־מאַגאַזין־פאַך פאַרוואַלטונג, און ווידמעט זיין גאַנצע פרייע צייט דער דאָזיקער אַרבעט.

זיין האַרציקייט, ענערגיע און געטריישאַפט האָבן אים פאַרשאַפט אַ גוטן נאָמען ביי די יידישע אַרבעטער, זיי האָבן אין אים געזען, איינעם פון זיך אַליין, אַ לעבעדיק בילד פון זייער אייגענעם אָרגאַניזם.

זיי האָבן ישראל האָפמאַנען ליב געהאַט, אים געגלויבט, צו אים געהאַט אַכטונג, די ברייט פאַרצווייגטע אַרבעט לאָזט אים נישט צו־רו, ער ווערט אויך אַריינגעצויגן אין דער אַלגעמיינער פאַרוואַלטונג פון דער וואַרשעווער־ באַקלייד־אָפּטיילונג, און בלייבט דאָ ווי איינער פון די אַקטיווסטע טוער פון דער גרעסטער אָרגאַניזאַציע פון יידישע אַר־בעטער אין פוילן.

אָט די דאָזיקע אַרבעט און קאַמפן בלייבט ער געטריי די גאַנצע צייט פון זיין לעבן, ער האָט נישט פאַרלוירן זיין אָפּטימיזם, זיינע טיפע שוואַרצע אויגן האָבן געלויכטן מיט האָפנונג, מיט מוט.

מען טרעפט אים אויף די באַריקאַדן־קאַמפן, ביים פאַרטיידיקן וואַרשע אין יאָר 1939, און שפּעטער אַלס אַקטיוון טוער אין דער אונ־טערערדישער־באַוועגונג.

די דייטשן נעמען אים אין קאָנצענטראַציע־לאַגער, דאָרט רופט ער זיינע גורל־חברים נישט צו פאַרצווייפלען.

ווען עס ווערט רייף דער מאָמענט, איז ער איינער פון די אָרגאַני־זאַטאָרן פון אויפשטאַנד און ווידערשטאַנד אין דעם קאָנצענטראַציע־לאַגער פּאָניאַטאָוו.

ער האָט געלעבט ווי אַ באַוואוסטזיניקער יידישער אַרבעטער.

בעת די קאַמפן מיט די נאַצי־ווערכטער פאַלט ער אַ טויטער. 40 יאָר איז ער אַלט געווען. געקעמפט און געשטאָרבן ווי אַ העלד.

כבוד זיין אָנדענק.

מ. אַלמאַן

# שלמה גדליה הילער

## דער סימבאָל פון וולאָצלאַווקער „בונד"

ווען איך בין אָנגעקומען אַרבעטן אין דער וולאָצלאַווקער פּרץ־שול אין 1926 יאָר האָט מען מיר פאָרגעשטעלט דעם ח׳ הילער.


שלמה הילער

ער איז דעמאָלט געווען באַשעפטיקט אין איינעם פון די בונדישע קאָאָפּעראַטיוון, אַלס אָנגעשטעלטער. אין שטאָט האָט ער די פּאַרטיי רעפּרעזענטירט אין קהילה און אין שטאָט־ראַט.

זיין סאָציאַליסטישן יחוס האָט ער געצויגן נאָך פון 1903 יאָר. ער, דער זון פון יידישבירגערלעכע עלטערן האָט זיך געשטעלט אין דינסט פון די יידישע אַרבעטער, פון „בונד".

הגם וולאָצלאַוועק האָט געהערט צו די גרעסערע פּראָווינץ־שטעט מיט אַ צאָלרייכער באַפעלקערונג, קען מען דאָך דרייסט זאָגן, אַז עס איז נישט געווען קיין איין מענטש אין שטאָט, וואָס זאָל נישט האָבן געקענט דעם חבר הילער.

ער איז געווען דער אייביקער בונדישער ראַטמאַן. אין שטאָט־ראַט האָט ער די פּאַרטיי פאַרטראָטן פון 1916 יאָר אָן. געוויילט געוואָרן בעת די קוריאַלע וואַלן. און אין קהילה — זייט איר אַנטשטייאונג אין אומאָפּהענגיקן פוילן, נאָכן יאָר 1918.

אויב מען וויל ענטפערן אויף דער פראַגע, וועמען האָט פּאַרטיידיקט דער חבר הילער אַלס שליח פון „בונד", מוז מען דערמאָנען צוויי ראַיאָנען אין וולאָצלאַוועק, באַוואוינטע דורך דער יידישער און פוילישער אָרעמקייט.

די לענגער־גאַס, אָדער ווי מען האָט זי גערופן די טאַבאַכע־גאַס (טאַבאַכע — אינגעווייד פון אַ בהמה, ביליק פלייש...) איז באַוואוינט געווען געדיכט דורך יידן פון אַלע שטאַנדן, חוץ גבירים. די קאָקאָשקעס, אַ פאַרשטאָט אויף דער אַנדערער זייט באַן־ליניע, פאַרבלאָטיקט און פאַרפינצטערט, באַוואוינט דורך די פוילישע פאָלקס־מאַסן.

אַן אומזעבאַרער כוח האָט פאַרבונדן אָט די דאָזיקע צוויי אַרבעטער־קוואַרטאַלן און בעת וואַלן האָבן זיי באַשאָנקען מיט זייערע שטימען דעם פאָרשטייער פון „בונד", דעם ח' הילער.

מיט זיין גאַנצער נשמה האָט ער געדינט די, וועלכע האָבן איבּ פאַרטרויט זייער שטים. ער איז געווען דער אמתער שטאָט־טאַטע פאַר די באַעוולהטע דורך דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג.

זיין פערזענלעך לעבן איז געווען אויפן לעצטן אָרט. פון אָנהויב טאָג ביז שפּעט אין אָוונט (בעת זיצונגען אין שטאָט־ראַט, אָדער קהילה, אַפילו ביז טיפער נאַכט) געדינט דער פּאַרטיי.

צו זיינע אַרויסטרעטונגען אין שטאָט־ראַט און אין קהילה האָבן זיך אַפילו די קעגנער באַצויגן מיט דרך־ארץ, אים האָט מען נישט געקענט חושד זיין אין קיין שום פניות.

דאָס האָט ער, נאָך אין די ערשטע יאָרן פון פוילנס אומאָפּהענגיקייט, פאָרגעשלאָגן צו עלעקטריפיצירן די פאָרשטעט און פאַרבינדן זיי דורך אַ טראַמוויי מיטן צענטער שטאָט און מיט די פאַבריקן. די בורזשואַזע פאָרשטייער האָבן איראָניזירט, אָבער דער חבר הילער האָט אַלס ראַטמאַן ביים לעבן נאָך געהערט ווי זיין פאָרשלאַג האָט שאַנסן רעאַליזירט צו ווערן. יעדע פאַרטיי־אַרבעט האָט אים פאַרשאַפט כבוד און ווען עס איז נויטיק געווען, האָט ער זיך געשטעלט אין גאַס און פאַרקויפט די פאַרטיי־פרעסע.

האַרט פאַר דער מלחמה, אין אַפּריל 1939, זיינען פאָרגעקומען שטאָט־ראַט וואַלן אין וולאָצלאַוועק. דער חבר הילער האָט שוין געהערט צו די די חברים, וועלכע האָבן זיך פאַרדינט אָפּרו, און די פאַרטיי האָט אים סימבאָליש געשטעלט צום לעצטן אויף דער קאַנדידאַטן־ליסטע אין זיין ראַיאָן,

אויף דער לענגער־גאַס. זיינע ווײַלער האָבן אים אָבער קיין אָפּרו נישט געוואָלט געבן און ווידער געוויילט זייער הילערן אין שטאָט־ראַט...

סעפּטעמבער 1939. די היטלעריסטישע רויב־פייגל באַפאַלן פוילן. עס הויבט זיך אָן אַ מלחמה־לויפעניש איבערן לאַנד. אויף וולאָצלאַוועק ווערט פאַרפולט מיט היימלאָזע. יעדער אין שטאָט איז פאַרנומען מיט זיינע פּערזענלעכע דאגות. איין הילער, מיט זיין אייגענער טאָכטער צו־הילף, שטעלט זיך אין מאַרק, וואו עס פאָרן דורך אַנטלויפנדע פאַר די היטלער־חיילות, און טיילט די פאַרשמאַכטע טיי מיט צוקער. פון זיין אָרעמקייט אָפּגעשפּאָרטע טיי מיט צוקער...

***

ווען איך בין צוריקגעקומען פון ראַטנפאַרבאַנד האָט מען מיר אי־בערגעגעבן, אַז דער חבר שלמה גדליה הילער איז אומגעקומען אין וואַר־שעווער געטאָ פון אַ הונגער־טויט.

# פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו־קאָמיטע פון אַרבעטער־רינג

טייערע פריינט: —

איר פייערט איצט אייער 25־יאָריקן יובילײ פון עקזיסטענץ. מיר ווייסן, אַז אייערע טוער און מיטגלידער האָבן אין לויף פון די 25 יאָר אַריינ־געלייגט די נשמה, די נויטיקע ענערגיע כדי צו פאַרוואַנדלען אייער ברענטש אין אַ פיינעם, פראַכטפולן ברענטש פון דער א.ר. אָרגאַניזאַציע. איר האָט אין לויף פון די 25 יאָר דורכגעפלאָכטן אייער ברענטש מיט אַלץ און אַלעם וואָס האָט אַ שייכות מיט די טעטיקייטן פון דעם אַרבעטער־רינג. זייענדיק באַקאַנט מיט אייערע טוער און מיט דעם, וואָס אייער ברענטש שטעלט מיט זיך פאָר, ווייסן מיר, אַז יעדע טעטיקייט אייערע איז אין די פאַרגאַנ־גענע 25 יאָר געווען דורכגעדרונגען מיט דעם אמתן אַרבעטער־רינג גייסט, דעם היימישן פלאַם, דעם סאָציאַליסטישן גייסט.

פריינט, אייער יובילײ ווערט געפייערט אין אַ צייט ווען די גאַנצע מענטשהייט שטייט אויסגעשטעלט צו גרויסע געפאַרן. די וועלט ראַנגלט זיך אַרום דער פראַגע ווי אַזוי איינצושטעלן אַ דויערהאַפטן שלום. אויב עס איז אַמאָל געווען אַ צייט ווען מ׳האָט געדאַרפט קעמפן פאַר די אַלע אידעאַלן מיט וועלכע אייער ברענטש און דער אַרבעטער רינג אַלס אַ גאַנצער זיינען געווען און זיינען דורכגעדרונגען, איז היינט די צייט. די איצטיקע וועלט וועט מוזן, פריער אָדער שפּעטער, שפּרייזן אויפן וועג פון פאַרווירקלעכן דעם סאָציאַליסטישן אידעאַל.

מיר האָבן נישט לאַנג צוריק פאַרענדיקט די פייערונג פון 50 יאָר עקזיסטענץ פון אַרבעטער־רינג. אָט טאַקע דערפאַר דאַרף אייער יובילײ זיין פאַר יעדן איינעם פון אייך ניט נאָר אַן אָפּשלוס פון אַ דאַטע אין אייער ברענטש טעטיקייט, נאָר אויך עטוואָס וואָס זאָל אייך באַווירקען פאַרצוזעצן אייער טעטיקייט, און דורך דעם פאָרזעצן צו בויען, שטאַרקער און גרעסער מאַכן דעם אַרבעטער־רינג אַלס אַ גאַנצער, און קרעפטיקן אונזער קול־טור־געזעלשאַפטלעכע אַרבעט לטובת די יידישע מאַסן און יידיש לעבן אין אַמעריקע און אומעטום.

מיר ווינטשן, אַז אייערע טוער און מיטגלידער זאָלן ווייטער מיט־ווירקען אין דער אַנטוויקלונג און אין דער אַרבעט פון דעם אַרבעטער־רינג. מיר גלויבן אַז דער וואוקס, דער וואוילזיין, די קולטור־געזעלשאַפט־לעכע טעטיקייטן פונם אַרבעטער־רינג וועלן ווייטער זיין דער צענטראַלער פונקט פון די טעטיקייטן פון אייער ברענטש.

לאָמיר האָפן, אַז ווען איר וועט פייערן ווייטערדיקע יובילייאומס וועלן אונזערע טרוימען און אידעאַלן אויפהערן צו זיין בלויז טרוימען, נאָר זיי וועלן באמת זיין אַ ווירקלעכקייט אין אַ וועלט פון פרייהייט, אין אַ וועלט פון סאָציאַליזם.

זייט געגריסט צו אייער יום־טוב!

נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו־קאָמיטע אַרבעטער־רינג,

ל. ארקין, פרעזידענט

י. באַסקין, גענעראַל סעקרעטאָר

---

# צו דעם 25־טן יובל פון אַרבעטער־רינג בר. 611

דער 25־טער יובל פון דעם ניו־יאָרקער ברענטש 611 פון אַרבע־טער־רינג איז אַ דאַטע, וואָס איז ווערט פאַרצייכנט צו ווערן.

מיר זיינען דאַנקבאַר די חברים און פריינט, וואָס האָבן אונז געגעבן די געלעגנהייט אויסצודריקן עפנטלעך אונזערע געפילן אין שייכות מיט דעם דאָזיקן יום־טוב.

דער ברענטש 611, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן מיט אַ פערטל יאָר־הונדערט צוריק דורך חברים און פריינט, וואָס זיינען געקומען אין די פאַרייניקטע שטאַטן פון קרושנעוויץ און איניקע אַנדערע שטעטלעך אַרום וולאָצלאַוועק און פון וולאָצלאַוועק גופא, האָט במשך פון זיין גאַנצער עקזיסטענץ געשטאַנען אויף דער הויך פון זיינע אויפגאַבן.

ווי די מערסטע ברענטשעס פון אַרבעטער־רינג האָט אויך דער ברענטש 611 מיט אַ ברייטער האַנט געשטיצט אַלע נויטבאַדערפטיקטע צווייגן פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע, אַנטייל גענומען

אין אַלע זאַמל־אַקציעס, וואָס זיינען רעקאָמענדירט געוואָרן דורך דער נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו פון אַרבעטער־רינג און קיינמאָל נישט פאַרגעסן די נויטן און באַדערפנישן פון זייערע לאַנדסלייט אין פוילן און פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין פוילן, וואָס איז געשטאַנען אונטער דער פאָן פון „בונד".

אָבער זאָגן בלויז דאָס וועגן דעם ברענטש 611 וואָלט באַדייט צו פאַרשוייגן אַ נישט־ווייניקער וויכטיקן ענין: דער ברענטש 611 האָט באַוויזן, נישט געקוקט אויף די ראַדיקאַל געענדערטע און אָפטמאָל זייער שווערע באַדינגונגען פון יידישן לעבן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, איינ־האַלטן די ספּעציפישע וואַרעמקייט און האַרציקייט, די גוט־פריינט־לעכקייט, מיט וועלכע די אַרבעטס־ און־פאָלקס־מענטשן פון וולאָצלאַוועק און אומגעגנט, האָבן זיך שטענדיק אויסגעצייכנט אין דער אַלטער היים.

אין דעם אַמאָליקן פוילן פון צווישןביידע וועלט־מלחמות איז דער וולאָצלאַוועקער און קרושנעוויצער געגנט, פון וועלכע די גרינדער און פיאָנערן פון ברענטש 611 שטאַמען, פאַררעכנט געוואָרן צו די פּרוכטבאַרסטע פּראָ־ווינצן, וואָס האָבן נישט געוואוסט וועגן הונגער און נויט, אָבער אויך נישט פון די גרויסע סאָציאַלע און עקאָנאָמישע איופטרייסלונגען, וואָס האָבן אָנגעפילט דעם לעבן פון דעמאָלדיקן פוילן מיט די שטורעם און דראַנג דונערן. די וולאָצלאַוועקער יידן און זייער לעבן האָט ווי אָפּגע־שפּיגלט אין זיך די דאָזיקע פאַרהעלטניסמעסיקע רואיקייט און גוט־מוטיקייט. זיי האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דעם רייכן און קאָליר־פולן לעבן פון דער פוילישער יידישער געזעלשאַפט. זיי זיינען נישט געווען זייטיקע צושויער פון דער טיפער יידישער דראַמע, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין דעם אַמאָליקן פוילן. זיי האָבן אָבער אין איר אַריינגעטראָגן זייער אייגענעם נוסח, אַן אייגענעם שמייכל און אַן איי־גענעם טיפן בטחון. פאַר אַ בונדישן טוער פון צענטער איז געווען אַ נחת רוח זיך אַראָפּצוכאַפּן אויף שבת קיין וולאָצלאַוועק, אָדער קרושנעוויץ, קיין גאָסטינין, אָדער קיין גאָמבין, זיך טרעפן מיט די דאָרטיקע בונדיסטן און זיך ווי אָנשטעקן מיט זייער אייגנאַרטיקייט.

דער ברענטש 611 האָט דאָ אין ניו־יאָרק באַשאַפן ביי זיך און צווישן

זיינע מיטגלידער די זעלביקע וואַרעמע אַטמאָספער, די זעלביקע גוט־מוטיקייט, דעם זעלביקן שמייכל, וואָס האָט אין זיך עפּעס פון די פּרוכט־באַרע פעלדער און גערטנער, סעדער און וועלדער פון דער וואָלצ־לאַווקער און קרושנעוויצער ערד.

דערמיט האָט זיך דער ברענטש 611 אויסגעצייכנט פון אַלע אַנ־דערע ברענטשעס פון אַרבעטער־רינג. אין דעם אַלגעמיינעם סך־הכל פון די צאָלרייכע אַרבעטער־רינג ברענטשעס האָט ער אַריינגעטראָגן, אָדער בייגעטראָגן צו אים, זיין אייגענעם קאָליר. די גרויסע אַרבעטער־רינג משפחה איז דורך דעם באַרייכערט געוואָרן. ס׳איז אַ גרויסער פאַרדינסט, וואָס איז ווערט צו דערמאָנען.

דער פערטל יאָר־הונדערט, וואָס איז פאַרבייגעלאָפן, זינט דער ברענטש 611 איז געגרינדעט געוואָרן, איז געווען פון אַלע שטאַנד־פונקטן אַן אויסערגעוויינלעכער. במשך פון דעם דאָזיקן צייט־אָפּשניט איז היטלער און זיינע באַנדיטן געקומען צו דער מאַכט אין דייטשלאַנד. דער פאַשיזם און היטלעריזם האָבן אָנגעהויבן זייער טריומף־מאַרש אין דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט. במשך פון דער דאָזיקער צייט איז די וועלט אויפגעטרייסלט געוואָרן דורך דעם טרויעריק באַרימטן סטאַ־לין־היטלער־פּאַקט, וואָס האָט דערמעגלעכט דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. אין די זעלביקע יאָרן איז אונטערגעגאַנגען אין בלוט און אין פּיין דער שענסטער צווייג פון יידישן פאָלק — דער יידישער ישוב פון פּוילן, אויסגעקוילעט דורך די היטלער־באַנדיטן. פּוילן האָט פאַרלאָרן איר זעלבסטשטענדיקייט. מדינת ישראל איז פּראָקלאַמירט געוואָרן. דער ציוניזם האָט אָנגעהויבן צו פאַרפלייצן די יידישע גאַס און באַהערשן די מוחות און די סענטימענטן פון דער יידישער באַפעלקערונג.

דער ברענטש 611 איז אָבער נישט פאַרצווייפלט געוואָרן און נישט דערלאָזט זיך צו באַהערשן דורך אַ פרעמדע סטיכיע. ער איז פאַרבליבן טריי די אידעאַלן פון דער יידישער אַרבעטער באַוועגונג, אַ סאָלידער שטיץ־פונקט פאַר דעם יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט אין אַמעריקע, אַ טריבונע פאַר דעם יידישן סאָציאַליזם און פאַר דעם „בונד“ אין אמעריקע,

אַ גייסטיקע היים פאַר די אַלע, וואָס זייער אָפּשטאַמונג וואָרצלט אין דער אַמאָליקער וואָלאָצלאַווקער און קראָשנעוויצער ערד פון אַמאָליקן פוילן.

די טוער און די עקזעקוטיוו־מיטגלידער פון ברענטש 611 אַרבעטער־רינג פאַרדינען די דאַנקבאַרקייט און אַנערקענונג פון אונז אַלעמען.

אין נאָמען פון צענטראַל־ביוראָ פון בונדישע אָרגאַניזאַציעס אין אַמעריקע און קאַנאַדע, באַגריס איך דעם ברענטש 611, און ווינטש אים, זיינע מיטגלידער, זיין סעקרעטאַר און די עקזעקוטיוו מיטגלידער לאַנגע יאָרן פון פּרוכטבאַרער אַרבעט לטובת אונזער אידעאַל.

עמנאל נאָוואָגרודסקי

---

# אַ יידיש־סאָציאַליסטישע פעסטונג

ווי מען קען אורטיילן פון דעם עלטער פון דעם אַרבעטער־רינג ברענטש 611, וואָס גייט איצט פייערן זיין 25־יאָריקן יובילײ, איז דער דאָזיקער ברענטש געשאַפן געוואָרן אין דער צייט, ווען די סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין דער גאַנצער וועלט האָט שוין געהאַט דורכגעמאַכט זייער שווערע, זייער ווייטיקדיקע קריזיסן, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן מיט דעם אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה; מיטן אויפגאַנג פון באָלשעוויזם אין רוסלאַנד; מיט דער פאַרשאַרפונג פון די סאָציאַל־פּאָליטישע פּראָבלעמען אין אייראָפּע א. אַז. וו.

די דאָזיקע קריזיסן האָבן זייער שטאַרק געווירקט, אַז די סאָציאַליסטישע באַוועגונג זאָל אומעטום אָפּגעשוואַכט ווערן און ספּעציעל, אַז אַ סך סאָציאַליסטן זאָלן שוואַך ווערן און אַפילו געבראָכן ווערן. אַנטוישונג און ציניזם האָבן זיך טיף, טיף באַזעצט אין זייערע נשמות און אין זייערע הערצער. גאָר שטאַרק האָט זיך דאָס געגומען פילן דאָ אין אַמעריקע, וואו די סאָציאַליסטישע באַוועגונג איז קיינמאָל נישט געווען שטאַרק. באַזונדערס האָט זיך דאָס געגומען פילן ביי די יידישע סאָציאַליסטן, וועלכע האָבן זייער סאָציאַליזם געבראַכט פון אייראָפּע, און וועלכע האָבן זיך בכלל אָריענטירט אויף אייראָפּע.

דער פאַקט, וואָס דער ברענטש 611 איז געשאַפן געוואָרן אין אַ צייט פון סאָציאַליסטישן באַרג־אַראָפּ, ...... איז דער בעסטער באַווייז, אַז די גרינדער און שעפער און טוער פון ברענטש זיינען געווען דורכגעדרונגען מיטן סאָציאַליסטישן געדאַנק און אַז זייער סאָציאַליסטישער גלויבן איז נישט געווען באַזירט אויף סענטימענטן אָדער אויף אינערציע פון דער אַלטער היים אָדער אויף גוטער קאָניוקטור.

דער היינטיקער צושטאַנד פון ברענטש, זיין אידעאישע גאַנצקייט, זיין נישט לאָזן זיך מיטגעריסן צו ווערן מיט די שטימונגען פון טאָג און פון גאַס, צי דער אַלגעמיינער, צי דער יידישער, זיינען גוטע עדות, אַז דער ברענטש 611 האָט דורך אַלע בייזע שטורעמס פון לינקס און פון רעכטס דורכגעטראָגן מיט ווירדע און מיט מוט זיין טרייהאַפט צו די אידייען פון סאָציאַלער גלייכהייט, פון מענטשלעכער פרייהייט און פון אינטערנאַציאָנאַלער ברידערליכקייט, צו אידייען פון סאָציאַליזם.

דעריבער קומט דעם ברענטש צו זיין 25־יאָריקן יובילֵיי אַ ספּע־ציעלע און באַזונדערע אָנערקענונג פאַר דעם, וואָס ער איז געווען און ער איז געבליבן אַ פעסטונג פון יידישן סאָציאַליסטישן געדאַנק. זיין נעכטן און זיין היינט איז די גאַראַנטיע, אַז ער וועט בלייבן די יידיש־סאָציאַ־ליסטישע פעסטונג אויך אין דער צוקונפט.

י. לעווין־שאַצקעס
נאַציאָנאַלער סעקרעטאַר פון יידישן סאָ־ציאַליסטישן פאַרבאַנד און רעדאַקטאָר פון „וועקער"

---

# צום אַרבעטער־רינג ברענטש 611, ניו־יאָרק

טייערע פריינט:

עס האָט אַמאָל געזאָגט דער פאַרשטאָרבענער ב. וולאַדעק, אַז די אַרבעטער־רינג ברענטשעס זיינען געגליכן צו אַפּרו־היימען, וואָס בערג־קלעטערער האָבן אויסגעבויט אין די בערג אָפּצורוען זיך, איבערצו־

נעכטיקן, און נאָכדעם צו שטייגן ווייטער. עס איז ביי אונז נישט קיין ספק, אַז דער ברענטש 611 געהערט צו די בעסטע און לויטערסטע היימען אויף די בערג, אַזוי ווי עס האָט זיי געשילדערט ב. וולאַדעק.

איר פראַוועט אייער 25־יאָריקן יובילײ. עס איז אַ פערטל־יאָר־הונדערט. אַ גרויסער, אַ שוידערלעכער, אַ שווער אָנגעלאָדענער. און אַז איר גיט אַ קוק הינטער זיך, אויף דעם פאַרגאַנגענעם פערטל־יאָר־הונדערט האָט איר זיך גאָרנישט מיט וואָס צו שעמען.

אונז איז גוט באַקאַנט וואָס און ווי אַזוי איר האָט געטאָן פאַר דעם יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט, פאַר זיינע צילן און אויפגאַבן, מיט וויפיל טריישאַפט, טיפער אינערלעכער איבערצייגונג, באַוואוסטזיין און איבערגעבנקייט איר האָט אייער הילף געבראַכט אין די גורל־מאָמענטן וואָס אונזער פאָלק און די וועלט האָט איבערגעלעבט. הלוואי וואָלטן זיך אַנדערע ברענטשעס פון אייך געלערנט. איר האָט אַ פעסטן פונדאַמענט, איר האָט געבויט אייער ברענטש אויף די יסודות פון סאָציאַליסטישער טריישאַפט און איבערגעבנקייט צו די אינטערעסן פון יידישן פאָלק און זיין קולטור. איר האָט שטענדיק געהאַט דעם באַוואוסטזיין און דעם חוב, וואָס ליגט אויף אונז אַלעמען.

מיר באַגריסן אייער יום־טוב מיטן גאַנצן האַרצן.

פאַרן יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט

יעקב פאַט, עקז. סעקרעטאַר

---

# אין אַ חברשער סביבה

איך שיק מיין האַרציקע באַגריסונג צום 25 יובילעאום פון אונזער ברענטש און אפשר וועל איך האָבן די מעגלעכקייט צו בייזיין אויף דעם יום־טוב.

עס איז כדאַי דאָ צו דערמאָנען צוליב וואָס איך האָב אויסגעקליבן דווקא דעם ברענטש 611 פון אַרבעטער־רינג. איך דאַרף דאָך נישט דערקלערן פאַרוואָס אַ סאָציאַליסט, ווען ער באַזעצט זיך אין אַמעריקע, דאַרף געהערן צו דער מעכטיקער פאָלקס־אָרגאַניזאַציע „אַרבעטער־

רינג״ בכלל. — בין איך אַריינגעטראָטן אין אַ ברענטש, אָבער נישט אַלע ברענטשעס האָבן דעמזעלבן פּנים. איך געדענק אפילו נישט דעם נומער פון ברענטש, אין וועלכן כ׳בין אַריינגענומען געוואָרן. איך האָב באַזוכט עטלעכע פאַרזאַמלונגען, אָבער ס׳איז מיר געווען פרעמד די גאַנצע אַטמאָספער, עפּעס אַ גראָע, צייטנווייז קליינבירגערלעכע.

גאָר אַנדערש האָב איך זיך געפילט, ווען כ׳האָב מיר טראַנספערירט אין ברענטש 611. ס׳איז געווען אַ חברישע, כמעט אַ בונדישע אַטמאָספערע, עס זיינען אָפט באַהאַנדלט געוואָרן ערנסטע פראַגן, מ׳האָט זיך וואַרים אָפּגערופן אויף יעדער רוף פון אונזערע סאָציאַליסטישע, געזעלשאַפט־לעכע, קולטורעלע און הילפס אָרגאַניזאַציעס. ס׳איז געווען אַ דראַנג צו פירן אַ קולטור אַרבעט.

ווען איך בין נאָך געווען אין ניו־יאָרק פלעגט מען מיר איינלאַדן צו האַלטן אין אונזער ברענטש רעפעראַטן אויף פאַרשידענע טעמעס און איך האָב מיט פאַרגעניגן די איינלאַדונגען אָנגענומען.

אָבער, צום באַדויערן, בין איך געווען גאָר ווייניק צייט אין ניו־יאָרק. ס׳איז מיר באַשערט געווען צו זיין „דער פליענדער האָלענדער״ און דווקא די לעצטע צייט זינט מיר האָבן זיך נישט געזען, זיינען געווען זייער „געדיכטע״ אין איינדרוקן.

כ׳האָב געזען די העכסטע אין דער וועלט בערג, די שענסטע אין דער וועלט טאָלן, דזשונגלעס, וועלדער, טייכן. און נישט איינמאָל, זעענדיק די פרעכטיקע נאַטור פלעג איך זיך דערמאָנען אין דעם וויץ וועגן דעם אפיקורס, וועלכער דערזעענדיק די שיינע וועלט ווינקעלעך האָט אויס־געשריען „רבונו של עולם, אַזאַ יאָר אויף מיר סאַראַ וועלט דו האָסט באַשאַפן, נאָך אַזאַ יאָר אויף מיינע שונאים ווי דו פירסט איר״...

איך האָב אויך געזען קאָנטראַסטן אויף יעדן שריט און טריט. כ׳האָב געזען די שענסטע אין דער וועלט געביידעס־פּאַלאַצן, טעמפּלען, בילדער פון טויזנט און איין נאַכט. און איך האָב געזען, ווי מיליאָנען מענטשן האָבן נישט פשוט אַ דאַך איבערן קאָפּ, לעבן, ווי חיות אין נאָרעס.

כ׳האָב געזען לענדער, ווי אויסטראַליע און ניי־זעלאַנד, וואו ס׳איז נישטאָ קיין אַרבעטסלאָזיקייט, וואו ס׳איז איינגעפירט אַ מינימום־לוין, מאַקסימום אַרבעטס שעהן, וואו די סאָציאַלע פאַרזיכערונג פון דעם

מענטשן שטייט אויף אַ הויכער ניוואָ. כ׳האָב אָבער אויך געזען אין אַזיען מיליאָנען מענטשן, וועלכע ליידן דחקות, גייען אויס פאַר אַביסל רייז, שטאַרבן פון הונגער; כ׳האָב געזען אין אינדיען די שענסטע און רייכסטע אין דער וועלט פּאַלאַצן פון אַמאָליקע שאַכן און איצטיקע ראַדזשאַס, כ׳האָב אָבער אויך געזען איצט ווי איבער 5 מיליאָנען אינדיער פּליטים פון פּאַקיסטאַן האָבן זיך געוואַלגערט אויף די פעלדער, וואָקזאַלן און אַפילו אויף די „סיידוואקס״ פון די גרויסע שטעט.

כ׳האָב געזען, ווי עס גייט אָן אַ קאַלטער קריג צווישן אונזער קליין פאָלק אין דער גאַנצער וועלט, וועלכע האָט זיך פאַרלייגט אויף אים. אַלע טויערן זיינען פאַרשפאַרט. מען וואָלט אויפגענומען פּליטים ווען זיי זאָלן זיין ערד־אַרבעטער אָדער קוואַליפיצירטע בעלי מלאכות. אַזוי אָבער איז שווער אַריינצוקומען. און דאָך קומען יידן אַריין אין אַלע מקומות, עס ווערן געשאַפן נייע יידישע קהילות, עס פאַרגרעסערן זיך די אַלטע...

כ׳בין געווען אין די די־פּי לאַגערן אין דייטשלאַנד, עסטרייך און איטאַליען. כ׳האָב געזען, ווי די שארית הפליטה זוכט אַ מקום מנוחה פאַר זיך, עמיגרירנדיק מערסטנטייל קיין ישראל, אָבער עס האָבן אויך עמיגרירט קיין אויסטראַליען, קאַנאַדע און אַנדערע לענדער און פיל פון זיי האָבן געהאָלפן צו פאַרשטאַרקן די קולטור אַרבעט אין די סאָ־ציאַליסטישע און בונדישע קרייזן.

און אָט נאָך אַלע זעאונגען און איבערלעבונגען, וואָס איך האָב דורכגעמאַכט, פיל איך אָפּטמאָל אַ בענקשאַפט צו זיין מיט אייך חברים, וואו עס הערשט אַן אמתע חברשע אַטמאָספערע. און אויב מיר וועט ניט מעגלעך זיין צו זיין מיט אייך ביים יום־טוב פון 25־יאָריקן יובילײ פון אונזער ברענטש, שיק איך דאָ מיין האַרציקע באַגריסונג צו אַלע מיט־גלידער פון אונזער ברענטש און פאַרזיכער אייך, אַז מיין האַרץ און נשמה איז מיט אייך.

דר. ב. אייסוראָוויטש

# אַ „רעוואָלוציע" מיט אַ מאָראַל

אין די 22 יאָר וואָס איך בין אַ מיטגליד אין אַרבעטער־רינג, איז מיר אויסגעקומען אויף מיין „וואַנדער־וועג" צווישן טאָראָנטאָ און לאָס־אַנדזשעלעס זיך צו טראַנספערירן אין אַ האַלב טוצן ברענטשעס.

אין ברענטש 611 האָב איך זיך טראַנספערירט אויף דער איינלאַדונג פון מיין גוטן חבר און פריינט, דעם דעמאָלטיקן און היינטיקן סעקרעטאַר פון ברענטש, פריינט דוד אַלטער.

ווען איך בין אַריין אין ברענטש האָב איך דערפילט, אַז איך געפין זיך אין איינעם פון די ברענטשעס וואָסליידן פון צופיל „לאַנדסמאַנשאַפט־אידיליע". די גרינדער און שוין איינגעבירגערטע מיטגלידער פון ברענטש, הגם אין זייער מערהייט, גוטע סאָציאַליסטן און לאָיאַלע מיטגלידער פון אַרבעטער־רינג, האָבן זיי אָבער נישט אַרויסגעוויזן דעם געהעריקן חשק און נויטיקן קוראַזש די דאָזיקע אידיליע צו צעשטערן...

נאָך אַלעמען קען מען זיך דאָך נישט האַלטן אין איין אַרומקריגן אין דער אייגענער „משפחה"; ס'איז פשוט נישט שיין, אַז „לאַנדסלייט" זאָלן זיך מיטאַמאָל ווערן „שונאים". און דער עיקר — זיי קענען נאָך חלילה אינגאַנצן ברוגז ווערן און אַוועקגיין.

דאָס מיינט נישט, אַז צוליב אָט דער איינשטעלונג האָט טאַקע גע־הערשט פולשטענדיקע האַרמאָניע ביי די מיטינגען; פאַרקערט, יעדער מיטינג איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ „קליינעם שלאַכטפעלד", נישט מער, איין צד האָט געפירט אַ כסדרדיקע אָפּאָזיציע און דער אַנדערער צד, פון ברענטש, די איבערוועגנדיקע מערהייט פון די מיטגלידער האָבן געהאַלטן, אַז מען דאַרף נישט צופיל זיך אַרומרייסן.

מ'האָט קיינעם נישט אויסגעשלאָסן; די דעמאָקראַטיע איז גע־בליבן די זעלבע, נישט מער, עס האָבן זיך מיט איר גענומען באַנוצן אַלע, סיי די וואָס האָבן שוין געהאַט דעם „עמעס" אַ פּאַרטיקן און מיט אים פּאַראַדירט ביי יעדן מיטינג, און סיי די וואָס האָבן אים נאָך געזוכט . . .

דער גייסט אין וועלכן ברענטש 611 פייערט איצט זיין 25־יעריקן יו־

בילײַ באַווײַזט, אַז די „רעוואָלוציע" איז נישט נאָר געווען אַ באַרעכטיקטע נאָר אויך זייער אַ נויטיקע. נישט נאָר האָט דער ברענטש נישט פאַרלוירן קיין מיטגלידער נאָר ער האָט נאָך געוואונען; נישט נאָר איז די האַרמאָניע צווישן דער מיטגלידערשאַפט נישט געשטערט געוואָרן, נאָר זי איז גע־וואַקסן, ווײַל זי איז אויפריכטיק און קאָנזיסטענט. עס וועט נישט זײַן קיין גוזמא צו באַהויפּטן, אַז נאָר אַ דאַנק יענער „רעוואָלוציע" איז דער ברענטש אומשטאַנד צו קומען צו זײַן 25־טן געבורטסטאָג ווי אַ דער־וואַקסענער, רײַפער יונגערמאַן מיט אַ גלענצנדיקן רעקאָרד פון ריינער, ערלעכער אידישער אַרבעט וואָס פאַרשאַפט נחת דעם אַרבעטער־רינג און מיט וועלכע יעדער מיטגליד מעג באמת שטאָלצירן.

ב. לעווין

---

# באַגריסונג פון ערשטן פינאַנץ־סעקרעטאַר און גרינדער פון ברענטש

מײַנע ליבע חברים פון ברענטש 611 אַרבעטער־רינג

איך קען גאָרנישט באַשרײַבן די פרייד וואָס ס'האָט מיך אַרומ־גענומען ווען איך האָב געהערט, אַז ברענטש 611 גייט פײַערן זײַן 25־יאָריקן יובילעאום.

איך דערמאָן מיך ווי נאָך אין יאָר 1919 האָבן מיר אַ גרופּע קרוש־נעוויצער חברים און פרײַנט אָנגעהויבן צו חלומען אַז מיר דאַרפן גרינדן אַן אָרגאַניזאַציע ווי מיר זאָלן קענען געזעלשאַפטלעך זיך אויסלעבן. און אָנהויבנדיק מיט דער קרושנעוויצער „סאָסייטי", וועלכע איז ווײַט נישט געווען צוגעפּאַסט צו אונזערע געדאַנקען, האָבן מיר באַשלאָסן ערשט אין יאָר 1925 צו גרינדן אַן אַרבעטער־רינג ברענטש און אים אַ נאָמען געגעבן: „קרושנעוויצער פּראָגרעסיווער ברענטש 611 אַרבע־טער־רינג".

איך געדענק דעם ערשטן „אינסטאָליישאָן"־אָוונט, וועלכער איז

פאָרגעקומען אין יאָר 1925 אין „האָנטס־פוינט״־זאַל, ווי מיר האָבן זיך געפרייט, אַז ס׳איז אונז ענדלעך געלונגען אַ ברענטש פון אַרבעטער־רינג צו גרינדן.

אונזערע גוטע פריינט שואל קאַופמאַן און ישעיה לענטש, וועלן זיך דערמאָנען ווי שווער ס׳איז אונז אָנגעקומען צו שאַפן די נייע 15 מיטגלידער, כדי צו קענען באַקומען דעם „טשאַרטער״ און ווערן אַן אָפיציעלער אַרבעטער־רינג ברענטש.

איך געפין זיך אין לאָס אַנדזשעלעס, קאַליפאָרניע, און בין זייער ווייט פון אייך, דאָך איז מיין האַרץ און מיין נשמה מיט אייך. איך ווינטש און האָף, אַז דער ברענטש זאָל אַלעמאָל זיין אַרומגענומען מיט דעם גייסט און שטרעבונג, וועלכע האָט אונז אַלע פאַראייניקט, פאַר אַ פרייער און בעסערער וועלט.

איך ווינטש אַלע מיינע פריינט און לאַנדסלייט און אויך די מיט־גלידער, וואָס איך קען נישט פערזענלעך, אַ האַרציקן מזל טוב צום 25־יאָריקן יובל פון ברענטש 611 אַרבעטער־רינג.

מאָריס קעי (משה קויאַווסקי)

---

# אַ ברענטש ווי אַ פאַמיליע

קודם כל מיין האַרציקע באַגריסונג צו אַלע טוערס און מיטגלידער פון ברענטש 611 אַרבעטער־רינג צום 25־יאָריקן יובילײ.

אייגנטלעך, צום ברענטש 611 געהער איך אינגאַנצן ערשט צוועלף יאָר, אָבער אַ מיטגליד פון אַרבעטער־רינג בין איך געוואָרן באַלד דעם ערשטן חודש ווען איך בין נאָר אָנגעקומען אין אַמעריקע. און האָב שוין טאַקע געהערט צו עטלעכע ברענטשס, סיי אין ניו־יאָרק סיי איבערן לאַנד ווי: פילאַדעלפיע און לאָס אַנדזשעלעס.

לויט מיין מיינונג קען מען דעם לאָס־אַנדזשעלעסער ברענטש 655 פאַרגלייכן אידעאיש מיט אונזער ברענטש 611 אַרבעטער־רינג.

די נאַציאָנאַליסטישע כוואַליע, וועלכע ס׳האָט אַרומגעכאַפּט די יידישע

גאַס, האָט מיטגעשלעפּט אַ זייער גרויסע צאָל אַרבעטער־רינג ברענטשעס, וועלכע האָבן פאַרלוירן פּאַקטיש זייער גייסטיקן פּנים.

איידער איך בין געוואָרן אַ מיטגליד אין אונזער ברענטש, האָב איך געהערט צו אַ ברענטש מיט אַ גרויסן נאָמען. און האָט אפילו זיינע אַלע יאָרן אַרויפגעלייגט אַ טעקס אויף זיינע מיטגלידער, פאַרן „בונד", אָבער אויך אַפילו דער ברענטש האָט נישט געקענט אויסהאַלטן דעם גייסטיקן טעראָר און זיך געלאָזט אויך מיטרייסן פון דער צעיאַכמערטער נאַציאָנאַ־ליסטישער כוואַליע.

אונזער ברענטש מיטן באַשיידענעם נאָמען 611 א. ר. האָט באַוויזן אין די יאָרן פון דער גרויסער יידישער טראַגעדיע, ווען זעקס מיליאָן יידן זיינען אויסגעקוילעט געוואָרן פון היטלערס באַנדעס. צו שטיין אויף דער געהעריקער הויך, צו געבן הילף די לעבן געבליבענע און נישט מיט־געשלעפּט ווערן פון דער היסטעריקע, וואָס הערשט איצט אין דער יידישער וועלט. דער ברענטש האָט מיט אַ ברייטער האַנט געשטיצט אַלץ וואָס איז געווען קאָנסטרוקטיוו אינם יידישן לעבן, און אָנגעהאַלטן דעם אידעאישן פּנים, מיט וועלכן די פירער און גרינדער פון אַרבעטער־רינג זיינען געווען באַזעלט בעת דער גרינדונג פון אַרבעטער־רינג.

איך באַגריס די טייערע חברים פון ברענטש, וועלכע גיבן אָפּ אַזוי פיל פון זייער פרייער צייט און היטן אָפּ דעם ברענטש ווי אַן אייגן קינד. און באַמיען זיך אַז אַלע מיטגלידער זאָלן זיך פילן ווי זיי וואָלטן געווען אין אַן אייגענער פאַמיליע.

איך דריק דאָ אויס מיין וואונטש, אַז די לאַגע אין דער גאַנצער וועלט, און אויך פונם יידישן פאָלק זאָל ווי אַמגיכסטן צוריק נאָרמאַל ווערן. און אויך אונזער גרויסער אָרגאַניזאַציע דער אַרבעטער־רינג, זאָל זיך צוריק אומקערן צו די שיינע טראַדיציעס, צו וועלכע ער איז באַרופן געוואָרן אין דער צייט פון זיין גרינדונג.

דוד בוים

מיר באַגריסן האַרציק אונזער ברענטש 611 אַרב.־רינג.

די לעצטע 25 יאָר פון אונזער ברענטש, זיינען געווען יאָרן פון אַקטיוויטעט, סיי אויפן קולטורעלן געביט און סיי אויפן געביט פון הילף פאַר פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס, אינסטיטוציעס און אויך צו אינדיווידועלע פערזאָנען.

די וויכטיקע אַרבעט וואָס דער ברענטש האָט אונטערגענומען, מיטן אַרויסגעבן דאָס יובל־בוך, ווערט פאַקטיש פאַרצייכנט די אַרבעט פון די פאַרגאַנגענע יאָרן, און אויך די אַרבעט פון די טוער פון ברענטש, וועלכע האָבן אָנגעהויבן זייער געזעלשאַפטלעכע און פאָליטישע באַוועגונג אויף יענער זייט ים. איך ווינטש, מיר זאָלן אַלע צוזאַמען פאָרטזעצן די אַרבעט און זיין אַדורכגענומען מיט דעם זעלביקן אידעאַל און גייסט, פאַר אַ פרייער און בעסערער וועלט.

מיט חברשן גרוס,

העלאַ און לעווין שוואַרץ,

עקזעקוטיוו־מיטגליד און לייי־קאַסע סעקר.

---

**אַלס איינער פון די גרינדער פון ברענטש באַגריס איך דעם ברענטש צו אונזער יום־טוב.**

**די פירער פון ברענטש זיינען אין פאַרלויף פון די 25 יאָר געשטאַנען אויף דער געהעריקער הויך, און ווינטש, מיר זאָלן צוזאַמען ווידער פירן אונזער אַרבעט אין ברענטש, מיט דעם זעלביקן גייסט און געטרייקייט ווי מיר האָבן עס געטאָן ביז איצט.**

סעם קעפקע (עקזעקוטיוו־מיטגליד)

און מיני

אין צוזאַמענהאַנג מיט אונזער 25־יאָריקן יובילײ פֿון ברענטש, שיק איך מײַן האַרציקע באַגריסונג צו די פֿירער און צו אַלע מיטגלידער פֿון ברענטש.

די חברשע און אינטימע סביבה װעלכע עס הערשט אין אונזער ברענטש מאַכט מיך שטאָלץ און פֿאַרשאַפֿט מיר כבוד צו געהערן צו אַזאַ אָרגאַניזאַציע װי עס איז דער ברענטש 611 אַ. ר.

מיר װינטשן די טוער און פֿירער פֿון ברענטש אַ סך גליק און געזונט, און זײ זאָלן װײַטער פֿירן דעם ברענטש אין דעם זעלבן גײַסט װי זײ האָבן אים געפֿירט ביז איצט.

סעמועל און מערי שנײַדער

---

מײַן האַרציקע באַגריסונג צו די פֿירער און מיטגלידער פֿון ברענטש 611 אַרבעטער־רינג. זאָל אַלע מאָל אײער אַרבעט געקרױנט זײַן מיטן גרעסטן דערפֿאָלג.

ס. קעסלער

מיר באַגריסן האַרציק אונזער ברענטש 611 אַרבעטער־רינג צו זיין 25־יאָריקן יובילײ.

זאָל אייביק אָנהאַלטן די פאַמיליאַרע און אָנגענעמע סביבה פון די מיטגלידער אין ברענטש.

דאָראַ און לואי סימען (קאַסירער פון ברענטש)

---

צום 25־יאָריקן יובילעאום פון ברענטש 611 אַרבעטער־רינג, באַגריס איך אונזער יום־טוב.

אַלס איינער פון די גרינדער פון ברענטש און איצטיקער פראַקטאָקאָל־סעקרעטאַר, בין איך שטאָלץ מיט דער אַרבעט וועלכע איז דורכן ברענטש געטאָן געוואָרן אין לויף פון דעם פערטל יאָרהונדערט.

זאָלן אויך די קומענדיקע יאָרן זיין פרוכטבאַר און דער־פאָלגרייך.

איזידאָר און דזשעני סטיין.

---

אַלס לאַנג־יאָריקער האָספּיטעלער פון ברענטש באַגריס איך די פירער און אַלע אונזערע מיטגלידער צו אונזער 25־יאָריקן יובילײ.

זאָל אונזער ברענטש 611 אַרבעטער־רינג ווייטער אָנגיין מיט דער אַרבעט אין דעם זעלביקן גייסט און געטריישאַפט ווי עס ווערט געפירט ביז איצט.

דזשאַן און אסתר ווייס

---

אונזער האַרציקסטע באַגריסונג און בעסטע וואונטשן צום 25־יאָריקן יובל פון אונזער ברענטש 611 אַרבעטער־רינג. און פאַר אַ פרייער סאָציאַליסטישער וועלט.

אַבראַם און עלאַ שמוים

---

אַלס איינער פון די גרינדער פון ברענטש 611 אַרבעטער־רינג באַגריס איך אונזערע פירער און מיטגלידער פון ברענטש. זאָל די משפחה אין ברענטש ווערן וואָס גרעסער.

א. קליין

## באַגריסונג פֿון די 4 ברידער אַש, גרינדער פֿון ברענטש

מיר באַגריסן אונזער ברענטש 611 אַרבעטער־רינג צום 25־יאָריקן יובילעאום.

זאָל די אַרבעט וועלכע די פירער פון ברענטש גיבן אַוועק אַזוי פיל צייט און מי, געקרוינט ווערן מיטן גרעסטן דערפאָלג. מיר דריקן אויס אונזער צופרידנקייט מיט דער גרויסער אַרבעט וועלכע דער ברענטש האָט אונטערגענומען, אַרויסצוגעבן דאָס יובילײ־בוך, וואו ס׳ווערט פאַרשריבן די אָפּגעטאָנענע אַרבעט סיי פון ברענטש און סיי פונם פאַרגאַנגענעם לעבן פון אונזער געבוירן־שטאָט קרושנעוויץ.

מיט גרוס,

דזשעק, עליאַש, סאַלאָמאָן און דזשאָרדזש אַש

---

אַלס איינער פון די גרינדער פון ברענטש באַגריס איך די פירער און טוער פון ברענטש, וועלכע גיבן אָפּ אַזוי פיל מי און אַרבעט, אַז ס׳איז באמת אַ שטאָלץ און כבוד צו געהערן צו אונזער טייערן ברענטש 611 אַרבעטער־רינג.

דאָס בוך וואָס דער ברענטש גיט אַרויס צום 25־יאָריקן יובילעאום איז אויך אַ באַווייז אויף דער גוטער און איבערגעגעבענער אַרבעט, וואָס עס איז דורך די פירער מיט דער הילף פון אַלע מיטגלידער אַריינגעלייגט געוואָרן.

זאָל די קומענדיקע אַרבעט אין ברענטש ווייטער געפירט ווערן אין דעם זעלבן גייסט און איבערגעגעבנקייט.

מיט גרוס,

סעם (שואל) און גאָלדע קאַופמאַן

מיר באַגריסן די טוער און פירער פון ברענטש 611 אַרבעטער־רינג און אויך אַלע מיטגלידער צום 25־יאָריקן יובילעאום פון ברענטש.

זאָל דער ברענטש ווייטער אָנגיין מיט זיין גוטער אַרבעט און אויף זיין שטייגער זיין דערפאָלגרייך, און ווי פריער איינצו־פ׳אַנצן די פאַמיליאַרע באַציאונג פון איין מיטגליד צום צווייטן.

סעם יאַנאָוויץ און פרוי,

מאַרים און עטל יאַנאָוויץ,

גרינדער פון ברענטש.

---

איך בין אַריין אין אַרבעטער־רינג אין יאָר 1914, צוזאַמען מיט אַ גרופּע פון 15 מענטשן האָבן מיר זיך אָנגעשלאָסן אין ברענטש 272 אַרב. רינג. ווען די קאָמוניסטן האָבן אָבער אָנגעהויבן די אַרבעט פון פאַרכאַפּן דעם אַרבעטער־רינג, און האָבן פאַרכאַפּט דעם ברענטש, בין איך אַרויס פון דעם ברענטש און מיט אַ גרופּע וועלכע איז אויך אַרויס פון ברענטש 272 אַריין אין ברענטש 225.

ס׳איז אין יענער צייט פאָרגעקומען דער שטרייט פון די טאָ־מאַס־סאָציאַליסטן און רעכטע סאָציאַליסטן. דער קאַמף האָט זיך אַזוי צעפלאַקערט, אַז ס׳איז פשוט געקומען צו פערזענלעכע רייסע־רייען. עס איז אַזוי ווייט דערגאַנגען אַז דער ברענטש איז צע־שפּאָלטן געוואָרן, און איך בין אַ געוויסע צייט געווען אַ מיטגליד עט לאַדזש. וועלנדיק אָבער געהערן צו אַ ברענטש, האָב איך אויסגעקליבן דעם ברענטש 611 אַרבעטער־רינג, צו וועלכן איך געהער איצט. ווייל איך טאָקע צו דעם 25־יאָריקן יובל פון ברענטש באַגריסן די טוער און פירער, און זאָל די אַרבעט פון ברענטש זיין וואָס מער דערפאָלגרייך.

דזשאַן און סאָפי טאַראַנסקי

---

איך באַגריס אַלע חברים פון ברענטש 611 אַרבעטער־רינג, לכבוד דעם 25־יאָריקן יובילײ.

זאָלן מיר אַלע דערלעבן אַ פרייע סאָציאַליסטישע וועלט.

ישראל סינאַוויץ און פאַמיליע

דער יובל פון 25 יאָר אַרבעט פון אונזער ברענטש 611 אַר־בעטער־רינג איז אַ גרויסער צושטייער צום געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן אין אַמעריקע.

אַלס אַ נייער מיטגליד פון ברענטש באַגריס איך די טוער און פירער פון ברענטש און ווינטש אַז זיי זאָלן ווייטער פירן די אַרבעט פון בר. דערפאָלגרייך.

קלמן סאמעלסאָן און פאַמיליע

---

זאָל דער 25־יאָריקער יובילעאום פון ברענטש, צוגעבן נאָך מער מוט און אַספּיראַציע, אויף ווייטער אָנצוהאַלטן דעם גייסט און אידעאישע שטרעבונגען אין וועלכע דער ברענטש ווערט געפירט.

מיט גרוס, פנחס מאַקאָווסקי

---

האַרציקע באַגריסונג צום 25־יאָריקן יובל פון אונזער ברענטש 611 אַרבעטער־רינג.

מיט בעסטע גרוסן,

דזשאַרדזש און בערטאַ ראַזען

---

מיר באַגריסן אונזער ברענטש 611 אַרבעטער־רינג צום יום־טוב פון אַ פערטל יאָרהונדערט פון זיין עקזיסטענץ.

מיט פריינטלעכן גרוס,

דזשוליוס און בערטאַ לאַנגער

---

אַ חברשן גרוס צו די פירער, און אַלע מיטגלידער פון אונזער ברענטש 611 אַרבעטער־רינג, זאָלן אויך די קומענדיקע יאָרן פון אַרבעט אין ברענטש געקרוינט זיין מיט דערפאָלג.

גרשון ראַגאָווי

---

מיין האַרציקסטע באַגריסונג צו מיינע קרושנעוויצער לאַנדס־לייט צו זייער 25־יאָריקן יובל פון ברענטש 611 אַרבעטער־רינג. זאָל דאָס בוך וועלכעס איר גיט אַרויס לכבוד דעם יום־טוב זיין אַ כאַנומענט פאַר אונזערע אומגעקומענע קדושים.

מיט דרך־ארץ,

העגרי אַפּעל — לאָס־אַנדזשעלעס

## אַ גרוס צו מיינע קרושנעוויצער לאַנדסלייט

איך באַגריס מיינע קרושנעוויצער לאַנדסלייט פון ברענטש 611 אַרבעטער־רינג, וועלכע האָבן צום 25־יאָריקן יובל פון ברענטש באַשלאָסן אַרויסצוגעבן אַ בוך וואו ס׳וועט אויך פאַראייביקט ווערן דאָס פאַרגאַנגענע לעבן פון די קרושנעוויצער יידן.

איך האָב די גאַנצע צייט געהאָפט אַז עס וועלן זיך אויך גע־פינען מענטשן פון מיין געבוירן־שטעטעלע וועלכע וועלן אין אַ פנקס פאַרשרייבן די שרעקלעכע יסורים פון דער יידישער באַפעל־קערונג פון אונזער שטאָט, וועלכע האָבן אויך געליטן פון די נאַצי־הענקער.

און אויב עס וועט אין דעם בוך וואָס איר גיט אַרויס כאָטש זיין אַ ביסל פון דעם פאַרגאַנגענעם יידישן לעבן, ווי אויך די צרות און ליידן וועלכע די נאַצי־רוצחים האָבן אָפּגעטאָן מיט אונזערע נאָענטסטע, וועט דערמיט אויסגעדריקט ווערן דער טרויער און האַרצווייטיק פון אונז, לעבן־געבליבענע.

זאָלן געבענטשט זיין די הענט וואָס האָבן אונטערגענומען אָט די אַרבעט. און זאָל אייער אַרבעט פון אַרויסגעבן דאָס בוך גע־קרוינט ווערן מיט דערפאָלג.

רינאָ, נעוואַדאַ. הרב צבי אברהם טאַרלאָו

---

**מיין האַרציקע באַגריסונג צו אייער יום־טוב, דעם 25־יאָריקן יובילײ פון ברענטש 611 אַרבעטער־רינג.**

**זאָל אייער וויכטיקע אַרבעט וועלכע איר האָט אונ־טערגענומען מיטן אַרויסגעבן דאָס יובל־בוך געקרוינט זיין מיטן גרעסטן דערפאָלג.**

בען עפשטיין

ברידזשפאָרט, קאָנן.

## באַגריסונג פון די מיטגלידער פון ברענטש 611 אַרבעטער־רינג
## צום 25־יאָריקן יובל פון ברענטש

אַבע, הערש
אַלטער, מאיר דוד
אַלטער, ריווא
אַש, דזשעק
אַש, עליאַש
אַש, דזשאָרדזש
אַש, סאַלאָמאָן
איצקאָוויטש, יוסף
באַום, דוד
באַום, יעטאַ
באַום, דינה
בערקאָוויטש, בערנאַרד
בערקאָוויטש, פעלאַ
געלערנט, הענעך
גאָסטינסקי, שלמה
גאָלדבערג, סעידי
גאָלדבערג, הערי
גאָלדשטיין, הערמאַן
גאַסטאָן, אוירווינג
דיאָגענעס, אַלעק
דיאָגענעס, מרים
דרעסקין, היימאַן
הערץ, שלום
האָפמאַן, סעם
הילקאָוויטש, יעקב
ווייס, שמואל
ווייס, פלאָראַ
ווייס, דזשאָו
ווייס, אסתר
ווינאָגראַנד, אברהם
וואַגנער, דזשעק
זאַלצמאַן גרשון
זאַלצמאַן, מנוחה
זאַלצוואַס, פרידאַ
טייטעלבאַום, בנימין
טייטעלבאַום סילוויאַ
טאַראַנסקי, דזשאַן
טאַראַנסקי, סאָפיאַ
טאַבאַטשינסקי, נאַדיאַ
יאַנאָוויץ, סעם
יאַנאָוויץ, מאָריס
יאַנאָוויץ, עטל
לאַנגער, דזשוליוס
לאַנגער, בוירטאַ
לעווין, ראַלף
מייראָוויטש, אברהם
מייראָוויטש, חיהלע
מאַקאָפסקי, פנחס
מאָטיל, ישכר
מאָטיל, זיסל
מאָרדקאָפסקי, אברהם
מיגדאַל, אברהם
מאָסקאָוויטש, מאַקס
מילאָסיערני, פעליקס
מילאָסיערני, יהודא
סימען, לואי
סימען, דאָראַ
סאָמעלסאָן, קלמן
יאָסעלסאָן, פייגע
סטיין, איזידאָר
סטיין, דזשעני
סינאָוויץ, ישראל
פודלאָווסקי, זלמן
פאָזנער, מיכאל
פאָזנער, בלימא
פרוכט, אַברהם
קעי, דזשעק
קעי, בעס
קלינג, לאַזאַר
קאַפקאַ, סעם
קאַפקאַ, מיני
קאַפקאַ, מיכאל
קאַפקאַ, גוטא
קאַופמאַן, סעמועל
קאַופמאַן, גאָלדע
קליין, אברהם
קריגער, משה
קלאָסקי, אברהם
ראָזענטאַל, מאַקס
ראָזענטאַל, אוירווינג
ראָזענטאַל, קלעיר
ראָזען, גרשון
ראָזען, בערטאַ
ראָגאָווי, גרשון
ראַבינאָוויטש עליעזר
ראַבינאָוויטש, צעשאַ
רעטצקער, יוסף
שוואַרץ, לעווין
שוואַרץ, העלאַ
שיינבערג, משה
שעפנער, ברוך
שמויס, אַבראַם
שניידער, סעמועל
שניידער, מערי
שופאַק, אוירווינג
שופאַק, לאַנאַ.

*Greetings . . .*

**Local #9, I.L.G.W.U.**

LOUIS HYMAN, *Manager*
ABE ZIERLIN, *Chairman*

---

*Greetings . . .*

**AMALGAMATED GARMENT WORKERS' UNION**
**LOCAL 10, I.L.G.W.U.**

ISIDORE NAGLER, *Manager*
HARRY SHAPIRO, *Chairman*

---

*Greetings . . .*

**SKIRT MAKERS' UNION, LOCAL #23**
**I.L.G.W.U.**

JACOB GOLDMAN, *Chairman*
LOUIS REISS, *Manager-Secretary*

---

*Greetings . . .*

DESIGNERS' GUILD
Local 30, I.L.G.W.U.

I. KANNER, *President*
BENJAMIN MOSER, *Exec. Mgr.*

*Greetings . . .*

**CLOAK SKIRT PRESSERS' UNION,**
**LOCAL 35 I.L.G.W.U.**

J. BRESLAW, *Manager*
M. COOPERMAN, *Chairman*

---

*Greetings . . .*

**ITALIAN CLOAKMAKERS' UNION**
**LOCAL 48 I.L.G.W.U.**

EDWARD MOLISANI, *Manager*
MATTEO DONZELLA, *Chairman*

---

*Greetings . . .*

BUTTONHOLE MAKERS UNION,
Local 64, I.L.G.W.U.

ISIDORE SCHIFFMAN, *Manager*

---

*Greetings . . .*

EXAMINERS & FLOOR WORKERS UNION
Local 82, I.L.G.W.U.

CHARLES BERNSTEIN, *Manager*

*Greetings . . .*

**OFFICE & DISTRIBUTION EMPLOYEES' UNION**

Local 99, I. L. G. W. U.

LOUIS DWORKIN, *Manager*

---

*Greetings . . .*

**LOCAL 102, I.L.G.W.U.
CLOAK & DRESS DRIVERS' & HELPERS' UNION**

SAM BERGER, *Manager*

---

*Greetings . . .*

**THE UNITED CLOAK, SUIT, INFANTS' & CHILDRENS' COAT OPERATORS & SAMPLEMAKERS' UNION' LOCAL 117, I.L.G.W.U.**

BENJAMIN KAPLAN, *Manager*
RUBIN ZUKERMAN, *Cairman*

דעם הײליקן אָנדענק פֿון די נאָענטסטע פֿאַרשטאָרבענע און אומ־
געקומענע פֿאַמיליעס פֿון אונזערע מיטגלידער זײַנען געווידמעט די ווײַטערדיקע זײַטן פֿון דעם בוך. דער גרעסטער
טייל פֿון אונזערע נאָענטסטע קרובים איז דורכגעגאַנגען
דעם גיהנום פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה און איז
אויף אַן אַכזריותדיקן אופֿן געפּייניקט, פֿאַרברענט
און לעבעדיק באַגראָבן געוואָרן דורך די דײַטשע
נאַצי־רוצחים. דער לעצטער קרעכץ פֿון די פֿאַר־
פּייניקטע הערצער פֿון אונזערע עלטערן,
ברידער, שוועסטער און קינדער איז אָפּ־
געהאַקט געוואָרן. זאָל די אָנדענק־אָפּ־
טיילונג מיט די בילדער זײַן די
מצבה אויף זייערע אומבאַקאַנ־
טע קבֿרים.

מיר, די פיר זין פון אונזערע טייערע עלטערן, אונזער יונג־פאַרשטאָרבענעם פאָטער **אברהם** און מוטער **דבורה**. פאַרהייליקן מיר זייער אָנדענק מיטן דערמאָנען זייערע נעמען אין דעם יובל־בוך.



די ברידער דזשעק, עליאַש,
סאַלאָמאָן און דזשאָרדזש אַש

# קויאַווסקי פאַמיליע פון קרושנעוויץ



לייב חנה איטע



אהרן



יאַראַ

אין הייליקן אָנדענק פון אונזער טייערער פאַמיליע,
פאָטער לייב און מוטער חנה איטע,
ברודער אהרן מיט זיין פרוי יאַראַ,

# קויאַווסקי פאַמיליע פון קרושנעוויץ



פריידע רחל



אברהם און שיינע רבקה

שוועסטער **פריידע רחל** מיט איר מאַן, אויך **שיינע רבקה** מיט איר מאַן **אברהם**, וועלכע זיינען אומגעבראַכט געוואָרן פון די דייטשישע נאַצי־באַרבאַרן.

זאָל די דערמאָנונג זיין די מצבה אויף זייערע אומבאַקאַנטע קברים.

**מאָריס** און **דזשעק קויאַווסקי** (קעי)

ניו־יאָרק און לאָס־אַנדזשעלעס.

---

אין הייליקן אָנדענק פון מיינע עלטערן

מיין פאָטער **אברהם** און מוטער **רחל**,

מיין שוועסטער **חנה זיסע**, מיט איר מאַן **אהרן סימאָן**.

זאָל די דערמאָנונג זיין די מצבה אויף זייערע אומבאַקאַנטע קברים.

ניו־יאָרק. **מיכאל קאַפקאַ**

# פאַמיליע יאַנאָוויץ



אין אָנדענק פון אונזער פאַמיליע:

אונזער פאָטער **איטשע יאַנאָוויץ**, געשטאָרבן דעם 4־טן פעברואַר 1944;

שוועסטער **מאַלי עווענס**, געשטאָרבן דעם 25־טן יולי 1940;

ברודער **פישל**, געשטאָרבן דעם 24־טן פעברואַר 1949;

שוואָגער **דוד גרינבוים**, געשטאָרבן דעם 24־טן סעפּ־טעמבער 1950.

מיר וועלן אייך אייביק טייער האַלטן אין אונזער זכרון.

פאַמיליע יאַנאָוויץ

ניו־יאָרק.

# פאַמיליע מילאָסיערני פון קרושנעוויץ


רחל


חנה

אַנשטאָט אַ מצבה אויף די אומבאַקאַנטע קברים פון אונזער טייערער פאַמיליע:

פאָטער **מלך** און מוטער **חנה**,

שוועסטער **רחל**,

וועלכע זיינען אומגעבראַכט געוואָרן פון די דייטשישע נאַצי־מערדער.

כבוד זייער אָנדענק.

אין טרויער פאַרבליבענע זון און ברודער

**פעליקס** און **יהודה מילאָסיערני**

ניו־יאָרק

# עלטערן פון דער פאַמיליע שוואַרצבאַרד





אין הייליקן אָנדענק פון אונזערע עלטערן,

אונזער פאָטער **זלמן שוואַרצבאַרד**, געשטאָרבן אין יאָר 1928,

און מוטער **רבקה**, געשטאָרבן אין יאָר 1946.

מיר וועלן אייך טייער האַלטן אין אונזער זכרון.

אייערע קינדער

SHIE, JACK, BARNET, HARRY, ROSE,
FRIEDA and SAHA SCHWARTZBARD

*Los Angeles, Cal.*



אין אָנדענק פון מיין אומגע־
קומענע שוועסטער בלומה מיט
איר מאַן.

זאָל די דערמאָנונג זיין די
מצבה פאַר מיינע טייערע,
וועלכע זיינען דורך די דייטשי־
שע נאַציס אומגעבראַכט געוואָרן.

דזשאָו האַדעס

לאָס אַנדזשעלעס, קאַל.

---

אין הייליקן אָנדענק פון מיין טייערע פאַמיליע וועלכע איז אומ־
געבראַכט געוואָרן פון די דייטשישע נאַצי־באַנדיטן.

זאָלן די ווערטער זיין די מצבה אויף זייערע אומבאַקאַנטע קברים.

לאָס אַנדזשעלעס　　　יונה סטריקאָוו



---



אין אָנדענק פון מיין ליבער
מוטער טויבע לאה אַפּעל.

זאָל דאָס זיין די מצבה אויף
איר אומבאַקאַנטן קבר.

הענרי אַפּעל

לאָס אַנדזשעלעס, קאַל.

# די עלטערן פון דער פאַמיליע אַלטער
# אין וולאָצלאַוועק





אין הייליקן אָנדענק פון אונזערע טייערע און ליבע עלטערן

## יצחק לייב און צירל אַלטער

וועלכע זיינען געשטאָרבן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה.

זיי האָבן שוין נישט באַזיין צו צוזען דעם גרויסן חורבן, וואָס די דייטשישע נאַצי־מערדער זיינען באַגאַנגען קעגן יידישן פאָלק אין אייראָפּע.

די מצבות זייערע זיינען פון די דייטשישע רוצחים פאַרניכטעט געוואָרן.

זאָלן די פאַר ווערטער זיין די מצבה פאַר אונזערע פאַרשטאָר־בענע פאָטער און מוטער.

כבוד זייער אָנדענק.

„יצחק לייב, צירל אַלטער פאַמיליע סוירקל“

ניו־יאָרק

# שוועסטער און ברידער פון דער פאַמיליע
# אַלטער אין וולאָצלאַוועק

אָנשטאָט אַ מצבה צו אונזערע ברידער און שוועסטער, שוואָגערס און שוועגערינס מיט זייערע קינדער און דער גרויסער פאַרצווייגטער פאַמיליע, וועלכע זיינען צוזאַמען מיט די זעקס מיליאָן יידן אומגעבראַכט געוואָרן פון די דייטשישע נאַצי־באַרבאַרן.


משה הערש

ברידער **משה הערש** מיט זיין פרוי,
**בעריש** מיט זיין פרוי יוכבד,
שוועסטער **רייסיע** מיט איר מאַן
מיכאָל,
**איטע** מיט איר מאַן **יוסף**,
**דבורה** מיט איר מאַן **משה יהודה**,
**אַנדזשיאַ** מיט איר מאַן **אַברהם**

און אַלע זייערע קינדער, וועלכע זיינען אַזוי יונג פאַרשניטן געוואָרן.

כבוד זייער אָנדענק.


רייסיע דבורה


אַנדזשיאַ

# פאַמיליע פאַלושאַק פון וולאָצלאַוועק



משה אברהם　　　　　　　　　　אסתר



ליה מיט איר מאַן

אָנשטאָט אַ מצבה פאַר מיינע ליבע און טייערע עלטערן, שוועסטער און ברודער, מיין פאָטער **משה-אברהם פאַלושאַק**, געשטאָרבן אין יאָר 1933, מיין מוטער **אסתר**, אומגעקומען דורך די נאַצים,

מיינע שוועסטער **פייגע פאַלאָ**, געשטאָרבן אין יאָר 1922,

**שפרה**, געשטאָרבן אין יאָר 1927 איר זון אומגעקומען דורך די נאַצים,

**לאה** מיטן מאַן, זייער זון און טאָכטער, אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַצים,

# פאַמיליע פאַלושאַק פון וולאָצלאַוועק



שרה　　　　יחיאל מאיר

יחיאל מאיר מיט זיין פרוי שרה און זייער זון, וועלכע זיינען אויך דער־מאָרדעט געוואָרן דורך די נאַצים.

כבוד זייער אָנדענק.

חנה אַלטער (פאַלושאַק)

---



אין אָנדענק פון מיין טייע־רער חברטע און פריינדין לאה צווילינג טעטיק געוועזן אין „בונד" אין לאָדזש, אַקטיווע טוערין פון דער געזעלשאַפט „האַרפע". טראַגיש אומגע־בראַכט געוואָרן דורך די נאַ־צים אין דער שטאָט מעץ, עלזאַס לאָטערינגען. (פראַנק־רייך).

כבוד איר אָנדענק.

ריוואַ אַלטער



אין אָנדענק פון אונזער קאָ־זין לייבוש פלאַטאָ, אומגעקו־מען דורך אַן אויטאָמאָביל־קאַטאַסטראָפע, פאָרנדיק צו אַ לוויה פון אַ קרוב אין אַפּריל 1926 אין ניו־יאָרק.

כבוד זיין אָנדענק.

סאַול לענט
און ריוואַ אַלטער
ניו־יאָרק.

# עלטערן און פאַמיליע
# פון ריווא אַלטער (אישאַיעוויטש) פון שערפּץ



שפרה ביי דער מוטערס קבר



ליפשאַ טאָנה

אין הייליקן אָנדענק פון מיינע ליבע און טייערע עלטערן,

מיין פאָטער **שמואל לייב** און מוטער **ליפשאַ טאָנה אישאַיעוויטש,**

געשטאָרבן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה.

מיינע ברידער **יעקב הערש** מיט זיין פרוי **חיה שרה,**

**מאיר ישראל** מיט זיין פרוי **חנה,**

שוועסטער **ניכה** מיט איר מאַן **הענעך,**

**שפרה** מיט איר מאַן **אידל**

און אַלע זייערע קינדער, מיט דער גרויסער, פאַרצווייגטער פאַמיליע, וועלכע זיינען דורך די דייטשישע היטלער־רוצחים אומגעבראַכט געוואָרן.

זאָל די דערמאָנונג זיין די מצבה פאַר די נאָענטסטע מיינע.

כבוד זייער אָנדענק.

**ריוואַ אַלטער** (רבקה אישאַיעוויטש)

ניו־יאָרק



אין הייליקן אָנדענק פון מיין יונג־פאַרשטאָרבענער

**ב ע ק י**

און טייערע מוטער פון די קינדער אירווינג און ריימאָנד.

כבוד איר אָנדענק.

ניו־יאָרק — איזידאָר סטיין

---

אין הייליקן אָנדענק פון מיין פאַרשטאָרבענער פרוי בערטאַ, וועלכע מיר וועלן קיינמאָל נישט פאַרגעסן. ערע איר אָנדענק.

אברהם קליין,

און די קינדער סעראַ און רובין.

ניו־יאָרק.

---

צום אָנדענק פון אונזער טייערער טאָכטער

**פ י י ג ל**

געשטאָרבן דעם 18־טן פעברואַר 1929. מיר וועלן זי קיינמאָל נישט פאַרגעסן. כבוד איר אָנדענק.

ניו־יאָרק. — ישראל סינאַוויץ, פרוי און פאַמיליע

# פאַמיליע ראָזענטאַל פון וולאָצלאַוועק



אין אָנדענק פון אונזערע טייערע עלטערן און פאַמיליע.

אונזער פאָטער אַברהם און מוטער חיה שרה,

שוועסטער פעסאַ,

הינדאַ מיט איר מאַן אליעזר, און קינד,

איטע, מיט איר מאַן און אסתר,

וועלכע זיינען אומגעקומען דורך די דייטשישע נאַצי־רוצחים.

זאָל די זייט אין דעם בוך זיין די מצבה אויף זייערע אומבאַקאַנטע קברים.

מאַקס און אירווינג ראַזענטאַל

ניו־יאָרק.

# בלענטש ראָזענטאַל



אין הייליקן אָנדענק פון אונזער יונג־פאַרשטאָרבענער און טייערער

## בלענטש ראַזענטאַל

איר פיינער כאַראַקטער און ליבלעכער שמייכל, די צאַרטע
פריינטשאַפט, וועלכע זי האָט צו יעדן איינעם אַרויסגעוויזן
קאָן נישט פאַרגעסן ווערן.

## מאַקס ראַזענטאַל

שוועסטער: חוה קריגער און זיסעלע מאַטיל

ניו־יאָרק



אין הייליקן אָנדענק פון מיין פרוי רחל, וועלכע איז אומגעקומען דורך די דייטשישע מערדער אין די גאַז־קאַמערן פון כעלמנאָ (פוילן) אין יאָר 1942 אין עלטער פון 52 יאָר. געוועזן אַקטיוו אין דער פּיעטר־קאָווער און לאָדזשער אָרגאַניזאַציעס פון „בונד", שפּעטער בונדישער ראַטמאַן אין בעלכאַטאָווער שטאָט־ראַט.

מיין טאָכטער רבקה, אויסגעהויכט איר אָטעם אין דעם טויטן־לאַגער שטוטהאָף, אין פעברואַר 1945 אין עלטער פון 19 יאָר.

זאָל די דערמאָנונג זיין די מצבה אויף זייערע אומבאַקאַנטע קברים.

זלמן פּודלאַווסקי

---



אין אָנדענק פון מיין ברודער **דוד אַבע** און שוועגערין **פייגע** (יאַקובאָוויטש) וועלכע זיינען דורך די נאַציס פאַרשלעפּט געוואָרן קיין טאַרנאָוו, און דאָרט אומגעבראַכט געוואָרן.

ביידע אַקטיווע טוער פון וולאָצלאַוועקער „בונד".

כבוד זייער אָנדענק.

הערש אַבע

## נאַטאַן טאַץ



אַנשטאָט אַ מצבה אויף די אומבאַקאַנטע קברים פון מיינע טייערע עלטערן און פאַמיליע, מיין פאָטער שמואל טאַץ און מו־טער שרה, שוועסטער פייטשע מיט איר מאַן, מאַניאַ מיט איר מאַן און קינד מאַניעק, ברודער מעני, און מאַרעק מיט זיין פרוי און קינד.

מיין פעטער וואָלף און מומע עלאַ און מיין טייערע באַשאַ כודי, וועלכע איז אומגעקומען אין רוס־לאַנד.

ווי אויך מיין טייערן פעטער נאַטאַן טאַץ, דער קולטור־טוער און וועטעראַן פון „בונד" אין שערפּץ, וואָס איז געווען מיין דער־ציער דער גרינדער פון דער „אַלגעמיינער יידישער ביבליאָ־טעק" איינער פון די קעמפער קעגן אַנטיסעמיטיזם און אָנגעזעענער מענטש אין שטאָט. געווען באַליבט און געאַכטעט פון דער יידישער און פוילישער באַפעלקערונג. אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה געווען אין וואַרשעווער געטאָ און דורך די דייטשישע נאַציס אומגעבראַכט געוואָרן. כבוד זיין אָנדענק.

ניו־יאָרק — בינאַ (טאַץ) בערקאָוויטש

---

## פאַמיליע פאָזנער פון זשעראַדאָוו (פוילן)



אין אָנדענק פון מיין טייערער פאַמיליע, וועלכע איז אומגעבראַכט געוואָרן פון די דייטשישע נאַצי־באַנדיטן.

מיין פאָטער יעקב פאָזנער און מוטער רבקה, שוועסטער דבורה־מינדל, ברידער משה־מאיר, מנחם, אייזיק און דוד.

זאָל די דערמאָנונג זיין די מצבה פאַר מיינע נאָענטסטע, וועלכע זיינען אַזוי יונג אומגעקומען.

דער איינציקער איבערגעבליבענער פון דער פאַמיליע.

ניו־יאָרק. — מיכאל פאָזנער

# פאַמיליע פּרוכטענבוים פון וואַרשע



אין אָנדענק פון מיינע טייערע עלטערן און פאַמיליע:

מיין פאָטער נח פּרוכטענבוים, אומגעקומען דורך די דייטשישע נאַציס און מוטער ברכה (געשטאָרבן אין יאָר 1936), מיין ברודער יעקל מיט זיין פרוי פראַדל, שוועסטער חוה מיט איר מאַן יונה, רבקה מיט איר מאַן דוד, גיטל מיט איר מאַן און זייערע קינדער.

זאָל די דערמאָנונג זיין די מצבה פאַר מיינע עלטערן, שוועסטער און ברודער און זייערע קינדער, און דער גרויסער פאַרצווייגטער פאַמיליע, וועלכע זיינען אַזוי ברוטאַל אומגעבראַכט געוואָרן פון די דייטשישע נאַצי־מערדער.

כבוד זייער אָנדענק.

ניו־יאָרק. אברהם פּרוכט

---

# פאַמיליע אַלטשולער פון סקערניעוויץ

אין אָנדענק פון מיינע ליבע עלטערן, מיין פאָטער שימעלע אַלטשולער און מוטער רחל, מיין ברודער יעקב בער מיט זיין פרוי און צוויי קינדער און אַ ניי־געבוירן איינִיקל, וועלכע זיינען פאַר־שניטן געוואָרן דורך די נאַצי־מערדער.

זאָלן די עטלעכע ווערטער זיין די מצבה אויף זייערע אומבאַקאַנטע קברים.

כבוד זייער אָנדענק.

ניו־יאָרק סאַראַ פּרוכט (אַלטשולער)



מאַניאַ שוואַרץ



שרה הילער



בראָניאַ און מאָטעק טיגער



העניאַ שניצער



רוטאַ שניצער

אין הייליקן אָנדענק פון אונזערע טייערע פאַמיליעס, וועלכע
זיינען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די דייטשישע מערדער.
לעווין און העלאַ שוואַרץ, (הילער)

# טרויער אויסדרוק פאַר דער פאַמיליע טאַבאַטשניק
## פון וולאָצלאַווען

זאָל די דערמאָנונג פון די נעמען פון מיינע נאָענטסטע און טייערע וועלכע זיינען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די דייטשישע נאַצי־מערדער, זיין די מצבה אויף זייערע אומבאַקאַנטע קברים.

מיין מוטער **לאה**, מיין פרוי **רחל**, זון **מאָטעק**, טאָכטער **צביה**, מיינע שוועסטער **אסתר** (**כזשאַנסטאָווסקי**) און אירע צוויי קינדער, נאַנע מיט זייער מאַן **יעקב לישאַק** מיט זייערע צוויי קינדער, די ברידער **לייב**, און **מיכאל** מיט זיין פרוי **מאַניאַ**.

כבוד זייער אָנדענק.

אויסטראַליע. חיים טאַבאַטשניק

---

אין הייליקן אָנדענק פון מיינע עלטערן און פאַמיליע מיין פאָטער **הענעך בירקענפעלד** מוטער **בלומה**. מיינע ברידער **משה**, **אַריה** און **געצל**, וועלכע זיינען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַצי־באַנדיטן. זאָל די דערמאָנונג זיין די מצבה אויף זייערע אומבאַקאַנטע קברים.

אויסטראַליע. עווא (בירקענפעלד) טאַבאַטשניק

---

# טרויער אויסדרוק פאַר דער פאַמיליע שופאַק פון לאָדזש

זאין אָנדענק פון מיין טייערע פאַמיליע

מיין מוטער **מרים**,

מיינע שוועסטער **גאָלדע**, **חיה** און **שיינדל**

די ברידער **אברהם** און **שמואל**,

וועלכע זיינען אומגעקומען דורך די דייטשישע נאַצי־מערדער.

זאָלן די פאַר ווערטער זיין אַ דערמאָנונג אָנשטאָט אַ מצבה אויף זייערע אומבאַקאַנטע קברים.

ערע זייער אָנדענק.

ניו־יאָרק. אירווינג שופאַק

## טרויער־אויסדרוק פאַר דער פאַמיליע כזשאָנסטאָווסקי
## פון וולאָצלאַוועק

צום הייליקן אָנדענק פון מיינע ליבע און טייערע עלטערן און פאַמיליע, מיין פאָטער דוד פייוויש און מוטער מינדל. מיין פרוי אסתר רייזל, מיט די קינדער וואָלף און צעלינאַ, ברידער יעקב אָדם מיט זיין פרוי רעגינאַ און זון הערשעק, מאיר מיט זיין פרוי סאַלקאַ און די קינדער, כומא און שלמה, שיע מיט זיין פרוי רע־גינאַ און זייער טאָכטער צעלינאַ, די שוועסטער רויזע מיטן מאַן שמואל קאַראַ און זייערע קינדער דבורה, שרה און מאַרעק. מיין שוואָגער סימאָן קינדרייך (אומגעקומען אין פראַנקרייך).

און מיין גאַנצע פאַרצווייגטע פאַמיליע וועלכע די דייטשישע נאַצי־מערדער האָבן דורך אַזאַ אַכזריותדיקן טויט אומגעבראַכט. זאָל די דער־מאָנונג זיין די מצבה אויף זייערע אומבאַקאַנטע קברים.

כבוד זייער אָנדענק.

**משה און איצעק כזשאָנסטאָווסקי**
מאָנטרעאָל (קאַנאַדע)

---

אין אָנדענק פון אונזערע ביידנס משפּחות, אונזערע אַלטע טאַטעס יאָסל קאָרנבערג און מענדל ווייסברויט; דריי יונגע שוועסטער און אַ ברודער מיט ווייב און קינדער אין דער קאָרנבערג־פאַמיליע; פעטערס און מומעס מיט זייערע פאַרצווייגטע משפּחות, וואָס זיינען אומגעקומען אין פּולאָווו, אַ שטעטל ביי דער ווייסל צווישן וואַרשע און לובלין, מיט דער גאַנצער עדה יידן, אין דעם ערשטן יאָר פון דעם גרויסן חורבן אין וועלכן זעקס מיליאָן פון אונזער פאָלק זיינען פאַר־שניטן געוואָרן פון די היטלער־רוצחים.

זייער טויט, נאָך שווערע מאַטערנישן און יסורים, האָט איבער־געלאָזט אַן אומפאַרהיילטע וואונד אין אונזערע הערצער.

פלאָראַ און שמואל ווייס

# פאַמיליע הערץ

מיין פאָטער לייב, געשטאָרבן אין וואַרשעווער געטאָ אין צווייטן יאָר פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, מיין מוטער צירל, ברודער אברהם חנא און פרוי, שוועסטער מירל, איטע, העניע, אסתר און זייערע מענער און קינדער — געלעבט אין וואַרשעווער געטאָ ביזן אויפשטאַנד פון אַפּריל 1943 און אומגעקומען אין גרויסן חורבן פון אונזער פאָלק.

י. ש. הערץ

---

אין הייליקן אָנדענק פון מיינע טייערע עלטערן און פאַמיליע. מיין פאָטער הערש, (געשטאָרבן אין יאָר 1934), מוטער בלומה מרים. שוועסטער אסתר טאָבע, ניכא און לוטקא, ברידער יחיאל משה, יעקב לייב און שלמה זלמן, און מיינע שוואָגערס און שוועגערינס מיט זייערע קינדער, וועלכע זיינען אומגעקומען דורך די דייטשישע רוצחים זאָלן די דערמאָנטע נעמען זיין ווי אַ מצבה אויף זייערע אומבאַקאַנטע קברים.

כבוד זייער אָנדענק.

ניו־יאָרק — ישכר (סאַול) מאַטיל

---

אין הייליקן אָנדענק פון אונזער טייערער שוועסטער און שוועגערין

## בלענטש ראָזענטאַל

אויך ברודער און שוואָגער

## בערנאַרד גאָנשאָר

אייערע לעבנס־יאָרן זיינען אַזוי יונג איבערגעריסן געוואָרן. מיר וועלן אייך אייביק האַלטן טייער אין אונזער זכרון.

מאַריס און חוה קריגער

אין טיפֿן טרויער דערמאָנען מיר אונזערע חברים און פֿריינט, וואָס דער טויט האָט אַוועקגעריסן פֿון אונ־זערע רייען אין פֿאַרלויף פֿון דער צייט.

סעם ריטשעל, יוני 2, 1936.

חיים קאַנטאַראָוויטש, אויגוסט 18, 1936.

רובין קאַמינסקי, דעצעמבער 22, 1940.

מאָריס קאָהען, סעפּטעמבער 1, 1942.

בעקי סטיין, דעצעמבער 5, 1946.

האַרי גאָלדבערג, מאַי 30, 1947.

האַרי א. קוירש, מאַי 3, 1948.

היימאַן האַריס, מאַי 24, 1948.

העלען וויים, יוני 26, 1948.

בערטאַ קליין, יוני 21, 1948.

בלענטש ראָזענטאַל, אויגוסט 28, 1949.

יעקב דושעראָמסאָן, נאָוועמבער 27, 1949.

כבוד זייער אָנדענק.

# זוכצעטל

# בילדער